יאנאס טורקאוו

# דזשאָו פּאָול

(דער מענטש מיט א גרויס,
ווארעם הארץ)



בוענאָס איירעס — ניו־יאָרק

1959 — תשי״ט

# אינהאַלט

**
*

— 1 —

ס׳איז קיין ספק נישט: אַלע מענטשן, וואָס זענען אין משך פון דורות באַרימט געוואָרן, אין פּאָזיטיוון זין, און מ׳בענטשט זיך מיט זייער נאָמען, — האָבן זייער באַרימטקייט געווים פאַרדינט.

ס׳איז אָבער אויך נישט קיין ספק, אַז נישט ווייניק מענטשן, וואָס מיט זייער מוסטערגילטיקן לעבן, מיט גאָר גרויסע אויפטוען פאַר זייערע מיטמענטשן, האָבן זיי פאַרדינט, אַז זייער טאַט זאָל ווייט און ברייט מפורסם ווערן, — זענען געבליבן אומבאַקאַנט, אָדער, אין בעסטן פאַל, באַוווסט בלויז אין אַ באַגרענעצטן קרייז.

דאָס איז דער פאַל פון דעם אויסנעמלעכן מענטשן יוסף פּאַלי־וואָדאַ, אָדער ווי דער דאָזיקער לאַנגיעריקער פילאַדעלפיער תושב רופט זיך זינט אַ סך יאָרן, דזשאָו פּאָול.

אין פילאַדעלפיע גופא ווייסן וועגן אים „קינד און קייט"; און נישט נאָר אויף דער יידישער גאַס איז זיין נאָמען אַ שם־דבר, אויך די נישט־יידישע פילאַדעלפיע שאַצט הויך אָפּ זיינע אויפטוען, געבנדיק אים די פולסטע אָנערקענונג, ווי צו איינער פון די פאַר־דינפולסטע פערזענלעכקייטן אין דער קוואַקער־שטאָט.

דזשאָו פּאָול איז אָבער איינער פון די מערקווירדיקסטע מענטשן נישט נאָר אין פילאַדעלפיע, נאָר טאַקע בכלל. ער איז אין אַ געוויסער הינזיכט אַ יחיד במינו.

אין זיין פאַל באַשטעטיקט זיך אַן איבעריק מאָל, אַז גרויס־קייט פון אַ מענטשן און זיין באַרימטקייט מוזן נישט דווקא גיין האַנט אין האַנט. דזשאָו פּאָול איז אַ גרויסע פערזענלעכקייט, כאָטש ער איז פאַר דער ברייטער עפנטלעכקייט, אויסערהאַלב זיין שטאָט און זיין שטאָט, כמעט ווי נישט באַקאַנט. מ׳דערמאָנט זיך אפשר דאָ און דאָרט אין אַמעריקע דעם „מאָדערנעם שמשון הגבור", דעם יידישן אַטלעט, וואָס איז מיט יאָרן צוריק געווען אַ סענסאַציע אי־

נעם לאַנד, און וואָס ס'איז טאַקע דער זעלבער דזשאָו פּאָול; דער גרויסער מענטש אָבער, וואָס דאָס איז ווידעראַמאָל דזשאָו פּאָול, דאַרף נאָך ערשט אַנטפּלעקט ווערן פאַר אַמעריקע.

אָבער וואָס דאַרף מען אין אָט דעם פאַל פאַרשטיין ווי גרויס־קייט?

ראָמען ראָלאַן, דער אומשטערבלעכער מחבר פון „זשאַן קרים־טאָף", האָט זיך אַמאָל אויסגעדריקט: „איך אָנערקען בלויז איין מין גרויסקייט פון אַ מענטשן: ווען ער איז גרויס דורך זיין האַרץ, דורך זיינע נאָבעלע געפילן צו זיינע מיטמענטשן, אויסגעדריקט אין די־נאָמישער טאַט".

אָט די דעפיניציע פּאַסט זיך ווונדערלעך צו דזשאָו פּאָול, דעם אַלטרואיסט „פאַר עקסצעלאַנס".

— 2 —

די וועלט קען, און באַוווּנדערט, די הומאַניטאַרע טאַט פון דעם עלזאַסער וועלט־בירגער אַלבערט שווייצער, וואָס, זייענדיק באַ־רימט אין דער אַקאַדעמישער וועלט, ווי איינער פון די גלענצנדיק־סטע אוניווערזיטעט־פּראָפעסאָרן אין אייראָפּע, און אַ פילאָזאָף פון גאָר אַ הויכער מדרגה, וועמענס ביכער ס'זענען געווען, ווען דער־שינען, אַ געשעעניש אין דער אייראָפּעישער וועלט פון אינטעלעקט; און אויסער דעם, אַן ערשטראַנגיקער אינטערפּרעטירנדיקער מוזיק־קינסטלער, אפשר דער בעסטער אָרגל־שפּילער פון איצטיקן יאָר־הונדערט, — האָט ער אָט דאָס אַלץ פאַרלאָזן, אַוועק פון דער ציר־ווילַיזירטער אייראָפּע און האָט זיך באַזעצט אין קאַמבערלענע, אַ פאַרוואָרפענעם ווינקל אין צענטראַל־אַפריקע, ווו ער, דער דער־פאַרענער מעדיצין־דאָקטאָר און גלענצנדיקער כירורג, גיט אַוועק זינט מערערע יאָרן זיין צייט און זיין ענערגיע צו ברענגען היי־לונג אָדער, ווייניקסטנס, לינדערונג פון זייערע ליידן, צו די קראַנקע צווישן דער פּרימיטיווער באַפעלקערונג פון יענעם ווינקל פון פראַנ־צויזישן קאָנגאָ.

קיינער פון זיינע אַנדערע טאַלאַנטן און באַרופן האָט נישט

געגעבן אַלבערט שווייצערן באַרימטקייט אין דער מאָס, וואָס דאָס האָט באַוויזן אויפֿצוטאָן זיין הומאַניטאַרע טעטיקייט. שווייצער, דער ליבהאָבער פֿון דעם קאָנקרעטן, איינצלנעם מענטש, און נישט בלויז פֿון דער אַבסטראַקטער מענטשהייט, ווערט פֿיגורירן אין דער געשיכטע, ווי אַ לעבעדיקע פֿאַרקערפּערונג, ווי דער סימבאָל פֿון אַלטרואיזם.

„טו פּראָפּאָרסיאָן גאַרדע", זאָגן די פֿראַנצויזן. דאָס הייסט: מ'דאַרף אָפּהיטן מאָס און פּראָפּאָרץ. וויל איך דאָ נישט פּראָקלאַמירן דזשאָו פֿאָולן אַלס אַ צווייטן אַלבערט שווייצער. וואָס איך וויל אָבער דאָ ברענגען צום אויסדרוק, איז, אַז אין זיין, פֿאָולס, אויפֿפֿאַסונג פֿון זיין פֿונדאַמענטאַלער פֿליכט צו זיינע מיטמענטשן, איז דאָ אַן ענלעכקייט צו שווייצערס אַלטרואיסטישער גרונט-אַנשויאונג, און אַז אין זיין אופֿן צו אָרגאַניזירן זיינע אַזוי פֿאַרשיידנאַרטיקע טעטיקייטן אויפֿן געביט פֿון קאָנקרעטער מענטשן-ליבע, איז גאַנץ באַשטימט דאָ אַ ניצוץ פֿון דעם צוגאַנג פֿון דעם וועלט-באַרימטן עלזאַסער אַלטרואיסט צו דעם אופֿן ווי אַזוי זאַכן דאַרפֿן געטאָן ווערן.

פֿונקט אַזוי ווי שווייצער, איז אויך דזשאָו פֿאָול אַ פּראַקטישער אידעאַליסט. אויב ס'איז דאָ אַזאַ זאַך ווי פּרעדיקן דורך אייגענעם ביישפּיל, איז דזשאָו פֿאָול איר פֿולקאָמענע פֿאַרקערפּערונג.

— 3 —

שוין אַ סך יאָרן ווי דזשאָו פֿאָולס זומער-אַדרעס איז די טורמע פֿון שטאַט פּענסילווועניע, אין האַריסבורג. דאָרט פֿאַרברענגט ער דעם טאָג, און ווען ער פֿאַרלאָזט די תּפֿיסה, איז זיין גייסט באַשווערט דורך מענטשלעכע ליידן, טיפֿע און אָנצאָליקע; אָבער מער ווי איין אַרעסטאַנט דאָרט באַגעגנט דעם אָוונט מיט טיפֿערער, געלייטערטער מענטשלעכקייט אין זיין גייסט, און גאָר אָפֿט אויך מיט אַ שטראַל האָפֿענונג אויף אַ ליכטיקערער צוקונפֿט.

וואָס טוט דאָרט דזשאָו פֿאָול?

די הונדערטער אַרעסטאַנטן, יידן און נישט-יידן, וואָס ער האָט

ביז איצט, אַדאַנק דעם פֿולסטן צוטרוי, וואָס ער געניסט מצד דער טורמע־מאַכט און דעם „באָרד אָוו פּאַראָלס", אַרויסגענומען פֿון תּפֿיסה פ אַ ר דעם ענדיקן זיך פֿון זייער שטראָף־טערמין, און דאַן זיי, עקאָנאָמיש, געשטעלט אָדער זיי געהאָלפֿן זיך שטעלן אויף די פֿיס, — קענען אויף אַט די פֿראַגעס צום בעסטן ענטפֿערן.

זיי קענען דערציילן וועגן אַ לייכט־טורעם פֿון טיפֿער מענטשלעכקייט, וואָס דרינגט אַריין יעדן זונטיק, און נישט זעלטן אויך אין מיטן־וואָך, אין דער פֿינצטערניש פֿון זייער טורמע־עקזיסטענץ, און וואָס מאַכט דזשאָו פּאָולס אַריינקומען אין די „סטייט־פּעניטענשיאַרי" ד י געשעעניש פֿון דער וואָך, פֿאַרבונדן ביי אַזוי פֿיל אַרעסטאַנטן מיט האָפֿענונג פֿון תּחית־המתים, פֿון אָנהייבן אַ ניי, רעגענערירט לעבן.

דזשאָו פּאָול, מיט דעם געניטן אויג פֿון אַן עקספּערט, ווייס וועמען אויסצוקלייבן פֿאַר דעם געשפּרעך, פֿון וועלכן ס'הענגט אַזוי אָפֿט אַזויפֿיל אָפּ וואָס שייך דער ווייטערדיקער עקזיסטענץ פֿון דעם אָדער יענעם, וואָס קומט דאָרט אָפּ אַ שטראָף.

הערצער עפֿענען זיך פֿאַר אים; סודות, וואָס זייערע באַזיצער האָבן געהאַט פֿאַרבאַהאַלטן אין די טיפֿסטע טיפֿענישן פֿון זייער האַרצן, ווערן פֿאַר אים אַנטפּלעקט. און דזשאָו פּאָול ווערט דורכגעדרונגען מיט יענעמסליידן, מיט יענעמס צער, באַגרייפֿנדיק גאָר אָפֿט, אַז אייגנטלעך האָבן גאָר אין דעם אָדער יענעם פֿאַל געדאַרפֿט זיצן אין תּפֿיסה מענטשן, וואָס געניסן פֿון דער פֿולסטער פֿרייהייט, ווי בכבֿודיקע בירגער, כאָטש זיי טראָגן אין זייער באַוווּסטזיין דעם קין־צייכן.

אין אַזעלכע פֿאַלן וועט ער שוין „איבערקערן וועלטן" און דערגרייכן פֿון דעם „באָרד אָוו פּאַראָלס" די באַפֿרייאונג פֿון דעם אַנטשפּרעכנדיקן אַרעסטאַנט פ אַ ר ן טערמין. און ער, דזשאָו פּאָול, וועט אויך נישט רוען ביז ער וועט אַליין נישט האָבן אויפֿגעבויט יענעמס עקאָנאָמישע עקזיסטענץ, אָדער, וויניקסטנס, נישט האָבן אין אַ פֿולער מאָס צוגעהאָלפֿן, אַז זי זאָל ווערן אַ פֿאַקט. ער ווייס, אַז ער איז נישט אַליין אין אָט דער הייליקער אַרבעט; די טיפֿע סימפּאַטיע, וואָס ער האָט זיך אין משך פֿון לאַנגע יאָרן אַליץ מער

און מער דערוואָרבן אין זיין שטאָט און אין זיין שטאַט, איז אַ גאַראַנטיע אַז ווען און ווו ער וועט זיך נאָר ווענדן נאָך הילף פאַר אָט דעם צוועק, וועט ער נישט בלייבן מיט קיין אויסגעשטרעקטער האַנט. זיינע פריינט זענען צאָלרייך, און ער ווייס גענוי ווען, ווו און פאַר וואָס פאַר אַ ספּעציפישן אַלטרואיסטישן צוועק צו מאָביליזירן.

— 4 —

יוסף פּאָול, דער מיזאַמער, אַרבעטזאַמער קצב, וואָס דערפילט ווי ווייניק ווער דעם געבאָט פון „יגיעת כפיך כי תאכל", און וואָס שטייט אויף סיי זומער, סיי ווינטער, „ווען גאָט אַליין שלאָפט נאָך", כדי אָפּצוטאָן אַלע אַרבעטן, וואָס זיין פאַך פאַרלאַנגט, און זיי טאָן אויף אַ מוסטערגילטיקן אופן — אין זיין יאַטקע איז ריינער און ציכטיקער ווי אין מאַנכע אויפנאַם-זאַלן — איז באַשאָנקען געוואָרן דורך דער נאַטור מיט איינעם פון די זעלטנסטע טאַלאַנטן: דעם טאַלאַנט צו אָרגאַניזירן זיין צייט. מענטשן אין פילאַדעלפיע הערן זיך נישט אויף צו וווּנדערן: ווו נעמט ער צייט פאַר זיינע אַלע, אַזוי פאַרשיידנאַרטיקע טעטיקייטן?

דער ענטפער איז: ער איז אַ גלענצנדיקער צייט-אָרגאַניזירער, וואָס דאָס מיינט, אַז נישט נאָר פאַרטיילט ער זיין אייגענע צייט ראַציאָנעל, נאָר אַז ער באַווייזט אויך צו אָרגאַניזירן די צייט פון יענע אַלע, וואָס ער מוז מיט זיי קומען אין באַרירונג אויפן געביט פון זיינע פאַרשיידענע הומאַניטאַרע טעטיקייטן.

נאָר אַזוי דערקלערט זיך דער דערשטוינלעכער דערפאָלג פון זיינע באַמיאונגען אויף אַן אַנדערן געביט: זיין אומאויפהערלעכע זאָרג פאַר דעם וווילזיין פון נויטבאַדערפטיקע אַלטע לייט. און ווען איך זאָג „נויטבאַדערפטיקע", מיין איך עס נישט בלויז אין דעם מאַטעריעלן זין, נאָר אויך אין דער מאָראַלישער, גייסטיקער הינזיכט.

וועגן דזשאָו פּאָולס אויפטוען אין „זיין" מושב זקנים, דערציילט מען זיך אין פילאַדעלפיע אָן וווּנדער. נישטאָ די אַרבעט, די אָנשטרענגונג, וואָס זאָל זיין אונטער דעם „טשערמענס אָוו טהי

באָרד" כבוד. ס'איז דעריבער אויך נישטאָ דאָרט דער אַלטיטשקער אָדער די אַלטיטשקע, וואָס זאָל אים נישט פאַרגעטערן פאַר זיין אַזוי מענטשלעכן און דערצו אַזוי פאַרשטענדענישפולן צוגאַנג צו זיי. פאַר אים רעדן זיי זיך אַראָפּ פון האַרצן; אים פאַרטרויען זיי זייערע וויכטיקסטע סודות; פאַר אים אַנטפּלעקן זיי זייערע טיפסטע ווונדן אויפן געביט פון עלטערן־קינדער באַציאונגען; אים לאָזן זיי קריגן אַן אַריינבליק אין יענע דראַמאַטישע, און אָפטמאָל טראַגישע קאָנפליקטן, ווו אַלע זענען געריכט, און וואָס האָבן נישט איינעם פון זיי, טאַקע צוליב אָט דעם, געבראַכט אין מושב זקנים אַריין.

דזשאָו פּאָול קען, וואָס שייך דעם פאַרטרויען, וואָס ער געניסט מצד די תושבים פון „זיין" מושב זקנים, אָנווענדן אויף זיך דאָס פאָלקסווערטל „ווען איך וואָלט געהייסן צירעלע, און מיין האַרץ וואָלט געהאַט אַ טירעלע..."

זיין טיף פאַרוואָרצלט פליכט־געפיל צו די „איינוווינער" פון דער טורמע פון דעם פּענסילווועניאַ־שטאַט, איז ביי אים בלויז איינער פון די עמודי־האש, ווי אַ הומאַניטאַריער; זיין טיפע פאַרשטענדעניש פון דער „על תשליכני לעת זקנה"־פּראָבלעם, מיט העלפנדיקער טאַט, ווי אַ קאָנסעקווענץ, איז אַ צווייטער.

— 5 —

אַ דריטער איז זיין זאָרג פאַר קראַנקע, ספּעציעל פאַר אַזעלכע, וואָס קומען פון אויסלאַנד קיין פילאַדעלפיע זוכן רעטונג. אין אָט דער הינזיכט איז דזשאָו פּאָול אַ וואונדערלעכע פאַרקערפּערונג פון דער קאָמבינאַציע פון די באַגריפן, וואָס זענען אַזוי פּאָפּולער געווען אין דער אַלטער היים: לינת הצדק און ביקור חולים. פאַר אַזעלכע, פון אויסלאַנד געקומענע, קראַנקע מיט זייערע באַגלייטער, אַזוי שנעל ווי זיי דערוויסן זיך וועגן אָט דעם פּאַנען־טרעגער פון טיפסטער מענטשלעכקייט, — איז ער ממש אַ מלאך הגואל. אין דער נאָנטער מעקסיקע און אין דער ווייטער אויסטראַליע, צו נעמען צוויי ביישפּילן, ווערט זיין נאָמען יעדן טאָג געבענטשט פאַר דער מאָראַלישער (און נישט זעלטן אויך מאַטעריעלער) הילף, וואָס

ער האָט געגעבן קראַנקע מענטשן אין דער פֿאַר זיי ווילד־פֿרעמדער שטאָט, דורכן שיקן זיי צו די גרעסטע און באַרימטסטע דאָקטוי־רים־ספּעציאַליסטן, וואָס זיינע, דזשאָו פּאָולס, אַ רעקאָמענדאַציע איז פֿאַר זיי אַ באַפֿעל, וואָס זיי פֿירן גלייך און מיט דער גרעסטער וויליקייט אויס.

אין די פֿילאַזעלפֿיער שפּיטאָלן איז ער אַ ווילבאַקאַנטע און שטענדיק ווילקאָמענע פֿיגור, און פֿאַר אים עקזיסטירן דאָרט נישט די אָפֿיציעלע אויפֿנאַם־שעהן. צו יעדער צייט פֿון טאָג, אָונט אָדער נאַכט, קען דזשאָו פּאָול אַריינקומען צו „זיינע" קראַנקע, ווען ער באַגריסט שטענדיק מיט אַ האָפֿנונגספֿולן, אָפּטימיסטישן שמייכל אויף די ליפּן. ער ברענגט זיי שטענדיק דערמוטיקונג, ווי שווער אָדער געפֿערלעך זייער לאַגע זאָל נישט זיין.

מ'וואָלט געקענט צונויפֿשטעלן אַ בוך בלויז מיט דעם, וואָס אויסלענדער, וואָס זענען, ווי פּאַציענטן, דורך אים אויף אַזאַ אָדער אַנדער אופֿן מאָראַליש אַרויסגעהאָלפֿן געוואָרן אין דער שעה פֿון זייער גרויסער נויט און, נישט זעלטן, פֿון אָפּגרונט־טיפֿער פֿאַר־צווייפֿלונג. „מענטש צו מענטש — אַ ברודער", זעלטן ווען האָט עמיצער געבראַכט אָט דעם מאָראַלישן געבאָט צו אַזאַ פֿולער רעאַ־ליזירונג, ווי דזשאָו פּאָול, וועמענס הומאַניטאַרישקייט אויף דעם געביט פֿון זאָרגן פֿאַר קראַנקע דערגרייכט אָפּטמאָל צו דער „אויב נישט נאָך העכער"־מדרגה.

— 6 —

ביי אַזאַ סענסיביליטעט צו מענטשלעכעליידן און ביי אַזאַ שטאַרקן און טיפֿן אינערלעכן דראַנג צו טאָן אַלץ, וואָס ס'איז נאָר מענטשלעך מעגלעך צוצוטראָגן ז יי ןביישטייער זיי צו לינ־דערן, — איז נישט מער ווי נאַטירלעך דער פֿערטער גרונט־אַס־פּעקט פֿון דזשאָו פּאָולס פֿאַרצווייגטער אַלטרואיסטישער טעטי־קייט. דאָס איז דער קאַפּיטל, וואָס האָט צו טאָן מיט היטלער־פּליטים.

כאָטש קיין גענויע סטאַטיסטיק וועגן די פּליטים און זייערע פֿאַמיליעס, וואָס דזשאָו פּאָול האָט אַליין, דאָס הייסט מיט זיינע

אייגענע אָנשטרענגונגען אַריבערגעבראַכט קיין אַמעריקע; אָנ־שטרענגונגען, וואָס האָבן אים נישט זעלטן געצוווּנגען צו ווערן אַ שטאַרקער בעל־חוב און מער ווי איינמאָל צו היפּאָטעקירן זיין אייגן הויז, — זענען נישטאָ. מ׳קען אָבער אָן שום גוזמא באַהויפּטן, אַז זייער צאָל גייט אין די צענדליקער.

אָבער מיט דעם אַראָפּברענגען זיי קיין אַמעריקע, קאָנקרעטער גערעדט: קיין פילאַדעלפיע, ענדיקט זיך עס נאָך נישט מצד דזשאָו פּאָול. אַדאַנק זיינע, אָפטמאָל כמעט איבערמענטשלעכע אָנשטרענ־גונגען, איז דער ווייט־גרעסטער טייל פון זיי, מאַטעריעל, איינגע־אָרדנט געוואָרן. דאָס איז ווידעראַמאָל מעגלעך געווען אַדאַנק דער אויסערגעוויינלעכער מאָראַלישער אויטאָריטעט, וואָס ער געניסט אין אַלע קרייזן, וואָס האָבן אין אַט דעם ענין געקענט מיט עפּעס העלפן. דזשאָו פּאָולן האָט מען נישט געקענט אָפּזאָגן, ווייל אין פילאַדעלפיע ווייס מען, אַז ער איז נישט נאָר נאה דורש, נאָר טאַ־קע אויך אַ נאה מקים, און במילא איז ער באַרעכטיקט, נאָכמער ווי צו בעטן, צו פאָדערן מ׳זאָל אים העלפן אין זיין הילפסאַרבעט.

אָט די טראַדיציע פון זיך ווענדן צו אים מצד ניי־אָנגעקומענע אימיגראַנטן, וואָס שייך אַרבעט, איז געבליבן ביז צום היינטיקן טאָג. און דזשאָו פּאָול, אַזוי שנעל ווי ער דערפילט די מאָראַלישע לאַסט, וואָס דער אָדער יענער ניי־געקומענער און אַרבעט־זוכנדיקער אי־מיגראַנט, נישט דווקא אַ ייד, האָט אויף אים אַרויפגעלייגט, וועט ער שוין נישט רוען ביז ער וועט זיך פון איר נישט באַפרייען אויף דעם איינציקן אופן, וואָס ס׳איז פאַר אים, דזשאָו פּאָולן, פאַר־שטענדלעך און אָננעמבאַר: ביז ער וועט נישט האָבן געקראָגן פאַר יענעם אַרבעט, אַ מער־וויניק זיכערן „דזשאָב”.

אין יעדן איינצעלן פאַל פון מענטשלעכער נויט פילט זיך דזשאָו פּאָול עפּעס אַזוי ווי פּערזענלעך שולדיק און פּערזענלעך מיט־פאַראַנטוואָרטלעך. דערפאַר איז זיין הילפס־אַרבעט נישט קיין צדקה־ענין, זי האָט נישט אין זיך קיין שמץ פון פילאַנטראָפּישער באַציאונג. טיף אין זיין האַרצן איז ער דאַנקבאַר די, וואָס ווערן דורך אים געהאָלפן, פאַרן מאַכן לייכטער זיין שולד־געפיל.

אַן אַריינבליק אין דזשאָו פּאָולס אינערלעכן וועזן גיט אונדז אויף פאַרשיידענע זייטלעך פון דער פאַרליגנדיקער אויטאָריזירטער ביאָגראַפיע, איר מחבר, יאָנאַס טורקאָוו. אָט זענען צוויי כאַראַק־טעריסטישע ביישפּילן:

ווען דזשאָוס פאָטער איז אין 1904, נאָכן אויסברוך פון דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה, גערופן געוואָרן, ווי אַ רעזערוויסט, אין רוסישן מיליטער, און דער עלף־יאָריקער יוסף האָט געמוזט אַרויס־העלפן דער מוטער אין פרנסה,

„האָבן אָבער זיינע יונגע פּלייצעס נישט געפילט די שווערע משא, וואָס איז אויף אים אַרויפגעלייגט געוואָרן; פאַרקערט, ער האָט זיך געפילט דערמיט גדלותדיק. דאָס געפיל פון נוצלעכקייט האָט אין זיין יונגן מוח אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען אַן אייגנאַרטיקע טעאָריע: ער איז באַרופן צו העלפן מענטשן. דאָס דאָזיקע געפיל איז גע־וואָרן אין אים וואָסאַמאָל שטאַרקער און בולטער, אַזוי, אַז מיט דער צייט איז עס געוואָרן אַ גאַנץ געוויינלעכע דערשיינונג. ער האָט געחלומט וועגן אַ צייט, וואָס ער זאָל זיין ביכולת צו העלפן וואָס מער מענטשן; צו העלפן יעדן איינעם, וואָס וועט זיך נייטיקן אין הילף".

און אָט איז אַן עפּיזאָד, וואָס איז העכסט כאַראַקטעריסטיש:

דזשאָו פּאָול איז, פיזיש, געווען, און איז נאָך אויך איצט, אַן אַטלעט אין פולסטן זין פון וואָרט. ווי אַזאַ, האָט ער אויך פּראָפע־סיאָנעל טריאומפירט ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן, און איז גע־וואָרן באַרימט איבערן גאַנצן לאַנד.

האָט זיך געמאַכט, אַז אין די צוואַנציקער יאָרן האָט זיך מיט אים באַקענט און געקראָגן צו אים אַ גרויסע סימפּאַטיע דער באַ־וווסטער, שוין פאַרשטאָרבענער פילאַדעלפיער פילאַנטראָפּ און מע־צענאַט פליישער, דער גרינדער פון דער וועלט־באַרימטער „פליי־שער קונסט־קאָלעקציע", וואָס זיין נאָמען טראָגט איינע פון די באַ־רימטסטע פילאַדעלפיער אוידיטאָריעס.

פליישער איז געווען פאַרבונדן מיט הומאַניטאַרע אָרגאַניזאַ־

ציעס, וואָס האָבן באַצוועקט לייכטער צו מאַכן די דאָליע פון די אַרעסטאַנטן אין די טורמעס פון דער שטאַט און פון דעם שטאַט. ביי איינער פון אַט די געלעגנהייטן, דאָס הייסט אויף אַ פאָרשטע־לונג, איינגעאָרדנט דורך אַ הומאַניטאַרער אינסטיטוציע, וואָס ער, פליישער, איז געווען צווישן אירע אָנפירער, — איז אויפגעטראָטן דזשאָו פּאָול, וועלכער איז שוין צו יענער צייט געווען באַקאַנט אי־בער גאַנץ אַמעריקע ווי „דער מאָדערנער שמשון הגבור". דער מי־ליאָנער־פילאַנטראָפּ, וועלכער האָט בייגעוווינט אַט דעם אויפטריט און האָט געזען די אויסערגעוויינלעכע באַגייסטערונג, וואָס זיינע אַטלעטישע אויפטועכן האָבן אַרויסגערופן ביי די אַרעסטאַנטן, פאַר־שאַפנדיק זיי אומפאַרגעסלעכן נחת־רוח, — האָט נאָך דער פאָר־שטעלונג זיך געווענדט צו דעם טריאומפירנדיקן אַטלעט:

— און איצט, מיין ליבער דזשאָו, וויפל קומט אייך פאַר דער אויסערגעוויינלעכער פאָרשטעלונג?

אויף וואָס ער האָט געקראָגן פון דזשאָו פּאָול דעם פאָלגנדיקן, זייער כאַראַקטעריסטישן ענטפער, וואָס דערציילט אַזויפיל וועגן זיין, פּאָולס, נאָבעלן אינערלעכן וועזן:

— מיסטער פליישער, איך נייטיק זיך נישט אין קיין געלט. איר קענט עס אָוועקגעבן אויף וועלכן צוועק איר ווילט. פאַר מיר איז דאָס גרעסטע גליק, אַז איך קען פאַרשאַפן פרייד אומגליקלעכע מענטשן. און איך דאַנק אייך, מיסטער פליישער, וואָס איר האָט מיר געגעבן אַזאַ געלעגנהייט.

— 7 —

אָט אַזוי איז דזשאָו פּאָול, דער „מאָדערנער שמשון הגבור", דער אַטלעט, וואָס איז, ווי אַזעלכער, באַרימט געוואָרן אין דער לענג און אין דער ברייט פון אַמעריקע, גרויס נישט נאָר פיזיש, דורך זיין אימפּאָזאַנטער, אַטלעטישער פיגור; ער איז גרויס — און דאָס איז אַ סך, אַ סך וויכטיקער — דורך זיין האַרץ, דורך זיין נאָ־בעלן גייסט, דורך זיין איידעלער נשמה.

**דזשאָו פּאָול איז אַ גרויסער מענטש, ווייל ער אַנטשפּרעכט**

פולשטענדיק דער דעפיניציע, וואָס ראָמען ראָלאַן האָט געגעבן וועגן מענטשלעכער גרויסקייט; די וואונדערלעך איינגעגעבענע דע־פיניציע, וואָס איז ווערט, ביים סוף פון אָט די באַטראַכטונגען, נאָכאַמאָל ציטירט צו ווערן:

„איך אָנערקען בלויז איין מין גרויסקייט פון אַ מענטשן: ווען ער איז גרויס דורך זיין האַרץ, דורך זיינע נאָבעלע געפילן צו זיי־נע מיטמענטשן, אויסגעדריקט אין דינאַמישער טאַט".

אין דער איצטיקער פאַרמאַטעריאַליזירטער צייט פון אַלמעכ־טיקן „האָמאָ האָמאָני לופוס"-דיקן עגאָיזם, איז די דערשיינונג דזשאָ פאָול אַ לייכט-טורעם פון אמתער, טיפער מענטשלעכקייט. זיינע וואונדערלעכע אַלטרואיסטישע אויפטוען שטאַרקן דעם גלויבן אין מענטשן. זיין פראַקטישער אידעאַליזם אויפן געביט פון הומאַ־ניטאַרישקייט, איז אַ קערנדל, פאַרזייט אויף דעם באָדן פון די באַ־ציאונג פון מענטש צו זיינע מיטמענטשן; אַ קערנדל וואָס די פרוכט, וואָס עס מוז און וועט ברענגען, וועט זיך אויסדריקן אין אַ טיפע־רער אַריינדרינגונג אין אונדזער וועזן מצד דעם העכסטן מאָראַלישן געבאָט, וואָס הייסט: „מענטש צו מענטש — אַ ברודער".

סאַלאָמאָן קאַהאַן

# משפחה פּאַליוואָדאַ

יוסף פּאַליוואָדאַ — אַזוי האָט געהייסן דזשאָו פּאָול ביז׳ן קומען קיין אַמעריקע — איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1893 אין בענדין, רוסיש־פּוילן. ער איז געווען דער עלטסטער זון פון אַברהם־יצחק און שיינדל פּאַליוואָדאַ.

ווען דזשאָו פּאָול איז געבוירן געוואָרן, האָט בענדין געהערט צו דער פּיאָטריקאָווער גובערניע. דער יחוס פון בענדין ציט זיך נאָך פון 13טן יאָרהונדערט, ווען די שטאָט האָט געהערט צום קראָקעווער ראַיאָן.

אין 16טן יאָרהונדערט, ווען עסטרייך האָט אָנערקענט זיגמונט IV אַלס קעניג פון פוילן, איז בענדין איבערגעגעבן געוואָרן דער פוילישער מלוכה. ערשט בעת דער צעטיילונג פון פוילן, אין יאָר 1815, איז בענ־דין אַריבער צו רוסלאַנד.

די שטאָט בענדין איז געלעגן אויף דער אייזנבאַן־ליניע, וואָס האָט פאַרבונדן וואַרשע מיט ווין, גאַנץ נאָענט צו דער עסטרייכישער און דייטשישער גרענעץ.

בענדין האָט זיך קונה־שם געווען מיט איר גרויסער צינק־פאַבריק, וואָס האָט פּראָדוצירט איבער הונדערט טויזנט פּוד אַ יאָר, ווי אויך מיט איר רייכער געגנט פון קוילן־גרובן און אייזן־אינדוסטריע.

לויט דער געשיכטע פון דער שטאָט, האָבן יידן געוווינט אין בענדין שוין אין 17טן יאָרהונדערט, און מעגלעך — נאָך פריער. זייער צאָל האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן און איז דערגאַנגען אין 1939 יאָר צו 35.000 נפשות. אַזוי אַרום איז די יידישע באַפעלקערונג פון בענדין באַשטאַנען פון איבער 60 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער צאָל איינוווינער און גע־הערט צו די יידישסטע שטעט אין פוילן.

די יידן אין בענדין האָבן, מיט זייערע פעאיקייטן און דינאַמישקייט, אַ סך בייגעטראָגן צו דער אַנטוויקלונג און פאַרגרעסערונג פון דער שטאָט. צווישן דער ערשטער און צווייטער וועלט־מלחמה, דאָס הייסט ביזן חורבן,

איז בענדין געווען פאַררעכנט צו די אַקטיוווסטע יידישע קולטור־צענטערס אין פוילן.

בענדין האָט פאַרמאָגט אַ פּרעכטיקע יוגנט, וואָס האָט בימי היט־לער אַרויסגעוויזן גרויס מסירת־נפש. די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס פון בענ־דין האָבן פאַרשריבן אַ שיין בלעטל אין דער געשיכטע פון דער יידישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג.

ביים סוף פונעם 19טן יאָרהונדערט האָבן די יידן אין בענדין זיך באַשעפטיקט לרוב מיט מיסחר און שניידעריי.

דזשאָוס פאָטער, אברהם־יצחק, איז טאַקע געווען אַ שניידער, אָבער קיין פרנסה איז אין שטוב נישט געווען.

מיטן קומען אויף דער וועלט פון יוספן, האָבן אברהם־יצחק און שיינדל פּאָליוואָדאַ ווי אויפגעלעבט. זיי זענען געווען זיכער, אַז דער רבונו של עולם האָט זיי אַריינגעשיקט יאָסעלען אין אַ מזלדיקער שעה און פון איצט אָן וועט זיי שוין גיין בעסער. קיין צו גרויסער פאַרדינער איז אברהם־יצחק פּאָליוואָדאַ נישט געווען און ער האָט געמוזט שווער אַרבעטן, כדי צו פאַרבינדן איין עק מיטן צווייטן...

און טאַקע, נאָכן געבוירן ווערן פון יאָסעלען, האָבן זיך ביי די פּאָ־ליוואָדאַס אָנגעהויבן צו פאַרבעסערן די געשעפטן. אין דעם שניידער־וואַרשטאַט, וואָס האָט זיך געפונען „פאַרן טויער", אין נחום צוקערמאַנס גרויסן הויז, איז געוואָרן לעבעדיקער. דער טאַטע האָט אַריינגענומען לערן־ייִנגלעך, קיילעכדיקע יתומים, וועלכע ער האָט נישט נאָר געלערנט, נאָר אויך אויסגעהאַלטן אויף אַלעם גרייטן, פּונקט ווי זיי וואָלטן געווען זיינע אייגענע קינדער.

דזשאָוס פאָטער האָט געאַרבעט פאַר די קוילן־גרובן־אַרבעטער פונעם זאַגלעמביער ראַיאָן. אין די רייכע קוילן־גרובן זענען געווען באַשעפטיקט בלויז קריסטן, און הגם קיין גבירים זענען זיי נישט געווען, פלעגן זיי קומען צו דזשאָוס טאַטן ווען זיי האָבן געוואָלט אויפנייען אָדער פאַר־ריכטן פאַר זיך אַ מלבוש. פּאָליוואָדאַ האָט געהאַט אַ שם אין דער גאַנ־צער געגנט ווי אַ גוטער שניידער און נאָך מער — ווי אַן איידעלער מענטש.

ווען די געשעפטן האָבן זיך אָנגעהויבן צו פאַרבעסערן, האָט דזשאָוס פאָטער געעפנט אַן אייגן געשעפט פון מענער־קליידער.

דזשאָו (יאָסעלע) איז געוואַקסן און זיך אַנטוויקלט זייער שיין, אָבער ער איז געווען הפקרדיק און ווילד און באַין אופן נישט געוואָלט אייַנזיצן אין דער היים. עס האָט אים געצויגן צו דער גאַס.

דער פאָטער זייַנער, וועלכער איז געווען זייער אַ פרומער ייד און אַ שומר־שבת, האָט געלערנט יאָסעלען זאָגן די ברכות. ווען עס איז געקומען די צייט צו גיין אין חדר אַריין, האָט יאָסעלע נישט געוואָלט הערן דערפון. ווען דער באַהעלפער האָט אים פעסט געהאַלטן און געבראַכט צו שלעפּן אין חדר אַריין, איז, איידער מען האָט זיך נאָך אומגעקוקט, יאָסעלע פאַרשוווּנדן. נישט טאַטע־מאַמעס בעטן, נישט דער מאַמעס טרערן האָבן עפּעס געקאָנט העלפן. יאָסעלען האָט געצויגן אין גאַס צו די קינדער, צו די פערד, צו די הינט און צו די אָקסן, וועלכע מען האָט געפירט אין שעכטהויז אַריין.

ווען דער טאַטע האָט געזען, אַז מיט גוטן וועט ער גאָרנישט אויספירן, האָט ער זיך גענומען צו אים מיט בייזן. האָט עס נאָך ווייניקער געהאָלפן. האָט דער טאַטע אַראָפּגעצויגן דעם פאַסיק פון די הויזן און געלערנט מיט אים בלק...

די מאַמע האָט אים תמיד פאַרטיידיקט:

— ווערסט זען — האָט זי געזאָגט — מיר וועלן נאָך פון יאָסעלען האָבן אַ סך נחת...

— אַוודאי — האָט דער טאַטע געענטפערט — ער וועט אויסוואַקסן אַ גוי... אַ שליוואַק...

אַזוי האָט מען אים טאַקע אָנגעהויבן צו רופן אין דער היים. פאַרוואָס — שליוואַק? שליוואַק האָט געהייסן דער שבת־גוי, וואָס פלעגט קומען צו זיי און צו אַנדערע יידן יעדן שבת, מאַכן פייער. דאָס איז געווען זייַן באַשעפטיקונג.

יאָסעלע האָט, צווישן אַנדערע, זיך באַפרייַנדעט מיטן בעל־עגלה זונדל פופיק, וועלכן ער האָט זייער ליב באַקומען. די דאָזיקע פרייַנטשאַפט האָט אָנגעהאַלטן יאָרן לאַנג. שפּעטער, ווען דזשאָו איז אונטערגעוואַקסן, — ער פלעגט אים תמיד אַרויפנעמען אויף זייַן וואָגן — האָט ער אים געלאָזט האַלטן די לייצעס אין די הענט און אַפילו אָנטרייבן די פערד. זיצנדיק צוזאַמען אויף דער פור, האָט זונדל פופיק אים דערציילט טשיקאַווע מעשיות און טאַקע פריילעכע מעשיות, וועלכע דזשאָו פלעגט מיט



דזשאָוס מוטער: שיינדל פּאַליוואָדאַ

אַ פּאַרכאַפּטן אָטעם איינשלינגען. דערצו איז זונדל פּופּיק געווען אַ גרויל־סער וויצלער און צולהכעיסניק. ער האָט ליב געהאַט אָפּצוטאָן פאַרשיי־דענע שפּיצלעך.

דערמאָנט זיך דזשאָו פּאָול אַזאַ פאַל: ווען ער איז אַמאָל געפאָרן מיט זונדל פּופּיק פון דער מיל מיט מעל, כדי עס פאַנאַנדערצוטיילן צו די שטאָטישע בעקערס, זענען זיי, צווישן אַנדערע, געקומען צו אַ פּוילישער בעקעריי, ווו זיי האָבן געדאַרפט אָפּלאָדן 20 זעקלעך מעל. דער אייגנטי־מער פון דער דאָזיקער בעקעריי איז געווען זייער אַ קאַרגער און בייזער פּאָליאַק. מען האָט אים גערופן: דער בייזער אַנטיסעמיט. דערצו האָט ער קיינמאָל נישט געגעבן קיין טרינק־געלט, ווען מען האָט אים געבראַכט דאָס מעל. האָט אים זונדל פּופּיק איין מאָל באַשלאָסן אָפּצוטאָן אַזאַ שפּיצל, וואָס זאָל אים קאָסטן מער ווי דאָס טרינק־געלט פאַר דער גאַנ־צער צייט.

ווען זיי זענען אַריינגעקומען אין דער בעקעריי און דאָרט קיינעמען נישט געטראָפן, האָט זונדל פּופּיק גענומען אַ זעקל מעל, וואָס ער האָט באַמערקט ליגן אין אַ ווינקל פון דער בעקעריי און, איינס צוויי, עס אַרי־בערגעוואָרפן איבער די פּלייצעס און אָנגעהויבן צו רופן:

— פּאַניע, ווו זאָל איך אַוועקלייגן דאָס זעקל מעל?

אויף זיינע רופן איז אַריינגעקומען די באַלעבאָסטע און אָנגעוויזן אַ פּלאַץ ווו אַוועקצולייגן דאָס מעל. דערנאָך האָט זונדל פּופּיק, צוזאַמען מיט דזשאָו פּאָול, אַריינגעטראָגן פון דער פור 19 זעקלעך מעל אָנשטאָט 20 און, צוזאַמען מיט דער באַלעבאָסטע, איבערגעציילט 20 זעקלעך, וועל־כע דער בעקער האָט באַשטעלט.

היות אויף דער פור איז פאַרבליבן נאָך איין זעקל מעל, האָט דער בעל־עגלה געפרעגט ביי דער בעקערין צי זי וואָלט געוואָלט קויפן נאָך אַ זעקל מעל. זי האָט מסכים געווען... פאַר דעם געלט, וואָס זונדל פּופּיק האָט באַקומען פאַרן „צולאָג", האָט ער געמאַכט אַ „סעודה" און מכבד געווען דזשאָו פּאָול מיט „סאַכאַר מאַראָזשענאָיע".

דעם גאַנצן טאָג האָבן זיי נישט אויפגעהערט צו לאַכן פון דעם שפּיצל, וואָס זיי האָבן אָפּגעטאָן דעם קאַרגן בעקער.

דזשאָוס פעטער פון דער מוטערס זייט — רודאָלער — איז געווען אַ קצב. ער האָט געקויפט בהמות אויפן מאַרק און זיי געפירט גלייך אין

שעכטהויז אַריין. דזשאָו האָט געהאַט גרויס פאַרגעניגן, ווען דער פעטער האָט אים געלאָזט טרייבן די בהמות אין שעכטהויז אַריין. דאָרט האָט ער זיך צוגעקוקט ווי מען שעכט זיי. עס האָט נישט גענומען לאַנג און דזשאָו האָט זיך אויסגעלערנט די דאָזיקע מלאכה.

ווען דזשאָוס פאָטער האָט זיך דערוווּסט פון זיין תכשיטס נייער ליידנשאַפט, האָט ער אים מכבד געווען מיט אַ געהעריקער פאַרציע קלעפּ...

— וואָס וועט פון דיר ווערן, שליוואַק?... וועסט אויסוואַקסן אַן אָקסן־טרייבער?!... ס׳איז אַ גוייִשע פרנסה... אַ ייִד דאַרף זיין אַ בעל־מלאכה. כ׳וועל דיך אויסלערנען שניידעריי, וועסטו האָבן אַ בכבודיקע פרנסה, אַזוי ווי דיין טאַטע, אַזוי ווי אַנדערע ערלעכע ייִדן האָבן.

— און פאַרוואָס מעג דער פעטער...?

דזשאָו האָט נישט באַוויזן צו ענדיקן דעם זאַץ, ווי אַ נייע סעריע קלעפּ איז אַראָפּגעפאַלן אויף אים.

בעת מעשה האָט זיך דזשאָו געטראַכט: ווען ס׳וואָלט נישט געווען זיין טאַטע, וואָלט ער אים געוויזן וואָס עס הייסט דערלאַנגען קלעפּ... אָבער ס׳איז דאָך זיין אייגענער טאַטע — מעג ער...

# דזשאָו וויל ווערן אַן אַטלעט

בעת דזשאָו האָט זיך געשפּילט מיט די קינדער אין גאַס, איז זיין גרעסט פאַרגעניגן געווען אָנטיילצונעמען אין „פראַנצויזישע וואַלקעס" (רעסלען). עס איז נישט געווען קיין איינציקער פאַל אַז אַ יינגל, אַפילו אַ סך עלטער און גרעסער פון אים, זאָל קאָנען דזשאָון מנצח זיין. האָט מען אים טאַקע אַ נאָמען געגעבן „יאָסעלע דער שטאַרקער".

אַלט זייענדיק אַכט יאָר איז דזשאָו געווען אַנטוויקלט ווי אַ יינגל פון 15 יאָר. איז דען אַ ווונדער, אַז דזשאָו איז געווען דער טאָן־געבער ביי די יינגלעך אין בענדין. פאַר זיינס אַ בליק האָבן אַלע געציטערט, הגם קיין שלעכטס האָט דזשאָו קיינמאָל קיינעמען נישט געטאָן. פאַרקערט, ער האָט שטענדיק געזוכט עמיצן צו העלפן. מיט דעם שטריך אין זיין כאַראַקטער איז ער געבוירן געוואָרן.

ווען ס'פלעגט קיין בענדין קומען אַ צירק, איז דזשאָו געווען צווישן די ערשטע באַזוכער. ס'איז פאַר דזשאָו געווען אַ גרויסער יום־טוב, ווען מען האָט אויסגעשטעלט די לייוונטענע געצעלטן אויפן אַלטן מאַרק. ס'איז געווען ששון ושמחה...

שבת נאָך מיטאָג, אויסוואַרטנדיק די רגע ווען טאַטע־מאַמע האָבן זיך, נאָך דעם זאַטן עסן, מיטן געשמאַק פון דעם מחיהדיקן טשאָלנט און לאָקשן־קוגל, געלייגט שלאָפן, איז דזשאָו, מיט אַ כאָפּטע יינגלעך, גע־לאָפן, מיט אַ ציטערנדיק האַרץ, אין צירק אַריין. די גרעסטע איבערלע־בונג איז פאַר אים געווען ווען ס'האָבן זיך באַוויזן די רייטערינס אויף די פערד און דער ריז פּיטליאַשינסקי, וואָס האָט געהויבן שווערע גע־וויכטן און דערנאָך אָנטיילגענומען אין די „פראַנצויזישע וואַלקעס" (רעסלען).

פּיטליאַשינסקי איז געווען נישט נאָר אַ גוי — אַ גיבור, נאָר אויך אַ בילד־שיינער מאַן. אַלע פרויען און מענער האָבן אים געליבט און באַ־ווונדערט, אָבער דזשאָו — אַממייסטן. ער האָט ממש געחלומט וועגן אים,

דזשאָו האָט ביי זיך פעסט באַשלאָסן, אַז ווען ער וועט אונטערוואַקסן, וועט ער אויך ווערן אַזאַ גיבור ווי פּיטליאַשינסקי. ער איז געוואָרן אַן אָפּטער אַריינגייער אין צירק און פלעגט זיך נישט איין מאָל אַריינגנבע־נען הינטער די קוליסן, כדי פון דער נאָענט צו זען זיין ליבלינג פּיטליאַ־שינסקי.

איינמאָל, בעת אַזאַ „באַוווּנדערונג" הינטער די קוליסן פון צירק, האָט איינער פון דער דירעקציע אָנגעכאַפּט דזשאָון ביים קאָלנער און, איידער וואָס־ווען, האָט דזשאָו זיך שוין געפונען אויף דער גאַס, פילנדיק דערביי אַ שטאַרקן ווייטיק אין זיין הינטער־חלק, פונעם קאָפּ מיט אַ פוס, וואָס האָט אים אַרויסבאַגלייט. דזשאָו האָט עס אָנגענומען באהבה. ער האָט זיך נישט אָנטקעגנגעשטעלט — דאָס האָט דאָך געטאָן איינער פון פּיטליאַשינסקיס מענטשן. דאָס אַלץ האָט אים נישט אָפּגעשראָקן ווידער אויסצופּרוּוון זיין מזל און ווידער זיך אַריינגנבענען אין צירק, כדי צו באַוווּנדערן זיין „אָפּגאָט" פּיטליאַשינסקי.

ווען דזשאָו האָט אים דערזען אויף דער גאַס, האָט זיי האַרץ אָנגע־הויבן שטאַרקער צו קלאַפּן. ער פלעגט אים נאָכגיין אַזוי לאַנג ביז פּיט־ליאַשינסקי איז פאַרשווּנדן ערגעצוווּ אין אַ הויז. שעהן לאַנג פלעגט דזשאָו אָפּשטיין פאַרן הויז און וואַרטן אויף זיין באַליבטן פּיטליאַשינסקי, וועבנדיק אין זיינע מחשבות פאַרשיידענע בילדער: ווי אַזוי ער, דזשאָו, וועט אַליין זיין אַ וועלט־באַרימטער אַטלעט, און ווען ער וועט שפּאַצירן איבער די גאַסן, וועלן אַלע אים נאָכלויפן און טייטלען אויף אים מיט די פינגער:

— זעסט, דאָ גייט דער יידישער גיבור „יאָזעף פּאָליוואָדאַ"...

און יאָזעף פּאָליוואָדאַ וועט פאַרבייגיין מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ און מאַכן זיך נישט הערנדיק, ווי נישט אים מיינט מען עס.

דזשאָו פלעגט שעהן אָפּשטיין פאַר די ריזיקע צירק־פּלאַקאַטן, אויף וועלכע עס איז געווען אַ גרויס בילד פון פּיטליאַשינסקי: אַ האַלב־נאַקע־טער, מיט פאַרלייגטע הענט אויף זיינע שטאַרקע מוסקולאַרע ברוסטן. אויך פאַר דעם בילד פון „יאָזעף פּאָליוואָדאַ" וועלן זיך פאַרזאַמלען מאַסן מענטשן — קליין און גרויס — און באַוווּנדערן זייער נייעם „שמשון הגיבור".

קומענדיק צוריק אַהיים און זייענדיק איבערגעפּולט מיט פּלענער

וועגן זיין רומפולער צוקונפט, איז ער קודם־כל אַוועק זיך טיילן מיט דער ידיעה צו זיינע באַליבטע הינט. ער האָט נאָך פון קליינערהייט ליב גע־האַט צו שפּילן זיך מיט הינט. להיפּוך צו אַנדערע בענדינער יידישע קינ־דער, וואָס האָבן מורא געהאַט פאַר הינט, האָט דזשאָו געהאַט צו הינט אַ שוואַכקייט. ער האָט זיך מיט זיי געשפּילט און זיי געהאָדעוועט, צום גרעסטן פאַרדרוס פון זיינע טאַטע־מאַמע. אויך די הינט האָבן זיך צו דזשאָון שטאַרק צוגעבונדן און זיך צו אים געלאַשטשעט. וויפל מאָל טאַטע־מאַמע פלעגן אַרויסוואַרפן אַ הונט, פלעגט ער גלייך ווידער צור־ריקקומען. פאַר דזשאָון האָבן נישט עקזיסטירט קיין בייזע אָדער שלעכ־טע הינט. צו דזשאָון זענען אַלע געלאָפן. זיי האָבן אינסטינקטיוו גע־פילט, אַז ער איז זייערס אַ פריינט.

אויפן גרויסן הויף האָט ער אויפגעשטעלט פאַר זיי בודעס און צו ביסלעך פלעגן צו די פריערדיקע הינט צוקומען נייע, ביז עס איז געוואָרן אַ גאַנצע רעפּובליק פון הינט אין נחום צוקערמאַנס הויז, ווו די פאַליוואַ־דאַס האָבן געוווינט. אַ גאַנצע נאַכט האָט זיך געהערט דאָס בילן פון די הינט און די איינוווינער פון צוקערמאַנס הויף האָבן פון דעם קאָנצערט נישט געקאָנט שלאָפן. ווען דזשאָוס טאַטע האָט אַרויסגעטריבן די הינט, האָט דזשאָו געבראַכט אַנדערע, און אַזוי האָט עס זיך כסדר איבערגעחזרט.

ווען דער ווירט פונעם הויף איז געקומען צו דזשאָוס פאָטער זיך באַקלאָגן, אַז די איינוווינער פונעם הויז קאָנען נישט שלאָפן ביינאַכט צוליב דער בילעריי און ליאַרמען וואָס די הינט מאַכן, האָט דזשאָוס פאָ־טער אַ שטאַרקן זיפץ געגעבן און, אַ מאַך טוענדיק מיט די הענט, אַ זאָג געטאָן:

— נו, וואָס זאָל איך טאָן, אַז דער אויבערשטער האָט מיך באַ־שטראָפט מיט אַזאַ תכשיט... איך גיב אים אייך אָפּ מיט די הינט צוזאַ־מען...

ווען מען האָט דזשאָון געפרעגט פאַרוואָס ער טוט עס, האָט ער גע־ענטפערט:

— עמיצער מוז זיך דאָך פאַרנעמען מיט די שוצלאָזע הינט. עס איז דאָך אַ צער־בעל־חיים.



אברהם־יצחק און שיינדל פּאַליוואַדאַ האָבן געפירט אַ רואיק און האַרמאָניש לעבן. איינער צום צווייטן האָט נישט גערעדט קיין הויך וואָרט, וועגן פירן אַ קריגעריי איז דאָך אָפּגערעדט. דער איינציקער וואָס האָט אַריינגעבראַכט פּאַרדרוס און אויפרעגונג אין שטוב, איז געווען דזשאָו, צוליב זיין משונהדיקן אויפפירן זיך. ווי אַנדערש זענען געווען די איבע־ריקע קינדער — די משפחה האָט זיך כסדר פאַרגרעסערט — גאָר ווי פון אַן אַנדערן שטאָם.

די מאַמע פלעגט טענהן צו די שכנים:

— ווי קומט צו אונדז אַזאַ קינד?! נישט די פּאַליוואַדאָס, נישט די רודאָלערס (איר פאָטער האָט געהייסן מאָטל רודאָלער און איז געווען אַ אייזן־הענדלער) האָבן זיך פאַרנומען מיט אַזעלכע ווילדע שטיק, ווי מיין יאָסעלע...

דזשאָוס מאַמע האָט אָבער געגלייבט, אַז ווען יאָסעלע וועט אונ־טערוואַקסן, וועט ער זיך אַרויסשלאָגן פון קאָפּ די אַלע משוגעתן זיינע, ער וועט זיך אויסמענטשלען און מען וועט פון אים האָבן נחת; ער וועט זיי נאָך פאַרשאַפן אַ סך כבוד. דער טאַטע האָט, אין דעם פּרט, נישט מסכים געווען מיט זיין ווייב. ער האָט אויף זיין שטייגער אַ טיפן זיפץ געגעבן און אַ מאַך טוענדיק מיט די הענט, האָט ער געזאָגט:

— ניין, שיינדעלע, פון דעם תכשיט וועט מען שוין קיין נחת נישט האָבן, ער וועט שוין קיין מענטש נישט זיין. ער גייט אויף גוייִשע דרכים און הלוואַי זאָל איך ליגן זאָגן, ער וועט נאָך אַוועק צו זיי...

דזשאָו האָט זיין גאַנצע קינדהייט מערסטנס פאַרבראַכט אויף דער גאַס. עס האָט אים פשוט געטריבן פון דער היים. ער האָט זיך אַליין נישט געקאָנט אָפּגעבן דערפון קיין דין־וחשבון. אפשר איז די סיבה פון דעם געווען וואָס מען האָט אים געשאָנקען צופיל אויפמערקזאַמקייט, אָדער, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט, ווייל מען האָט מיט אים צופיל קאָמאַנדעוועט: — יאָסעלע, טו דאָס; יאָסעלע, טו דאָס נישט; גיי נישט דאָ, שטיי נישט דאָ, שטיי נישט דאָרטן; דאָס טאָר מען נישט; דאָס איז נישט גוט; דאָס טוט נישט קיין ייִד... דאַוון... וואַש זיך... מאַך אַ מוצא...

מאַך אַ ברכה, און אַזוי כסדר, אַז — ס׳האָט זיך אים געמישט אין קאָפּ און ער האָט זיך אָנגעהויבן צו בונטעווען.

פאַרוואָס?

דאָס האָט ער זיך אַליין נישט געקאָנט דערקלערן. די גאַס איז פאַר אים געווען אָפּענער, ברייטער, פרייער. דאָרט האָט ער געקאָנט טאָן וואָס זיין האַרץ האָט נאָר געגלוסט און קיינער האָט אים דאָרט קיין דעה נישט געזאָגט. ער האָט ליב געקריגן די גאַס, וואָס איז געווען פאַר אים גאַסט־פריינטלעכער, ער האָט ליב געהאַט די חיות, וואָס האָבן זיך צו אים געלאַשטשעט. אַפילו די מענטשן אין גאַס זענען געווען פאַר אים פריינטלעכער און, ווי ער האָט זיך אין די שפּעטערדיקע יאָרן אויסגעדריקט, האָט אים די גאַס אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס...

היות פון חדר איז ער כסדר אַנטלאָפן, האָט דער טאַטע זיינער באַשלאָסן אַוועקצושיקן אים קיין סאָסנאָוויץ לערנען. דאָס האָט שוין דזשאָון מער אימפּאָנירט, — אָבער נישט דאָס לערנען, נאָר די שיינע שטאָט סאָסנאָוויץ, מיט די ברייטע, רחבותדיקע גאַסן, ווו ער פלעגט פאַרטאָג אַרויס אין גאַס און אָפּשלאָגן די הינט, וואָס די הינטשלעגערס אָדער, ווי מען האָט זיי גערופן, די היצלעס, האָבן געכאַפּט. דזשאָו האָט די הינט ממש אַרויסגעריסן פון זייערע הענט, געהאַלטן זיי ביי זיך און געגעבן זיי צו עסן. ביינאַכט איז געוואָרן אַזאַ קאַצניאַמער־מוזיק, אַז מען האָט די הינט צעטריבן און זייער „אָפּיעקון" האָט געמוזט מאַכן אַ וויברח צוריק קיין בענדין.

אין בענדין איז זיין אַדרעס ווידער געווען די גאַס. נישט געווען קיין ווינקל, וואָס דזשאָו האָט נישט געקענט. „יאָסעלע דער שטאַרקער" האָט געקראָגן אַ גרעסערן אָנזען — אַיין קליינינקייט: ער קומט דאָך עפּעס „פון דער וועלט"... און מען האָט זיך פאַרזאַמלט אַרום אים און ער האָט דערציילט מעשיות און ניסים ונפלאות פון סאָסנאָוויץ, פון דער דייטשישער גרענעץ, איבער וועלכער מענטשן גנבענען זיך אַריבער, און פון זאַכן, וואָס האָבן שטאַרק פאַראינטערעסירט זיינע געשפּאַנטע צוהערער.

דערווייל האָט דזשאָוס טאַטע, נאָך אַ לאַנגן ישוב הדעת מיט דער מאַמען און מיטן פעטער, באַשלאָסן איבערצוציען זיך קיין וויגוויזדאָוו, אַ דאָרף לעבן בענדין, ווו מען האָט אים שוין לאַנג פאַרגעלייגט אַ גוט געשעפט.

ווען די משפּחה פּאָליוואָדאַ האָט זיך איבערגעצויגן קיין וויגוויזדאָוו, וואָס איז געלעגן אויפן וועג קיין סאָסנאָוויץ, איז שוין דזשאָו אַלט געווען 9 יאָר.

אין וויגוויזדאָוו האָבן זיך געפונען קוילן־גרובן, ווי אויך גרויסע אייזן־שלאָסערייען. דער טאַטע האָט דאָרט געעפנט אַ געשעפט פון קליידער. אויף שבת פלעגט דזשאָו קומען צו זיינע עלטערן. ווען ס׳איז אָבער אָנגעקומ׳ען אַ צירק קיין בענדין, איז שוין נישט געווען דער כוח וואָס זאָל דזשאָון אַהיימברענגען. די מאַמע האָט נישט געוווסט וואָס איבערצוקלערן: ווער ווייס וואָס מיט איר יאָסעלען איז געשען? אפשר, חלילה, איבערגעפאָרן, אָדער גאָט ווייס וואָס... די מאַמע איז אַרומגעגאַנגען אַ פאַרזאָרגטע און פול מיט צער. דער טאַטע, וועלכער האָט בעת מעשה אויך געטראַכט צי עס איז יאָסעלען, חלילה, עפּעס נישט געשען, האָט אָבער שנעל אָפּגעטריבן פון זיך די טרויעריקע מחשבות און, מיט אַ געמאַכטער רואיקייט, געזאָגט:

— נישט געדאגהט... ס׳עט אים גאָרנישט געשען... מסתמא שלעפּט ער זיך אַרום מיט זיינע הינט... ס׳עט אויסוואַקסן אַ הינטשלעגער, כ׳זאָל נישט געשטראָפט ווערן פאַר די רייד...

## דזשאָו באַווייזט זיין כוח

אַלס געטרייער תלמיד און פאַרערער פונעם בעל־עגלה זונדל פופיק, האָט דזשאָו אָנגעהויבן צו גיין אויף זיינע דרכים און אָפּצוטאָן שפּיצלעך אויף זיין אייגענעם שטייגער. אָט, למשל, איז געווען אַ ייד אין בענדין, וואָס האָט אַרומגעפירט מילך איבער דער שטאָט. גערופן האָט מען אים לייבוש דער מילכיקער. ער האָט געהאַט אַ פערד, וואָס איז געווען, ווי ער האָט געזאָגט, זיין פרנסה־געבער...

אַזוי ווי שבת איז געווען פאַרמאַכט די וואַסער־פּלומפּ, האָט לייבוש דער מילכיקער געמוזט פירן זיין בידנע פערדל אָנצופּאָיען עסביים טייכל. גייענדיק אַליין פאָרויס, האָט לייבוש געפירט די שקאַפּע צוגעבונדן מיט אַ שטריק, וועלכע ער האָט געהאַלטן אין דער האַנט. ער איז געגאַנגען פאַרטראַכט און נישט אומגעקוקט זיך אויף זיין פרנסה־געבער, דעם פערדל, וואָס האָט זיך טרויעריק נאָכגעשלעפּט נאָך דעם שטריק. האָט דזשאָו באַשלאָסן צו צעשטערן דעם שבתדיקן אידילישן שפּאַציר פון לייבוש דעם מילכיקן מיט זיין פיר־פיסיקן פריינט. ער האָט זיך אונטער־געגנבעט, איבערגעשניטן דעם שטריק און פאַרהאַלטן דאָס פערדל. לייבוש דער מילכיקער, וואָס האָט גאָרנישט געפילט און נישט באַמערקט דזשאָוס שפּיצל, איז זיך געגאַנגען ווייטער זיין וועג, האַלטנדיק דעם שטריק, וואָס האָט זיך נאָכגעבאָמבלט נאָך אים. ער איז זיך געגאַנגען ווי נישט אים מיינט מען און דער עולם אויף דער גאַס, וואָס האָט זיך צו־געקוקט צו דעם שפּיצל, האָט האַרציק געלאַכט פון דזשאָוס נייער המצאה...

איינמאָל, אין אַ זומער־טאָג, איז דזשאָו געשטאַנען אויף דער אַל־טער באַן־סטאַציע אין בענדין און אָפּגעוואַרט אַ טראַנספּאָרט אָקסן, וואָס מ׳עט האָט געפירט פון שעוורער מאַרק. אויפן וואָקזאַל האָט אַ קאַצאַפּ פאַרקויפט לימאָנאַד פאַר צוויי גראָשן אַ גלאָז. היות ס׳איז געווען אַ גרויסע היץ און דזשאָו איז געווען דורשטיק, האָט ער זיך געהייסן אָב־גיסן אַ גלאָז לימאָנאַד, פאַר וועלכע ער האָט באַצאָלט די פאַרלאַנגטע

צוויי גראָשן. אויפֿן וואָקזאַל האָט זיך, צווישן אַנדערע, געפֿינען דער קצב הירש־בער, וועלכער האָט אָפּגעוואַרט די אָקסן.

הירש־בער קצב איז געווען באַקאַנט אין שטאָט ווי זייער אַ קאַרגער און גראָשנדיקער מענטש. ווען ער האָט פֿון דערווייטנס באַמערקט ווי דזשאָו טרינקט לימאָנאַד, איז ער צו אים צוגעגאַנגען און געפֿרעגט וויפֿל עס קאָסט אַ גלאָז לימאָנאַד. דזשאָו האָט, נישט טוענדיק קיין פֿינטל מיטן אויג, געענטפֿערט, אַז אַ גרויס גלאָז לימאָנאַד קאָסט סך־הכּל איין גראָשן. הירש־בער איז גלייך צוגעגאַנגען צום קאַצאַפּ, געהייסן זיך אָנגיסן אַ גלאָז לימאָנאַד, וועלכע ער האָט זשעדנע אויסגעטרינקען. אַזוי ווי עס איז געווען „אַ קאַלטס און אַ גוטס" און דערצו נאָך — אַ גרויסע מציאה, האָט ער זיך געהייסן אָנגיסן נאָך אַ גלאָז לימאָנאַד. אויסטרינקענדיק עס, האָט ער פֿאַר די צוויי גלעזער לימאָנאַד דערלאַנגט דעם קאַצאַפּ צוויי גראָשן. דער קאַצאַפּ האָט, דערזעענדיק אַ „צווייער", געמאַכט אַ גוואַלד, אַז עס קאָסט צוויי גראָשן אַ גלאָז און ער דאַרף אים באַצאָלן אַ „פּירער" (2 קאָפּיקעס).

אויסער זיך פֿאַר כּעס, האָט הירש־בער אַ כאַפּ געטאָן זיין שטעקן און זיך אַ לאָז געטאָן נאָך דזשאָון, כּדי אים מקיים פּסק צו זיין. דזשאָו האָט זיך, פֿאַרשטייט זיך, באַצייטנס אָפּגעטראָגן. הירש־בער האָט אָבער באַשלאָסן זיך נוקם צו זיין אין דזשאָון. שבת אין שול האָט אים הירש־בער געכאַפּט און פֿאַר אַלע אין די אויגן, גוט אָנגעבראָכן די ביינער...

אין אַ געוויסן טאָג האָט דזשאָוס אַן עלטערער קוזין, פּנחס רודאָלער, אים געזאָגט, אַז מען גרייט זיך אין בענדין צו שפּילן יידיש טעאַטער און אַז ער, פּנחס, וואָס איז געווען אַ משורר ביים שטאָט־חזן ר' ישראל, העלפֿט דאָרט איינשטודירן דאָס געזאַנג.

— אויב דו, יאָסל, ווילסט, קאָן איך דיך אַריינגעמען אין כאָר.

דזשאָו איז פֿון דעם פּלאַן געווען איבערגליקלעך און, מיט אַ קלאַפּנ־דיק האַרץ, איז ער מיטן קוזין געלאָפֿן צו דער ערשטער פּראָבע. מען האָט זיך געגרייט אויפֿצופֿירן „מכירת יוסף". אין דער פֿאָרשטעלונג האָט אָנ־טיילגענומען די גרופּע פֿון דער חברה „אחדות". דאָס זענען געווען די יונגעלייט, וועלכע האָבן געגרינדעט די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי אין בענ־דין. די באַלעבאַטים פֿון שטאָט האָבן זיי דעמאָלט גערופֿן: „די הפקר־יונגען".

אָבער גראָד די דאָזיקע „הפקר־יונגעץ" האָבן אָנגעהויבן דזשאָון שטאַרק צו אינטערעסירן. ער האָט זיך צוגעהערט צו זייערע שמועסן און הגם ער האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס זיי האָבן גערעדט, האָט ער דאָך באַמערקט, אַז דאָס זענען גאַר אַנדערע מענטשן ווי די, מיט וועלכע ער האָט זיך ביז איצט באַגעגנט. ער האָט נישט דורכגעלאָזט קיין איין פּראָבע פון „מכירת יוסף". ער האָט איבערגעלאָזט זיינע חברים פון גאַס, זיינע הינט און פלעגט זיך דרייען אַרום די „געבילדעטע יונגעלייט", ווי ער האָט זיי גערופן.

זיין נייעסטע ליידנשאַפט איז איצט געוואָרן געזאַנג. אין די פרייע שעהן פון זיין אַרבעט, פלעגט דזשאָו זינגען די לידער, וואָס ער האָט געהערט ביי די פּראָבן און אויך אַנדערע לידער, וועלכע ער האָט געהערט פון די געבילדעטע יונגעלייט. קיין ביכער האָבן אים אַלץ נישט אינטערעסירט, אָבער אויך די גאַס האָט אים אויפגעהערט צו רייצן. מען האָט אים שוין זעלטן געזען אויף דער גאַס.

זיין קוזין פּנחס רודאָלער האָט אים איינמאָל מיטגענומען צום שטאָט־חזן, ר' ישראל, און אים פאַרגעשטעלט פאַר אים, צוגעבנדיק, אַז ער האָט אַ שיינע סאָפּראַן־שטימע, און אַז ער וואָלט געוועזן אַ גוטער משורר. דערזעענדיק פאַר זיך דעם גאַסט, איז דעם חזנס פּנים פאַרוואָלקנט געוואָרן און דער שטענדיקער שמייכל, וואָס איז געווען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַרן שטאָט־חזן, איז פאַרשוווּנדן פון זיין פּנים.

— גוט, — האָט דער חזן געזאָגט — מירן אים אויספּרובירן...

און ער האָט אים אויסגעפּרובירט און דזשאָוס שטימע איז אים נישט געפעלן געוואָרן... ער האָט אים נישט צוגענומען אין כאָר אַריין. דזשאָו האָט געוווּסט, אַז אויב דער חזן נעמט אים נישט אויף, איז עס נישט אַזוי ווייט צוליב זיין נישט קאָנען זינגען, ווי צוליב דעם וואָס דער חזן האָט געוווּסט, אַז דזשאָו איז נישט פרום און ער איז באַקאַנט אין שטאָט ווי אַ הפקר־יונג און מחלל־שבתניק. ביים אַוועקגיין האָט דער חזן צוגעוואָרפן:

— פון דעסטוועגן, יאָסעלע, אויב דו וועסט ווערן אַ בעל־תשובה און זיין פרום, וועל איך דיך שוין אַריינדרייען אין כאָר...

**
*

אין בענדין האָבן זיך צו יענער צייט אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן די אַרבעטער. נאָך די אַרבעט־שעהן פלעגן זיך די „פּראָלעטאַריער" צונויפ־טרעפן אין אַ קאַוויאַרניע, ז'אָרט פאַרברענגען און פירן הייסע דיסקו־סיעס. אינטערעסאַנט, אַז די דאַזיקע „פּראָלעטאַרישע קאַוויאַרניע" איז בענדין איז געוואָרן אַ שם־דבר אַפילו אין אויסלאַנד.

דער פאַרשטאָרבענער אַרבעטער־טוער און שרייבער יעקב קענער האָט אין זיין בוך זכרונות „קווערשניט" געווידמעט אַ גאַנץ קאַפּיטל דער דאָ־זיקער קאַוויאַרניע.

די גרעסערע צוזאַמענקונפטן און מאַסן־מיטינגען פלעגן פאָרקומען הינטער דער שטאָט, שבת נאָך מיטאָג. אויף דער פרייער לופט פלעגט מען אויך זינגען לידער און לייענען מעשה־ביכלעך. די ביכלעך האָבן דזשאָון נישט אַזוי שטאַרק אינטערעסירט, דערפאַר אָבער די לידער — גאָר שטאַרק.

יינגלעך און מיידלעך פלעגן מיט די לידער אַרויסשפּאַצירן הינטער דער שטאָט, אַוועקלייגן זיך אויף דער לאָנקע און דאָרט פריילעך פאַר־ברענגען די צייט. דזשאָו איז געווען שטאָלץ וואָס זיין קוזין פּנחס רודאָ־לער, וואָס האָט געהערט צו דער אָרגאַניזאַציע, האָט אים מיטגענומען אויף די שפּאַצירן הינטער דער שטאָט. הגם ער איז געווען דער יינגסטער „פּראָלעטאַריער", האָט מען אים דאָך אָנפאַרטרויט גאָר אַ וויכטיקן אַמט: דזשאָו האָט געהערט צו דער „מיליץ", דאָס הייסט צו דער גרופּע, וואָס האָט געדאַרפט אַכטונג געבן צי די פּאָליציי קומט נישט אָן, אַדיזיר לאָ־בוזעס זאָלן נישט באַפאַלן און אַראָפּרייסן אַ מיטינג.

דזשאָו דערמאָנט זיך אויך, אַז ווען דער פאַרשטאָרבענער פּ.צ.־טוער יעקב קענער איז אַמאָל געקומען אויף אַ רעפעראַט קיין בענדין, איז ער, דזשאָו, באַשטימט געווען צו האַלטן „וואַך" פאַרן טויער פון בית־מדרש, וווּ עס איז שבת, נאָכן עסן, פאָרגעקומען קענערס רעפעראַט. דער בית־מדרש איז געווען איבערגעפּולט מיט מענטשן און נישט נאָר דווקא מיט יונגעלייט און „פּראָלעטאַריער", נייערט — מיט סתם יידן, וואָס זענען געקומען הערן אַ יידיש וואָרט פון אַ באַוווּסטן רעדנער פון עסטרייך.

היות אויסצוהערן רעפעראַטן און רעדעס האָט דזשאָו נישט געהאַט קיין געדולד, איז ער געווען צופרידן אויסצופירן די מיסיע, וואָס ער האָט באַקומען, צו האַלטן שמירה פאַרן בית־מדרש. און אויף „יאָסעלען דעם שטאַרקן" האָט מען זיך געקאָנט פאַרלאָזן. אַז יאָסעלע־דזשאָו איז גע־שטאַנען פאַרן אַריינגאַנג, האָט שוין קיינעם קיין שום שלעכטס נישט גע־קאָנט פּאַסירן.

די אַמאָליקע בענדינער איינוווינער געדענקען נאָך מסתמא דריי באַ־וווסטע ווילדע יונגען, מוסרים און פּראָוואָקאַטאָרן, וואָס האָבן צו יענער צייט טעראָריזירט די שטאָט. דאָס זענען געווען: דער געלער לייזער, אבּע פּאָבּידניק און ראובעלע פרענקלין. זיי זענען געווען די באַוווסטע „שטאַר־קע" און „ווילדע יונגען", וואָס האָבן געפירט די שטאָט פאַר דער גאָז.

דער געלער לייזער איז געווען פון פאַך אַ פורמאַן, וואָס האָט געפירט פּאַסאַזשירן מיט זיין אייגענער דראָשקע פון בענדין קיין סאָסנאָוויץ.

אַבּע פּאָבּידניק איז געווען אַ שוואַרץ־אַרבעטער. ראובעלע פרענקלין איז געווען אַ דאַמען־שניידער.

ווען אַן אַרבעטער פון אַ פרעמדער שטאָט איז אָנגעקומען קיין בענ־דין זוכן אַרבעט, האָט ער, קודם־כל, געמוזט איינצאָלן „קאָנטריבוציע" די דריי חברהלייט, אַנדערש האָט ער אין בענדין נישט געקאָנט אַרבעטן. זיי האָבן פון יעדן איינעם, וואָס איז געקומען קיין בענדין זוכן אַרבעט, געפאָדערט „פונדעס". ווען אַ יינגל מיט אַ מיידל זענען שבת אַרויס אויף אַ שפּאַציר הינטער דער שטאָט, זענען, ווי פון אונטער דער ערד, אויסגע־וואַקסן די דריי חברהלייט און געפאָדערט פונעם פּאָרל געלט. מען האָט געמוזט זיי שטעלן געבראָטענע גענדזלעך און שנאַפּס. דעמאָלט ערשט האָבן זיי געגעבן זייער הכשר. ווען דער בחור האָט געהאַט די העזה זיך אַנטקעגנצושטעלן אָדער צו זאָגן, אַז שבת טראָגט ער נישט מיט זיך קיין געלט, זענען די חברהלייט אים באַפאַלן און געשלאָגן מכות רצח. אַזעלכע פאַלן זענען נישט געווען קיין פאַראיינצלטע.

האָט אַנומלטן פּאַסירט אַז ס'איז געקומען פון אָלקוש אַ יונגערמאַן, אַ גוטער שניידער־געזעל, מיטן נאָמען מרדכי מאַרקאָוויטש. אַ באַוווסטער שניידער אין בענדין, וועלכן מען האָט גערופן דער געלער פישל, האָט זיך דערוווּסט וועגן דעם שניידער־געזעל. היות ער האָט זיך גראָד געניייטיקט

אין אַזאַ פּאַכמאַן, האָט ער אים גלייך אַריינגענומען צו זיך. דער יונגער־מאַן האָט אָבער נישט געוואָלט געבן קיין „קאָנטריבוציע" פאַר הולטאַיס־קע צוועקן, און די דריי חברהלייט האָבן נישט געוואָלט געבן זייער „הכשר". איז געוואָרן פריילעך. די גאַנצע שטאָט איז דעמאָלט געגאַנגען כּאָדראָם. האָבן די אָרגאַניזירטע אַרבעטער באַשלאָסן צו מאַכן אַ סוף צו דעם אומדערטרעגלעכן צושטאַנד.

מען האָט צו וויסן געגעבן די דריי חברהלייט, אַז אויב זיי וועלן נישט אָפּשטעלן אַלע זייערע מיאוסע מעשים וועט מען אָננעמען קעגן זיי „שטאַרקע מיטלען". די דריי ווילדע יונגען האָבן זיך אָבער אויסגעלאַכט פון דער וואָרענונג. האָט די „פּאַרטיי" צונויפגערופן אַ גאַנץ פּאַרטרווילע־כע באַראַטונג און מען האָט אָנגענומען אַ באַשלוס, אַז היות מיט גוטן וועט מען מיט די הפקר־יונגען גאָרנישט קאָנען אויפטאָן, זאָל מען זיי אַ שבת בייטאָג אַרויסנאַרן הינטער דער שטאָט און זיי דאָרט גוט אָנברעכן די ביינער. אַזוי אַז עס זאָל זיי איינמאָל פאַר אַלעמאָל פאַרגיין דער אַפּע־טיט צו מאַכן אַזעלכע געמיינע שטיק.

עס איז באַשטימט געוואָרן אַ קאַמף־גרופּע פון צוועלף יונגעלייט, אין וועלכער דזשאָו איז אויך אַריין. דער אָנפירער פון דער גרופּע איז געווען מאיר־נתן לאַלקעס — זייער אַן איידעלער און רואיקער יונגערמאַן. דזשאָו איז געווען דער יינגסטער פון דער גרופּע, אָבער דער שטאַרקסטער פון אַלע. אייניקע האָבן אויך געהאַט ביי זיך „שפּייערס" (רעוואָלווערן), עס איז אָבער אָנגעזאָגט געוואָרן, ווי ווייט מעגלעך, נישט צו באַנוצן די „כלים".

ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, זענען די דריי ווילדע יונגען געווען גאָרנישט קיין וואַזשנע העלדן, פאַר וועלכע מען האָט זיי געהאַלטן אין בענדין. מען האָט זיי פאַרנאַרט הינטער דער שטאָט און מען האָט זיי אָרנטלעך מכבד געווען, אַז זיי האָבן עס געהאַט צו געדענקען לאַנגע יאָרן. אויפן ערשטן פייער האָט מען געשיקט דזשאָן און ער האָט טאַקע דער־לאַנגט דעם ערשטן „שאָס" (קלאַפּ).

דער סוף פון דער באַנדע איז געווען: דער געלער לייזער האָט זיך באַלד צוריקגעצויגן פון דער באַנדע און זיך געסטאַטקעוועט. ראובעלע פרענקלין האָט אויך אָפּגעשטעלט זיינע ווילדע מעשים. אַבע פּאָבידניק

האָט אָבער נישט געקאָנט פועלן ביי זיך אויפצוהערן זיינע אַוואַנטוריס־
טישע שטיק און איז ווייטער אָנגעגאַנגען מיט דער גענגסטער־פּראָפּעסיע.
האָט עס זיך פאַר אים שלעכט געענדיקט. אין אַ צייט אַרום איז ער אומ־
געקומען אויף אַ מערקווירדיקן אופן: שבת, ביים דאַוונען, האָט מען אים
דערשטאָכן אין דער גרויסער שול...

ווען דזשאָוס עלטערן זענען אַוועקגעפאָרן קיין וויגוויזדאָוו, האָט
דזשאָו געאַרבעט ביי זיין פעטער אין דער יאַטקע. דאָרט האָט ער געאַר־
בעט ווי אַ שיק־יינגל און אויך געהאָלפן ביים פאַרקויפן דאָס פלייש. ער
איז געווען אַ גוטער תלמיד ביים פעטער, אָבער אויך זיין פיזישער כוח
האָט אים אין דעם פאַך שטאַרק געהאָלפן. ביים דאָזיקן פאַך, נישט גע־
קוקט אויף מערערע איבעררייסן וואָס ער האָט געמאַכט, איז שוין דזשאָו
פאַרבליבן זיין גאַנץ לעבן.

# רוסיש-יאַפּאַנישע מלחמה

יאָר 1904. ס'איז אויסגעבראָכן די רוסיש־יאַפּאַנישע מלחמה. צווישן די ערשטע מאָביליזירטע סאָלדאַטן פון דער רעזערוו איז געווען דזשאָוס פאָטער. מען האָט אים אַוועקגעשיקט אויפן ווייטן מזרח־פראָנט. אין שטוב איז געוואָרן אַ מהומה: מען האָט צוגענומען דעם מאַן, דעם טאַטן, דעם פּרנסה־געבער. אַלץ איז געבליבן אויף הפקר. דאָס געשעפט, דער שנייַדער־וואַרשטאַט — אָן אַ באַלעבאָס. דזשאָוס מוטער האָט נישט געקאָנט פירן דאָס געשעפט, איבערלאָזן עס אין פרעמדע הענט האָט מען אויך נישט געוואָלט. האָט די מאַמע פאַרמאַכט דאָס געוועלב מיטן שניידער־וואַרשטאַט און באַשלאָסן איבערצוּוואַרטן ביז דער טאַטע וועט מיט מזל צוריקקומען פון דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה.

דזשאָוס מוטער איז געוואָרן די פּרנסה־געבערין. זי האָט זיך גענומען צו מיסחר. זי האָט אויפגעקויפט ביי די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער אייער און זיי פאַרקויפט צו יידישע באַלעבאָסטעס. עס איז דער פאָליוואָדאַ־משפחה אויסגעקומען איצט צו פירן אַ שווער לעבן, וואָרום ביי דער גאַנצער אָנגעשטרענגטער אַרבעט פון קויפן און פאַרקויפן אייער, האָט מען קוים געקאָנט באַצאָלן דירה־געלט און באַשפייזן די קינדער. דעם שניידער־וואַרשטאַט האָט אָבער די מאַמע באין אופן נישט געוואָלט פאַרקויפן. זי האָט עס געהאַלטן פאַר אַ סגולה, אַז אויב זי וועט איינהאַלטן דאָס געשעפט אַזוי ווי עס איז געווען און עס נישט פאַרקויפן, וועט אין דעם זכות דער טאַטע צוריקקומען בשלום אַהיים און עס ווייטער פירן, ווי פריער.

האָט דזשאָו געמוזט אַרויסהעלפן אין פּרנסה. זיינע יונגע פּלייצעס האָבן אָבער נישט געפילט די שווערע משא, וואָס איז אויף אים אַרויפגעלייגט געוואָרן. פאַרקערט, ער האָט זיך געפילט דערמיט גדלותדיק. דאָס געפיל פון נוצלעכקייט האָט אין זיין יונגן מוח אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען אַן אייגנאַרטיקע טעאָריע: ער איז באַרופן געוואָרן צו העלפן

מ׳ענטשן. צו העלפן יעדן איינעם, וואָס וועט זיך בייטיקן אין הילף. דער דאָזיקער אינערלעכער כוח איז געגאַנגען ביי אים האַנט ביי האַנט מיטן פיזישן כוח, מיט וועלכן ער איז געבענטשט געוואָרן. דזשאָו איז געוואַקסן אַ ריז, וואָס האָט געבראָכן אייזן מיט די פינגער. נישט איין מאָל האָט ער זיך, אין זיינע שפּעטערדיקע יאָרן געוויצלט: אַפּנים, אַז גאָט האָט מיך באַשאָנקען מיט אַזויפיל כוח, איך זאָל קאָנען אויסהאַלטן די צרות און נויט, וואָס זענען, לא עליכם, אַזוי גרויס אויף דער וועלט...

ער האָט קיינמאָל נישט פאַרגעסן די שווערע צייטן וואָס ער אַליין האָט געהאַט אויסצושטיין אין זיינע קינדער־יאָרן, און ער האָט געדענקט דעם טעם. דערפאַר האָט ער אַזוי גוט פאַרשטאַנען אַנדערע ליידנדיקע און נויט־באַדערפטיקע.

דזשאָו, וואָס האָט פריער געאַרבעט ביים פעטער אין בענדין, האָט באַשלאָסן זיך אַריבערצוטראָגן קיין סאָסנאָוויץ. דאָרט האָט ער געאַרבעט און געוווינט ביי אַ רייכן קצב, וועלכן מען האָט גערופן: וואָלף יאַסני דער קצב מיט די זין. יאַסני קצב האָט געהאַט עטלעכע זין, וועלכע זענען געווען גרויס און שטאַרק געבויט. זיי זענען געווען פאַררעכנט אין דער געגנט ווי די בעסטע פלייש־האַקערס.

וואָלף יאַסניס זין האָבן געהערט צו דער סאָסנאָוויצער גרופּע שטאַרקע, וועלכע מען האָט גערופן די „ווילע יונגען". ס׳האָט נישט לאַנג גענומען און די יאַסניס האָבן אויך דזשאָון אַריינגעצויגן אין דער גרופּע. ער האָט דאָך געהאַט אַ גוטע „רעפּוטאַציע" נאָך פון בענדין...

די „ווילע יונגען" אין סאָסנאָוויץ זענען באַשטאַנען פון די שטאַרקסטע און דרייסטסטע יידישע יונגעלייט פון שטאָט. אַבי וועמען האָט מען אין דער גרופּע נישט אַריינגענומען. די הויפּט־מחותנים זענען, אַחוץ די יאַסניס געווען: יחיאל שינדער, אברהמלע שינדער און זלמן שינדער, — דריי שינדערס פונעם שעכטהויז. זיי זענען געווען גיבורים און מען האָט זיי געהאַלטן פאַר די שטאַרקסטע אין סאָסנאָוויץ; צוויי ברידער — דראָשקאַזשעס, — וועלכע מען האָט גערופן „די דזשאָבאַסעס", ווייל זיי האָבן געהאַט אויפן פנים לעכער פון פּאָקן־קראַנקייט. די צוויי ברידער זענען געווען אויסערגעוויינלעך שטאַרק און געהאַט גוטע כאַראַקטערס — מ׳מש גאָלדענע הערצער. זיי וואָלטן געלאָפן אין פייער אַריין עמיצן צו

טאָן אַ טובה. צוזאַמען מיט די פּאָקן־לעכער איז אויך די גוטסקייט געלעגן אויסגעגאָסן אויף זייערע פּנימער.

אין די צייטן פון די ביטערע פרעסט, ווען עס איז שווער געווען, צוליב די שלעכטע וועגן, אַריינצוברענגען פלייש אין שעכטהויז אַריין, האָבן די „דזשאָבבאַסעס" אָפּט אויסגעבאָרגט זייערע געזונטע פערד, מען זאָל זיך אויך מיט זיי באַנוצן.

צו דער גרופּע „ווילע יונגען" האָבן אויך געהערט צוויי בעקערס. איינער האָט געהייסן שמואל־מרדכי בעקער (דזשאָוס אַ לייבלעכער קוזין — אויך אַ פּאַליוואָדאַ) און דער צווייטער — אייזל בעקער פון אָסטראָגורקע.

עס איז נישט געווען אַזוי לייכט צו ווערן אַ מיטגליד פון דער חברה „ווילע יונגען". יעדער איינער, וואָס האָט געוואָלט באַלאַנגען צו איר, האָט זיך געמוזט אויסצייכענען מיט געוויסע העלדישע מעשים. דער „עקזאַמען" איז פאָרגעקומען אויף אַזאַ אופן: שבת נאָך מיטאָג איז מען אַרויס אויף דער סאָסנאָוועצער לאָנקע און דאָרט באַוויזן וואָס מען קאָן.

איינער האָט, למשל, געדאַרפט באַווייזן זיין כוח, אויפהייבנדיק אַ פערד פון פאָרנט; אַ צווייטער האָט געדאַרפט באַווייזן, אַז ער קאָן רייטן „ווילד" אויף אַ פערד; אַ דריטער — ווידער — אַז ער קאָן גוט די מלאכה פון „פּראַנצויזישע וואַלקעס" (רעסלען), און אויב ער האָט באַוויזן אָוועקצולייגן זיין קעגנער „אויף די לאָפּאַטקעס", איז ער נישט נאָר געוואָרן אַריינגענומען ווי אַ מיטגליד פון דער גרופּע, נאָר ער איז דאָרט געוואָרן אַ גאַנצער „יאַ טיעביע דאַם"...

דזשאָון איז נישט געווען לייכט אָנצוקומען אין דער גרופּע „ווילע יונגען", מחמת ער איז נאָך געווען צו יונג פאַר זיי, אָדער, ווי זיי האָבן געזאָגט: ער איז נאָך אַ סמאַרק...

ערשט נאָך גרויסער שתדלנות פון די איינפלוסרייכע ברידער יאָסני האָט מען דזשאָון צוגעלאָזט צום עקזאַמען. עס איז געקומען אַ גרויסער עולם, ווייל מען האָט געוואָלט זען דעם דורכפאַל פון דעם „סמאַרק", וואָס האָט געהאַט די חוצפה זיך צו פאַרמעסטן אַזוי הויך.

דעם עקזאַמען האָט דזשאָו אויסגעהאַלטן. ער האָט באַוויזן אַז ער קען גוט די „פּראַנצויזישע וואַלקעס", אין וועלכע ער איז געווען אויסער־

געוויינלעך פּלינק; ער האָט באַוויזן אַז ער איז אַ גוטער רייטער אויף יעדן פערד, וואָס מען גיט אים, און ער האָט אַרויסגעוויזן אַ גרויסע גבורה ביים הייבן געוויכטן פון 8 פּוד.

די „ווילע יונגען" פון סאָסנאָוויץ האָבן געהאַלטן אין צאַם די פּויליש כוליגאַנעס פון שטאָט, וועלכע האָבן פון צייט צו צייט זיך געלאָזט ווילגיין. ווען די בויאַנעס האָבן צעלאָזט זייערע אַנטיסעמיטישע געפילן, האָבן די „ווילע יונגען" געלערנט מיט זיי בלק...

היות די יאַסנים האָבן געהאַט אַן אייגענע בריטשקע (שפּאַציר־וואָגן) מיט צוויי געזונטע סוסים, פלעגן זיי אָפט אַריבערפאָרן די דייטשישע גרענעץ, וועלכע איז געלעגן זייער נאָענט, אַז מען האָט זי ממש געקאָנט אָנטאַפּן מיט דער האַנט. האָבן יידן טאַקע זיך געוויצלט: ס'איז אַ שיינע גרענעץ! גענוג צו געבן אַ געגעץ און מען איז שוין אין דייטשנלאַנד...

דזשאָו האָט עס גאָר בקרוב אויסגענוצט אויף פאַר אַנדערע צוועקן. ער פלעגט פון צייט צו צייט אַריבערפירן קיין דייטשלאַנד פאַרשיידענע מענטשן. נישט איין פּאָליטישן אַרעסטירטן, וואָס איז אַנטלאָפן פון רוסלאַנד, פלעגט ער וויזן דעם וועג איבער דער גרענעץ, און אין אַ סך פאַלן זיי אַליין פירן דורך זייטיקע וועגן, וועלכע ער האָט גוט געקענט און אַזוי אַרום אויסגעמיטן די רוסישע זשאַנדאַרן, וואָס האָבן געהיטן די גרענעץ.

דזשאָו האָט פאַר דער דאָזיקער טירחה קיינמאָל ביי קיינעם נישט גענומען קיין באַלוינונג. זיין גרעסטער שכר איז געווען, ווען ער האָט עמיצן געקאָנט טאָן אַ טובה און אַרויסהעלפן אין אַ נויט. צווישן אַנדערע האָט דזשאָו אַמאָל אַריבערגעפירט איבער דער גרענעץ, פון רוסלאַנד קיין דייטשלאַנד, אַ באַוווסטן אָדעסער חזן, מיטן נאָמען קאַרניאַל, וועלכער איז געפאָרן קיין אַמעריקע. די דאָזיקע זאַך האָט דזשאָו דורכגעפירט אויף דער בקשה פון יאַסני קצב, צו וועלכן די אָדעסער קצבים האָבן געשיקט דעם חזן קאַרניאַל, מען זאָל אים זען וואָס שנעלער אַריבערצופירן קיין פּרייסן. דזשאָו האָט אויך געהאָלפן מענטשן, וואָס זענען אַנטלאָפן פון רוסישן מיליטער און זיך געוואָלט אַריבערשמוגלען די גרענעץ קיין אויסלאַנד.

איין מאָל האָט מען דזשאָון, בעת אַזאַ רייזע, געכאַפּט ביי דער גרענעץ, צוריקגעבראַכט קיין סאָסנאָוויץ און אַריינגעזעצט אים אין דער „קאָ־

זע" (אַרעסט). היות יאַסני דער קצב איז געווען „פּאָדריאַטשיק" (צושטע־לער) פון פלייש פאַרן רוסישן מיליטער און אַזוי אַרום געקענט אַלע מי־ליטערישע און פּאָליציי־באַאַמטע, איז אים געלונגען דזשאָון שנעל צו באַפרייען פון אַרעסט.

דזשאָו פלעגט אָפט אַריבערשפּאַצירן די גרענעץ קיין דייטשלאַנד דורך דער בריק, וואָס האָט פאַרייניקט רוסיש־פּוילן מ'ט דייטשלאַנד — פון מאָנדזשעוו קיין מיסלאָוויץ.

בענדין־סאָסנאָוויץ איז, ביז צו דער ערשטער וועלט־מלחמה, געווען ניִשט נאָר דער הויפּט־צענטער צווישן רוסיש־פּוילן און דייטשלאַנד־עסט־רייך, נאָר אויך דער הויפּט־צענטער פון שמוגל. פון דאָרט האָט מען אַרי־בערגעשמוגלט, אָדער, ווי מען האָט עס גערופן: „אַריבערגעשוואַרצט" די גרענעץ. עס האָבן זיך געבילדעט גאַנצע קאָאָפּעראַציעס, וואָס האָבן גע־לעבט פון שמוגלען מענטשן און סחורות. פון רוסלאַנד האָט מען, הויפּט־זאַכלעך, געשמוגלט שנאַפּס און טאַבאַק, און צוריק — פאַרשיידענע אַנ־דערע סחורות.

די שמוגל־קאָאָפּעראַציעס האָבן זיך באַמיט אַריבערצוציען דזשאָו צו דער אַרבעט פאַר זיי. זיי האָבן אים פאָרגעלייגט אַ סך געלט ער זאָל צו זיי צושטיין. קודם־כל האָבן זיי עס געוואָלט טאָן צוליב דעם, ווייל מיט זיין אַריבערשמוגלען מענטשן, נישט נעמענדיק דערביי קיין שום באַלוי־נונג, האָט ער זיי געשטערט אין זייער געשעפט — און דאָס האָט זיי גישט געשמעקט. דזשאָו איז געווען פאַר זיי אַ גרויסע קאָנקורענץ. נישט קאָנענדיק אים אַריבערציען אויף זייער זייט מ'ט גוטן, האָבן זיי צוגע־גרייט אַ פּלאַן, וואָס זאָל אים איינמאָל פאַר אַלעמאָל אומשעדלעך מאַכן ביי דער גרענעץ. דאָס האָט געזאָלט געשען אויף דער צווייטער זייט גרע־נעץ, שוין אויף דער דייטשישער טעריטאָריע.

אין די יום־טובדיקע טעג, ווען דזשאָו איז געווען פריי פון דער אַר־בעט, פלעגט ער אָפּט אַריבערשפּאַצירן די בריק פון מאָנדזשעוו קיין מיס־לאָוויץ, און פון דאָרט קיין קאַטאָוויץ — אין דער שיינער, רייכער שטאָט פון אויבערשלעזיע. דאָרט פלעגט ער באַקוקן די פלאַקאַטן און אויסגעפּי־נען צי עס געפינט זיך נישט קיין צירק און קיין „פּראָנצויזישע וואָלקעס" (רעסלען), צו וועלכע עס האָט אים נאָך אַלץ געצויגן. ער פלעגט אויך

אָפּשטײַן שעהן לאַנג בײַ די שײַנע, רײַך־דעקאָרירטע אויסשטעל־פענצ־טער, אויסזוכן פאַרשײדענע זאַכן, וואָס זאָלן זיך פּאַסן פאַר זײַן מוטער און פאַר די ייִנגערע קינדער און זײ ברענגען אויסלענדישע מתנות. נישט געווען קײן פאַל ער זאָל צוריקקומען פון זײַנע אויסלענדישע רײזעס מיט ליידיקע הענט. האָבן אים טאַקע זײַנע „קאָנקורענטן" באַשלאָסן צו מסרן פאַר די דײַטשן און אַזוי אַרום פּטור ווערן פון אים.

דזשאָו האָט אָבער שוין באַוויזן צו געווינען אַ סך פרײַנט, אַפילו אין די שמוגל־קאָאָפּעראַציעס, וועלכע האָבן אים באַצײַטנס געוואָרנט וועגן דער מיאוסער שפּיל, וואָס מען גרײט פאַר אים. און טאַקע דעמאָלט, ווען מען האָט געוואַרט אויף דזשאָון בײַ דער גרענעץ, כּדי צו כאַפּן דעם גע־פערלעכן „שמוגלער", איז ער זיך גאַנץ רואיק דורכגעגאַנגען די בריק. ער האָט בײַ זיך גאָרנישט געהאַט, ווארום די מתנות, וואָס ער האָט גע־קויפט פאַר זײַן משפּחה, האָבן אַנדערע געבראַכט איבער דער גרענעץ... דאָס האָבן געטאָן זײַנע גוטע פרײַנט, וועלכע האָבן געהערט צו דער זעל־ביקער שמוגלער־קאָאָפּעראַציע, וואָס האָט אים געוואָלט אונטערשטעלן אַ פּיסל...

***

אברהם־יצחק פּאַליוואָדאַ האָט אָפט געשריבן בריוו אַהיים. ער איז געווען שטאַרק באַזאָרגט וועגן זײַן משפּחה; ווי זײַן ווײַב גײט זיך מיט די קינדער אַן עצה. ער האָט געהאַלטן אין אײן שטעלן פראַגעס, אָבער וועגן זיך און ווו ער געפינט זיך האָט ער גאָרנישט געשריבן. קײנער האָט נישט געוווּסט ווו עס געפינען זיך די בענדינער ייִדן, וואָס זענען אַוועק זיך שלאָגן מיטן יאַפּאָנטשיק...

האָט מען זיך באַגנוגנט מיט די לידער, וואָס מען פלעגט זינגען וועגן דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה. אײן ליד, משמעות, אָנגעשריבן פון שלום עליכם, געדענקט נאָך דזשאָו פּאָול ביז איצט. עס גײט אַזוי:

שלאָף, אַלעקסעי, יורש פײַנער, ליכטיקער פּאַרשוין!
שלאָף, בן־יחיד, קדיש מײַנער, שלאָף זשע, שלאָף, נישט וויין!

זאָלסט מיר וואַקסן, זיין אַ גרויסער, האָבן קאַסע־געלט,
שטעט און דערפער, זיין אַ קייסער, איינער אין דער וועלט.

וועסט אם ירצה שם פאַרמאָגן רענטעס פולע זעק,
און פיל שיינקייט מיט אַסטראַגן, קלויסטערס אָן אַן עק...

און זשאַנדאַרן און קאָזאַקן, שומרים ביי דער טיר,
די, וואָס קאָנען בראָקן, האַקן, שמייסן אָן אַ שיעור...

האָב נישט מורא פאַר יאַפּאָניע, זיי נאָר נישט קיין נאַר,
ס׳לעבט נאָך מאָסקווע, ס׳לעבט נאָך פאָניע, מ׳דאַרפן נאָך
אַ צאַר...

פון דעם האָט מען געוווסט, אַז „פאָניע האָט נישט מורא פאַר יאַ־פּאָניע"... אין חודש סעפּטעמבער 1905 איז אָנגעקומען די דערפרייענדי־קע ידיעה, אַז די רוסיש־יאַפּאַנישע מלחמה איז געענדיקט. אָבער דער שטאַרקער פאָניע האָט גאָר פאַרשפּילט צו יאַפּאָניע...

דזשאָוס פאָטער איז צוריקגעקומען פונעם ווייטן מזרח. די פרייד פון דער משפחה איז געווען גרויס. זי איז אָבער ליידער גיך צעשטערט גע־וואָרן. דזשאָוס פאָטער איז צוריקגעקומען אַהיים קראַנק אויף שווינדזוכט.

וועגן נעמען זיך צו דער אַרבעט האָט קיין רייד נישט געקאָנט זיין. דער דאָקטאָר, געהייסן האָט ער רעגאַלסקי, האָט דערקלערט דזשאָוס פאָ־טער, אַז אויב ער וויל ווערן געזונט, מוז ער בייטן דעם קלימאַט. אַם־בעסטן וואָלט פאַר אים געווען צו פאָרן זיך היילן אין דער שווייץ.

נאָך אַ ישוב־הדעת מיט דער גאַנצער משפחה פון טאַטנס און מאַ־מעס צד און מיט אַלע גוטע פריינט, איז באַשלאָסן געוואָרן צו טאָן אַזוי ווי דער דאָקטאָר האָט געהייסן. מען האָט אָנגעהויבן אויסצופאַרקויפן די גאַנצע סחורה און מאַשינען, וואָס די מאַמע האָט מיט אַזויפיל מי גע־האַלטן די גאַנצע צייט און אָפּגעהיט ביזן טאַטנס צוריקקומען. מען האָט געשאַפן פאַר אים געלט אויף הוצאות און געזען ער זאָל האָבן אויף אַ געווויסע צייט צו לעבן, ביז ער וועט זיין בכוח אָנהייבן צו אַרבעטן.

און אָזוי איז דזשאָוס פאָטער אָוועקגעפאָרן אויף קוראָציע אין דער

שווייץ. דזשאָן איז געבליבן אַרבעטן ביי וואָלף יאַסני דעם קצבֿ און מיט זיינע פאַרדינסטן האָט ער צוגעהאָלפן דער מאַמען אויסצוהאַלטן די משפּחה. דזשאָוס מאַמע האָט ווייטער געקויפט און פאַרקויפט אייער.

קירצלעך האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען גוטע ידיעות פון דער שווייץ. אברהם־יצחק פּאָליוואָדאַ האָט זיך, אַדאַנק דעם גוטן קלימאַט אין דער שווייץ, אָנגעהויבן פילן וואָס אַמאָל בעסער. אַוועק נאָך אַ שטיקל צייט און דער קראַנקער פּאָליוואָדאַ האָט ביסלעכווייז אָנגעהויבן צו אַרבעטן, און טאַקע גאַנץ שיין פאַרדינען. אין אַ געוויסן טאָג, ס'איז גראָד געווען אַ יאָר נאָך זיין אָפּפאָרן, איז אָנגעקומען אַ בריוו פון דזשאָוס טאַטע, אַז ער האָט באַשלאָסן צו באַזעצן זיך אין דער שווייץ און אַריבערצוברענגען אַהין דאָס ווייב מיט די קינדער.

סוף יאָר 1906 האָט די מאַמע אויספאַרקויפט די רעשט זאַכן, מיט־נעמענדיק מיט זיך בלויז דאָס בעטגעוואַנט מיט די פערינעס, די טעפּלעך מיט די קאָך־כלים, דאָס געפעס מיט גאָפּל־מעסער און — דער עיקר — דעם טשייניק, ווייל זי האָט מורא געהאַט, אַז אין דער שווייץ וועט זי אַ טשייניק נישט קריגן...

מ'עז האָט זיך מיט מזל אַרויפגעזעצט אויף דער באַן, באַלאָדן מיטן גאַנצן קלאַפּערגעצייג, מיט גאָר אַ סך עסנוואַרג, מ'עז זאָל, חלילה, בעת דער נסיעה נישט דאַרפן עסן קיין טריפות...

ביי דער באַן האָט זיך אָפּגעטאָן חושך. די גאַנצע משפּחה פון די רודאָלערס און פּאָליוואָדאַס, די שכנים און פריינט, אַלע חברים, מיטן עלטסטן פון זיי אַלע: זונדל פּופּיק בראש, ווי אויך די „ווילע יונגען" פון סאָסנאָוויץ — אַלע זענען געקומען געזעגענען זיך מיט דזשאָן און זיין משפּחה.

ביי אַ שטאַרקן געוויין פונעם גאַנצן עולם, צונויפגעמישט מיט גע־שרייען, ברכות און ווינטשעוואַניעס, האָט די באַן, שווער סאָפּענדיק, גע־רירט פון אָרט, פירנדיק „יאָסעלען דעם שטאַרקן" אין דער ווייטער וועלט אַריין.

## דזשאָו אין דער שווייץ

די באַן, מיט וועלכער דזשאָו און זיין משפּחה זענען געפאָרן פון בעג־דין קיין שווייץ, האָט זיך געשלעפּט דריי טעג און דריי נעכט. אויפן וואָק־זאַל אין גענף האָט זיי אָפּגעוואַרט דער פאָטער, וועלכער האָט אויסגעזען פריש און מונטער. די שמחה פון דער גאַנצער משפּחה איז געווען זייער גרויס.

אברהם־יצחק פּאָליוואָדאַ האָט שוין געהאַט אַן אייגענעם שניידער־וואַרשטאַט אין גענף און זיך נישט געהאַט וואָס צו באַקלאָגן אויף פּרנסה.

אויף דער טיר פון זיין געוועלב האָט געהאָנגען אַ שילדל, מיט פּאָלגנ־דיקן אויפשריפט:

„מען רעדט ענגליש"
„מען רעדט דייטש"
„מען רעדט איטאַליעניש"
„מען רעדט שפּאַניש".

און ווען ס'איז דאָרט אַריין אַ מענטש און גענומען רעדן אויף אַ פרעמדן לשון, האָט אברהם־יצחק פּאָליוואָדאַ אַ מאַך געגעבן מיט דער האַנט און געזאָגט:

— איר קענט זיך רעדן אויף וואָס פאַראַ לשון איר ווילט, אָבער איך רעד יידיש...

ווי עס האָט מיר איבערגעגעבן דער זשענעווער שרייבער י. טופּמאַן, געדענקט ער דעם אַלטן פּאָליוואָדאַ, מיט דער לאַנגער, שיינער ווייסער באָרד, איבער וועלכן עס האָט אין שטאָט קורסירט די אויבנדערמאָנטע מעשה מיט די פרעמדע לשונות...

אין גענף האָבן צו יענער צייט געוווינט אַ שיינע פּאָר הונדערט יידישע משפּחות. די מערסטע פון זיי האָבן, פּונקט ווי די יידן פון די אַנדערע שטעט אין דער שווייץ, געשטאַמט פון עלזאַס־לאָטרינגען און פון

דייטשלאַנד. זיי האָבן זיך אין דער שווייץ גאַנץ גוט איינגעאָרדנט, אָבער שנעל זיך אַסימילירט. אַ סך פון זיי האָבן חתונה געהאַט מיט קריסטלע־כע פרויען.

די שווייצער יידן זענען געווען, לרוב, סוחרים און פאַבריקאַנטן; די אויסלענדישע יידן, דאָס הייסט די, וואָס זענען געקומען פון מזרח־אייראָ־פּע, זענען געווען בעל־מלאכות: זייגערמאַכערס, שניידערס און סטאָליערס. די שווייצער יידן — די אַזוי־גערופענע מערב־אייראָפּעישע — האָבן גע־קוקט פון אויבן אַראָפּ אויף די ניי־איינגעוואַנדערטע יידן פון מזרח־איי־ראָפּע, און זיך צו זיי באַציוגן ווי נגידים לגבי קבצנים.

אין דער צייט ווען דזשאָוס טאַטע איז אָנגעקומען אין דער שווייץ, האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ גרויסע עמיגראַציע פון יידן, וואָס זענען אַנט־לאָפן פון רוסלאַנד צוליב די פּאָגראָמען און רדיפותן; צוליב פּאָליטישע טעמים, און אויך — זייער פיל סטודענטן, כדי צו שטודירן אין דער שווייץ. פאַר יידישע סטודענטן זענען, ווי באַוווסט, די טויערן פון די אוניווערסיטעטן אין צאַרישן רוסלאַנד געווען פאַרמאַכט.

נישט יעדער איינער פון די אימיגראַנטן האָט געהאַט דאָס מזל צו קריגן שטענדיקע ווינרעכט אין דער שווייץ. די שווייצער רעגירונג איז אין דעם פּרט געווען זייער שטרענג. די יידן, וואָס האָבן געהאַט פון רוס־לאַנד „גובערנאַטאָרסקע" פּעסער, דאָס הייסט, זיי זענען געווען סוחרים פון דער „ערשטער גילדע", האָבן פאַר זיך און זייערע משפחות תיכף באַ־קומען שטענדיקע ווינרעכט.

אין גענף האָט עקזיסטירט אַ יידישע קהילה, וואָס איז געווען אָנ־געשלאָסן אין אַלגעמיינעם „איזראַעליטישן געמיינדע־בונד" פון דער שווייץ. די קהילה האָט אויסגעהאַלטן די סינאַגאָגע און דעם בית־חיים און, צוזאַמען מיטן אַלגעמיינעם „איזראַעליטישן געמיינדע־בונד" אין דער שווייץ — דעם שפּיטאָל אין לענגנאַו און די באַרימטע סאַנאַטאָריע אין דאַוואָס.

די יידישע קהילה אין גענף האָט, אין דער ערשטער צייט, געהאָלפן ווי ווייט מעגלעך די ניי־געקומענע. די הילף, וואָס די קהילה האָט געגעבן, איז באַשטאַנען בעיקר אין געלט־שטיצע, כדי די עמיגראַנטן זאָלן קאָנען אַוועקפאָרן און זיין וואָס ווייטער פון זיי...

די יידן, וואָס האָבן געקריגן אַ דערלויבעניש צו פאַרבלייבן אין לאַנד און באַשלאָסן זיך צו נעמען צו הענדלעריי (פעדלען), אָדער, ווי מען האָט עס גערופן: הויזירן, האָבן באַקומען פון דער קהילה געלט, כדי זיי זאָלן קאָנען איינקויפן אַביסל סחורה.

דזשאָו פּאָול דערמאָנט זיך וועגן אַ ווונדערבאַרן יידן פון גענף, וואָס האָט געשטאַמט פון וואַרשע. זיין נאָמען איז געווען יעקב זאָלבערג. דער נעמלעכער זאָלבערג, אַגב זייער אַ פרומער און רייכער ייד, האָט געהאַט אַ האַרץ פון אַ מלאך. ער האָט געהאָלפן צענדליקער יידן זיך אַוועקצו־שטעלן אויף די פיס. זאָלבערג האָט אויסגעבאָרגט סחורה פאַר די „הויזי־רער" און אַזוי אַרום דערמעגלעכט זיי צו האַנדלען. דעם חוב האָבן די הענדלער צוריקגעגעבן ווען זיי האָבן נאָר געהאַט און געקאָנט.

דאָס נייע היימלאַנד איז דזשאָון זייער געפעלן געוואָרן. ער האָט זיך גאָרנישט געקאָנט אָנזעטיקן מיט דער שיינקייט פון דער מאָלערישער שווייץ. אויף גאַנצע טעג איז ער פאַרפאַלן געוואָרן פון דער היים. טאַטע־מאַמע זענען געווען זייער באַזאָרגט.

ליגנדיק ביינאַכט אין בעט, נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט, האָט דזשאָוס טאַטע נישט געקאָנט איינשלאָפן; געדרייט זיך פון איין זייט אויף דער אַנדערער און נישט אויפגעהערט צו קרעכצן. די מאַמע האָט גאַנץ גוט פאַרשטאַנען די סיבה דערפון, אָבער וועלנדיק אים באַרואיקן און נישט געפינענדיק קיין פּאַסיקע ווערטער, האָט זי האַלב־שעפּטשענדיק, געפרעגט:

— פאַרוואָס שלאָפסטו נישט, אברהמטשע? ברויכסט דאָך אויפ־שטיין גאַנץ פרי צו דער אַרבעט. מוזסט זיך אויסרוען...

— אַי, שיינדעלע, — האָט דער טאַטע שווער געזיפצט — כ'טראַכט וועגן אונדזער יאָסלען. וואָס וועט זיין דער תכלית פון אים? ער ווערט כסדר פאַרפאַלן אויף גאַנצע טעג... וואַלגערט זיך אַרום איבער דער שטאָט און טראַכט אַפילו נישט וועגן נעמ'ען זיך צו עפּעס אַן אַרבעט... מילא, נישט געוואָלט זיך לערנען, איז נישט... ווער די וועלט האָבן מיט איין למדן ווייניקער, אָבער — תכלית, תכלית...

— אַזאַ געזונט שיין יינגל, האָט געקאָנט זיין אַ מענטש, אַז אַנדערע זאָלן זיך שפּיגלען אין אים... — האָט די מאַמע געזאָגט שעפּטשענדיק, ווי זי וואָלט גערעדט צו זיך אַליין.

— ר׳איז ביי פּאַניען געווען אַ „שעווער״, אַ הפקר־יונג, און ר׳וויל דאָ אויך גיין אויף די זעלביקע דרכים... — האָט דער אַלטער פּאַליוואָדאַ גערעדט ווייטער — כ׳זאָל נישט געשטראָפט ווערן פאַר די רייד: ער וועט אויסוואַקסן אַ הינטשלעגער, אַ היצעל...

— רעד נישט אַזוי, אברהמטשע, — האָט די מאַמע געפּרוווט אים באַרואיקן — ס׳איז אַ גוט קינד... ער האָט אַ גאָלדן האַרץ... ער וואָלט דאָך די נשמה אַוועקגעגעבן אַבי עמיצן צו העלפן. ס׳איז דאָך די גוטס־קייט אַליין...

— גיט־שמיט, — זאָגט דער טאַטע — וויפל איז דער שיעור? שוין אַ בר־מצווה־בחור, ר׳וואָלט שוין געדאַרפט אַרויסהעלפן דעם טאַטן אין פּרנסה.

און אַזוי, ליגנדיק אין די בעטן, האָבן טאַטע־מאַמע נאָך לאַנג, לאַנג גערעדט וועגן זייער בכור.

אויף צומאָרגנס האָט דער אַלטער פּאַליוואָדאַ צונויפגערופן אַ מש־פּחה־אַסיפה און אַ זאָג געטאָן צו דזשאָון:

— הער יאָסל, ביסט דאָס עלטסטע קינד; ביסט געזונט און שטאַרק מויער־אייזן, קיין עין־הרע. קיין תלמיד־חכם וועסטו שוין, ווי איך זע, נישט זיין, אָבער וואָס פאַרא תכלית איז דאָס אַרומצושלעפּן זיך גאַנצע טעג איבער דער שטאָט, ווי עפּעס אַ טויבן־כאַפּער, להבדיל... בקיצור, מוזסט זיך נעמען צו עפּעס אַן אַרבעט. דאָ איז נישט רוסלאַנד. דאָ קאָן מען נישט אָנגיין מיט די אַלטע שטיק... יעדער איינער, אַז ער וויל לעבן, מוז ער זיך ערלעך פאַרדינען זיין שטיקל ברויט. האָסט נישט געוואָלט זיך לערנען, פאַרפאַלן... וועסטו נישט זיין געבילדעט ווי דיינע ברידער... האָסט זיך דאָך אויסגעלערנט אַ פאַך — קצבות, טאָ נעם זיך דערצו. גאָט איז מיין עדות, אַז כ׳האָב געוואָלט מאַכן פון דיר אַ שניידער, אָבער אַז דיר ליגט אין זינען עפּעס אַנדערש... אַז דו האָסט דיר אַריינגענומען אָקסן אין קאָפּ אַריין, איז דאָך נישט שייך...

דזשאָו האָט די גאַנצע צייט שווייגנדיק, אויסגעהערט דעם טאַטנס רייד און איינגעזען אַז דער טאַטע איז טאַקע גערעכט... הלמאַי זאָל ער זאָגן... דער טאַטע האָרעוועט שווער און ביטער... ער פאַרדינט אַפילו

נישט שלעכט, אָבער דאָך איז שווער אויסצוהאַלטן אַ משפּחה פון אַכט עסערס, קיין עין־הרע...

די פּאַליוואָדאַ־משפּחה האָט זיך פאַרגרעסערט: דזשאָו האָט שוין געהאַט צו יענער צייט צוויי ברידער און דריי שוועסטער. זיי אַלע גייען אין שול, לערנען פלייסיק און זיי וועלן זיין געבילדעט... און ער וואָס? — ער וויל דאָך אויך עפּעס זיין אין לעבן...

לעת־עתה מוז מען זען צו פאַרלייכטערן דעם טאַטן... ער מוז אים העלפן אין פּרנסה, און — — —

— — — דזשאָו האָט באַשלאָסן צו זוכן אַרבעט. ס׳האָט נישט לאַנג גענומען און דזשאָו האָט געקריגן אַרבעט ביי אַ דייטשישן, שטרענג־רעליגיעזן יידן, מיטן נאָמען יעקב נוימאַרק. ער איז געווען דער איינציקער קצב אין יענער צייט, וואָס האָט מיט זיינע צוויי זין פאַרקויפט ביי זיך אין יאַטקע כשר פליייש. די געגנפער יידן, אַפילו די וואָס האָבן געהאַט קריסטלעכע ווייבער, האָבן געגעסן כשר פלייש.

כשר־שחיטה איז אין דער שווייץ געווען פאַרבאָטן, האָט מען דאָס פלייש געמוזט ברענגען פון פראַנקרייך, וווּ עס איז יאָ געווען דערלויבט כשרה שחיטה. צוויי מאָל אַ וואָך האָט מען געשאָכטן די בהמות. צייטנווייז האָט מען געקויפט אָקסן אויך אין פראַנקרייך, אָבער אַממערסטן האָט מען זיי געבראַכט אַהין צו דער שחיטה פון דער שווייץ.

דזשאָו האָט ביי דעם גענפער קצב נוימאַרק געאַרבעט זייער שווער, ווייל אַחוץ דעם וואָס ער האָט געמוזט יעדן טאָג צושטעלן צו די באַלעבאַטים פון דער שטאָט דאָס פלייש, איז ער כסדר געפאָרן מיט די בהמות קיין פראַנקרייך, געהאָלפן זיי דאָרט שעכטן און דערנאָך צוריקברענגען דאָס פלייש קיין גענף — צו נוימאַרקן אין דער יאַטקע אַריין.

אַזוי אַרום האָט דזשאָו צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן געזען ווי מען האַלט פלייש אין אַן אייזקאַמער און ווו עס ווערט, דורך אַ ספּעציעלער מאַשין, אויסגעאַרבעט אייז. אין יענער צייט איז עס פאַר אים געווען אַ גרויסע אַנטפּלעקונג, ווייל אין רוסיש־פּוילן האָט מען נאָך דעמאָלט פון אַזעלכע זאַכן נישט געוווסט.

דזשאָו האָט געאַרבעט זייער פלייסיק און די נוימאַרקס זענען פון אים געווען ביז גאָר צופרידן. ער האָט אויך מער געזאָרגט פאַר דער היים.

אַדאַנק זיינע פֿאַרדינסטן און הילף, האָט זיך די פּאַליוואָדאַס געלעבט לייכטער. טאַטע־מאַמע האָבן זיך שוין נישט באַקלאָגט אויף אים און אין שטוב האָט געהערשט צופֿרידנקייט.

דאָס פֿלייש צו די קונים האָט דזשאָו צוגעשטעלט פֿאַרנדיק אויף אַ ראָווער (בייסיקל). דזשאָו איז געווען אַ גוטער ראָווער־פֿאָרער נאָך פֿון די בענדינער־סאָסנאָווצער צייטן. אין דער שווייץ איז ער אָבער דערגאַנ־גען צו אַזאַ פּערפֿעקציע, אַז מ'האָט אים געהאַלטן פֿאַר איינעם פֿון די בעסטע ראָד־פֿאָרער. אַביסל שפּעטער האָט דזשאָו אָנגעהויבן צו פֿאָרן אויך אויף אַ מאָטאָרציקל, וואָס ער האָט זיך געקויפֿט פֿאַר זיין אייגן פֿאַרדינטן געלט.

ווען דזשאָו איז אַלט געוואָרן 17 יאָר איז ער שוין געווען באַקאַנט אין דער שווייץ ווי איינער פֿון די בעסטע מאָטאָרציקל־פֿאָרער און ער איז אַריינגענומען געוואָרן אין „גאַריבאַלדי־קלוב", צו וועלכן עס האָבן געהערט די בעסטע מאָטאָרציקל־טשעמפּיאָנען.

נאָך פֿינף יאָר אַרבעט אין דער יאַטקע, האָט אים דער באַלעבאָס אַרויסגעוואָרפֿן פֿון דאָרט. דער קצב נוימאַרק האָט אויסגעפֿינען, אַז דזשאָו פֿאָרט אַרום שבת אויפֿן מאָטאָרציקל. און ער, אַלס פֿרומער ייִד, האָט עס נישט געוואָלט טאָלערירן. ווי דזשאָו האָט זיך שפּעטער דערוווּסט, האָט אים פֿאַרמסרט איינע פֿון די קריסטלעכע פֿרוי־ען פֿון זייערס אַ ייִדישן קונה, וואָס האָט געהאַלטן איר היים שטרענג כשר...

היות ס'איז געווען נישט אַזוי לייכט צו קריגן אַן אַנדערע שטעלע ביי קצבות, האָט דזשאָו, נישט וועלנדיק זיצן אָן אַרבעט, אָנגענומען די ערשטע־בעסטע באַשעפֿטיקונג, וואָס האָט זיך אים אונטערגערוקט.

ער האָט געפֿונען אַרבעט אין אַ בעקעריי, — אין דער איינציקער ייִדישער בעקעריי, וואָס האָט געהערט צו אַ געוויסן מענדל חײַקין פֿון יע־קאַטערינאָסלאַוו. חײַקין — אַ באַקאַנטער ציוניסטישער עסקן אין גענף — האָט דזשאָון זייער מקרב געווען. ער האָט אים אַריינגענומען צו זיך אין הויז און אים באַהאַנדלט ווי אַן אייגן קינד. דזשאָוס אַרבעט איז באַ־שטאַנען, הויפּטזעכלעך, אין צושטעלן יעדן אינדערפֿרי פֿריש ברויט צו די קליענטן — כמעט די זעלביקע, וועלכע ער האָט פֿריער צוגעשטעלט פֿלייש.

אָבער לאַנג אויף דעם פּאָסטן האָט זיך דזשאָו נישט געהאַלטן. ער האָט נישט געזען אין דעם קיין תכלית, וואָרום קיין בעקער האָט ער נישט געוואָלט זיין. באין ברירה האָט ער זיך געמוזט איבערבעטן מיט די אַל־טע באַלעבאַטים — די נוימאַרקס. זיי האָבן אים צוריקגענומען צו זיך אין געשעפט, ווייל ער איז, סוף־כל־סוף, געווען אַן ערשטקלאַסיקער אַר־בעטער. דזשאָו האָט אָבער געמוזט זיי צוזאָגן, אַז מער וועט ער שבת נישט פאָרן.

ליידער האָט ער דעם צוזאָג לאַנג נישט געהאַלטן. די מאָטאָר־רעדער האָבן אים געצויגן, פונקט ווי שנאַפּס — דעם שיכור... אין אַ פּאָר חדשים אַרום האָבן אים די באַלעבאַטים ווידער געכאַפּט בעת אַ שבתדיקן שפּאַציר אַניפן מאָטאָרציקל און אים ווידער משלח געווען — דאָס מאָל לעולם ועד.

נישט לאַנג געטראַכט האָט דזשאָו באַשלאָסן אויסצונוצן זיינע ספּאָרט־פעאיקייטן און זיי פאַרבינדן גלייכצייטיק מיט פּרנסה. אַזוי ווי קיין שרעקעדיקער איז ער נישט געווען, איז ער אַוועק צו איינער פון די גרעסטע מאָטאָרציקל־קאָמפּאַניעס אין דער שטאָט, א״ב „וואַן לעיזען״ און זיי פאָרגעלייגט פאַלגנדיקן פּלאַן: ער וועט פאַר דער פירמע דינען ווי אַ מאָטאָרציקליסט פאַר רעקלאַמע־ צוועקן, ד״ה ער וועט ווייזן ווי שנעל מען קאָן פאָרן מיט די מאָטאָרציקלען פון זייער קאָמפּאַניע. דזשאָוס פּלאַן איז אָנגענומען געוואָרן און ער איז אַנגאַזשירט געוואָרן פאַר אַ מוסטער־מאָטאָרציקליסט פון דער פירמע „וואַן לעיזען״.

# דזשאָוס חלום ווערט מקוים

אין אַ צייט אַרום איז געקומען קיין געגנף דער באַרימטער רומענישער צירק „סידאָלי״. דערוויסנדיק זיך, אַז עס געפינט זיך דאָרט אַזאַ גוטער ראָד־פאָרער, ווי דזשאָו, האָט אים די דירעקציע פון צירק אַנגאַזשירט אויפצוטרעטן ביי זיי. כדי דזשאָוס אויפטריט צו פאַרוואַנדלען אין אַ סענ־סאַציע, האָבן זיי צוגעגרייט פאַר אים אַ גרויסן רונדיקן פאַס, אין וועלכן דזשאָו האָט געדאַרפט אַרומפאָרן מיט זיין מאָטאָרציקל. עס האָט נישט גענומען לאַנג און דזשאָו האָט זיך אויסגעלערנט דעם נייעם ספּאָרט. ער איז געפאָרן אין דעם פעסל, דערגרייכנדיק אַ רעקאָרד־שנעלקייט. זיין אויפ־טריט איז דעמאָלט געווען דער גרעסטער סוקצעס.

ווען די דירעקציע פונעם צירק האָט זיך דערוווּסט, אַז דזשאָו איז אויך אַ גוטער קצב, האָבן זיי אים געגעבן אַ צוגאָב־אַרבעט. דער „סידאָ־לי״־צירק האָט געפירט אַן אייגענע קיך פאַר זיינע קנאַפּע 300 אָנגעשטעלטע, צווישן וועלכע עס זענען געווען אייניקע אַרטיסטן מיט אַ וועלט־נאָמען. דזשאָוס צוגאָב־אַרבעט איז באַשטאַנען אין שניידן דאָס פלייש, ווי אויך צוהעלפן דעם קוכער אָנצוגיין מיט דער קיך. דאָ האָט דזשאָו זייער פיל געלערנט און זיך איבערצייגט, אַז קאָכן איז אַ גרויסע קונסט.

דערנאָך האָט ער צו ביסלעך אָנגעהויבן צו פאַרנעמען אַן אָנגעזען אָרט אין צירק, באַקומענדיק כסדר צוגאָב־פאַרדינסטן. ער האָט געריטן אויף פערד — ביים טרענירן זיי. ער איז געוואָרן דער אַזוי־גערופענער שול־רייטער. ער האָט אויך אָנטיילגענומען אין „פראַנצויזישע וואַלקעס״ (רעסלען). אַזוי אַרום האָט ער זיך געקויפט אַ שייגעם נאָמען און פאַר־דינט אַ סך געלט. אין צירק „סידאָלי״ האָט ער אָפּגעאַרבעט אַ יאָר צייט. אַ חוץ אין דער שווייץ, איז ער אויך אויפגעטראָטן אין פראַנקרייך און אין דייטשלאַנד, ווערנדיק אומעטום דער ליבלינג פונעם עולם.

דזשאָו האָט, אין קעגנזאַץ צו זיינע ברידער, געהאַט אַן אומבאַשרייב־

לעבן דראַנג צו רייזן, צו זען די גרויסע וועלט, מיט אַלע אירע שיינקייטן; צו טרעפן זיך און באַקענען וואָס מער מענטשן. ער האָט אויך געהאַט אַ זעלטן געפיל פאַר דער שיינער קונסט און פאַר ספּאָרט. דאָס, וואָס ער האָט נישט באַוויזן צו לערנען אין דער שול, האָט ער אין משך פון יאָרן געלערנט פון מענטשן, פון דערפאַרונגען, פונעם לעבן.

זיינע דריי ברידער האָבן, זיצנדיק אויף אַן אָרט, געהאַט אַ מעגלעכקייט צו שטודירן און צו דערגרייכן אַ פּאָזיציע — יעדער איינער אין זיין באַרוף.

דער ערשטער — לייב — האָט געפירט, צוזאַמען מיטן טאַטן, דאָס געשעפט; דער צווייטער — אהרן — אַנרי פּאַליוואָדאַ, איז געוואָרן דער פאַרטרעטער פון די אַמעריקאַנער פילם־פּראָדוצענטן וואַלטער דיסנעי און „ר. ק. אָ." פאַר דער שווייץ.

דער דריטער ברודער — שלמה — הענרי פּאַליוואָדאַ, האָט אַחוץ אין דער שול, געלערנט אויך ביים טאַטן שניידעריי און מיט דער צייט געוואָרן אַ באַקאַנטער סוחר אין גענף.

דזשאָוס חלום איז מקוים געוואָרן. אויף די ריזיקע צירק־אַפישן איז שוין געווען זיין גרויס בילד, ווי ער, דער ריז, שטייט אַ האַלב־נאַקעטער, מיט אַ שטאָלצן בליק אין זיינע פלאַמיקע אויגן, און מיט פאַרלייגטע, מוסקולעזע הענט אויף זיין מעכטיקן ברוסטקאַסטן, פונקט ווי אַמאָל זיין ליבלינג פּיטליאַשינסקי. און ס'איז אים באַפאַלן אַ היים־בענקעניש נאָך זיין בענדין און סאָסנאָוויץ.

זאָלן זיי איצט דאָרט זען, מיט זייערע אייגענע אויגן, וואָס עס איז געוואָרן פון „יאָסעלע דעם שטאַרקן", דעם הפקר־יונג, דעם „שעווער": ווי גרויס און באַרימט עס איז איצט יאָזעף פּאָליוואָדאַ...

גערעדט און געטאָן.

די נסיעה קיין רוסיש־פּוילן האָט דזשאָו געמאַכט אויף אַ מאָטאָר־ציקל פון דער פירמע „וואַן לעיזען". ער איז געפאָרן דורך פּאַריז, עלזאַס־לאָטרינגען, פראַנקפורט אַם מיין, ברעסלאַו, קאַטאָוויץ און פון דאָרט — קיין בענדין.

בענדין האָט שוין גאָר אַנדערש אויסגעזען. שענערע גאַסן, גרעסערע הייזער, די שטאָט אַ סך ריינער, ציכטיקער. און היינט, דעם ברוך־הבא



די חתונה פון דזשאָו פּאָולס ברודער לייבל. די גאַנצע משפּחה אויף דער חתונה אויסער זײַן פאָטער אברהם־יצחק, וועלכער האָט שוין נישט געלעבט.

וואָס ער האָט באַקומ׳ען, דעם כבוד וואָס מען האָט אים אָפּגעגעבן. די אויפנאַמעס וואָס מען האָט פאַר אים געמאַכט, און די מתנות, וואָס ער האָט באַקומען פון זיינע נאָענטע... אַלע האָבן אים אויפגענומען מיט גרויס פּאַראַד און אַרויסגעוויזן אמתדיקע פרייד מיט זיין פּלוצימדיקן באַוויזן זיך אין שטאָט.

אויף די גאַסן האָט מען אים כסדר געזען אַרומגערינגלט מיט מחנות מענטשן, וואָס זענען אים נאָכגעלאָפן. די בכבודיקסטע יידן האָבן זיך באַמיט צוצוקריגן זיך צו אים און אָפּשטעקן שלום עליכם.

אַלע האָבן געשלונגען דזשאָוס ווערטער מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם. ער האָט דערציילט וועגן דער פרייער וועלט; וועגן דעם ווי גוט און צופרידן עס לעבט זיך דאָרט די יידן; ווי קיינער באַליידיקט דיך נישט צוליב דעם וואָס דו ביסט אַ ייד...

— ס׳איז אַ שאָד — האָט דזשאָו פאַרענדיקט זיין דערציילן — צו פטרן די בעסטע יאָרן אויף צו ווערן פאַרפינצטערט אין צאַרישן רוסלאַנד...

פאַר דעם פייערלעכן קבלת־פּנים וואָס מען האָט אים געמאַכט, האָט דזשאָו באַשלאָסן צוצוגרייטן פאַר זיינע פריינט און פאַרערער אַ גרויסן סורפּריז.

בעתן זיין באַזוך אין בענדין, איז גראָד אָנגעקומ׳ען אַהין אַ צירק, מיטן נאָמען „כאַראַן", ווו מען האָט אויך געוויזן „פראַנצויזישע וואַלקעס" (רעסלען). דזשאָו האָט פאַרבעטן אַלע זיינע אַמאָליקע גוטע פריינט אין צירק אַריין, קויפנדיק פאַר זיי בילעטן אין די ערשטע רייען.

דזשאָו האָט, נישט זאָגנדיק וועגן דעם קיינעם, זיך געמאָלדן צום דירעקטאָר פונעם צירק, אַז ער וויל בחינם, און אָן אַ גראָשן געלט, זיך פאַרמעסטן מיט די בעסטע אַטלעטן פונעם צירק. דער דירעקטאָר, זעענדיק פאַר זיך אַ ברייט־פּלייציקן, פעסט־געבויטן און שיינעם יונגן מאַן, איז געווען צופרידן מיט דעם פאָרשלאַג און גערן איינגעגאַנגען אויף דעם. ער האָט נישט געוווּסט, אַז דזשאָו איז אַ פּראָפעסיאָנעלער אַטלעט און אַז ער האָט שוין געקעמפט ביי „סידאָלי" אין צירק.

בעת די ערשטע נומערן פון צירק־פּראָגראַם איז דזשאָו, ווי קיינמאָל גאָרנישט, געזעסן צוזאַמען מיט זיינע פריינט און זיך צוגעקוקט צו די אויפטריטן. פּלוצים איז ער, צום גרויסן שטוינען פון זיינע פריינט, פאַר־

שווונדן געוואָרן. און איידער וואָס־ווען איז אַרויסגעקומען דער צירק־די־רעקטאָר און געמאָלדן, אַז ער האָט אויף היינט אָונט צוגעגרייט פאַרן בענדינער עולם אַ גרויסע איבעררַאַשונג — — —

— — — אויף דער צירק־אַרענע איז אַרויס דער בעסטער רוסישער אַטלעט פון דער „כאַראָן"־גרופּע און, גליין נאָך אים, האָט זיך באַוויזן זיין קעגנער — דזשאָו.

אַ רגע איז דער עולם געבליבן זיצן פאַרגאַפּט פון איבעררַאַשונג. ווען דאָס פּובליקום איז געקומען צו זיך, איז אויסגעבראָכן אַ שטורעם פון אַפּלאָדיסמענטן, — אַזוי האָט דער עולם באַגריסט זייער בן־עיר, דעם נייעם שמשון הגיבור — יאָזעף פּאָליוואָדאַ. אַזעלכע אָוואַציעס האָט מען ביז איצט פאַר קיינעם אין בענדין נישט געמאַכט. עס האָט לאַנג גענומען ביז דער עולם אין צירק האָט זיך איינגעשטילט און דער רינג־קאַמף האָט זיך געקאָנט אָנפאַנגען.

צוויי ריזיקע, גבורהדיקע קערפּערס האָבן זיך פאַרמאָסטן איינער אַנטקעגן דעם אַנדערן. מען האָט פאַרויסגעזען אַ לאַנגן און פאַרביטערטן קאַמף פון די צוויי הערקולעסן. די אויגן פון די קעגנער האָבן געשפּריצט מיט פייער. די מוסקולן פון זייערע קערפּערס זענען ביי יעדן אָנגריף און אַטאַקע אויפגעלאָפן און אָנגעצויגן געוואָרן ווי שטאָל. אין צירק האָט געהערשט אַ טויטע שטילקייט, און — — —

— — — ווער פון די צוויי ריזן וועט אַרויס דער זיגער?

דער ענטפער איז געקומען בליץ־שנעל. דער רוסישער אַטלעט האָט אַ כאַפּ געטאָן דזשאָון, אויפגעהויבן אים אין דער לופטן, אַרומגעדרייט אים אַרום און אַרום ווי אַ האָן ערב יום־כיפּור, אַ שליידער געטאָן אים און — איינס־צוויי — איז דזשאָו געלעגן אויף יענער זייט באַריערע, צווישן עולם...

דזשאָוס קעגנער איז, משמעות, געווען שטאַרקער פון אים און גע־האַט אַ בעסערע טעכניק.

צומאָרגנס, ווי נאָר עס האָט אָנגעהויבן צו טאָגן, איז דזשאָו אויפ־געשטאַנען און שטילערהייט פאַרלאָזט בענדין, פאָרנדיק אויף זיין מאָ־טאָרציקל, צוריק אין דער שווייץ. ער האָט פאַרלאָזט בענדין, וואָס ער האָט שוין מער קיינמאָל נישט באַזוכט...

פון די אַלע מתנות, וואָס ער האָט באַקומען אין בענדין פון זיינע

פריינט, האָט דזשאָו מיטגענומען מיט זיך אַהיים בלויז איין זאַך: אַ שטיקל שמעקעדיקע זייף פון דער פירמע „פולס״. דאָס דאָזיקע שטיקל זייף איז פאַר אים געווען טייערער פון אַלץ, ווייל דאָס איז געווען אַ מתּנה פון איינער פון זיינע בעַנדינער פאַרערערינס — אַן אָרעם יידיש מיידל, מיטן נאָמען רחלע. רחלע האָט געאַרבעט ביי הירש־בערן דעם קצב, — דעם זעלביקן, וועלכן דזשאָו האָט אַמאָל אָפּגעטאָן אַ שפּיצל אויפן בענ־דינער וואָקזאַל, אָנציִענדיק אים צו קויפן צוויי גלעזער לימאָנאַד...

נאָך היינט, קנאַפּע 50 יאָר פון דער דאָזיקער געשעעניש, היט דזשאָו פּאָול אָפּ די טייערע מתּנה פון אַן אָרעם מיידל. דאָס שטיקל פולס־זייף פאַרנעמט אַ חשוב אָרט אין זיין פילאַדעלפיער היים־מוזיי.

דער דורכפאַל אַלס אַטלעט אין בענדין האָט אויף דזשאָוס וויטער־דיקן לעבן געהאַט אַ גרויסע ווירקונג. ער האָט באַשלאָסן מער נישט אָנ־טיילצונעמען אין „פּראָנצויזישע וואָלקעס״ (רעסלען) און, בכלל, מער נישט אויפטרעטן עפנטלעך, אַלס פּראָפעסיאָנאַל, מיט זיינע ספּאָרט־קונסטן.

קומענדיק אַהיים קיין גענף, איז דזשאָו מער נישט צוריקגעגאַנגען צום צירק, הגם ער האָט באַקומען גלענצנדיקע פאָרשלאָגן פון גאָר גרויסע פאַרדינסטן. ער איז אַוועק אַרבעטן אין אַ יאַטקע.

אין דער צייט האָט זיך באַזעצט אין גענף אַ ייד פון ווין, מיטן נאָ־מען פויערוועַרק, און ער האָט געעפנט אַ צווייטע כשרע יאַטקע. דער קצב פויערוועַרק, — אגב אויך אַ שוחט, איז געווען אַן אויסערגעוויינלעך אָנ־שטענדיקער מענטש און ער האָט אין שטאָט געטאָן אַ סך גוטס.

אין דער זעלביקער צייט איז קיין גענף געקומען צו פאָרן פון רוס־לאַנד אַ יונגע, שיינע אלמנה, מיט אַ קליין יינגעלע. זי האָט געשטאַמט פון דווינסק. די אלמנה האָט זיך אין גענף באַשעפטיקט מיט אויסאַרבעטן סיגאַרעטן, און פון די פאַרדינסטן האָט זי אויסגעהאַלטן זיך און דאָס קינד.

די אלמנה איז געקומען צו אירער אַ שוועסטער, נאָך דעם ווי עס איז געשטאָרבן איר מאַן. זי איז געווען אויסערגעוויינלעך שיין און רייצנ־דיק. איז דאָך נישט קיין וווּנדער אַז דזשאָו האָט זיך אין איר פאַרליבט פונעם ערשטן אויגנבליק אָן. דאָס איז געווען זיין ערשטע גרויסע ליבע. דזשאָו איז דעמאָלט אַלט געווען נישט קיין גאַנצע 20 יאָר; זי — מיט

7 יאָר עלטער פון אים. אָבער וואָס פאַראַ ראָל שפּילן יאָרן ווען מען איז פאַרליבט..

אָנהייב 1913 האָבן זיי חתונה געהאַט. די חתונה איז געפּראַוועט געוואָרן מיט גרויס פּאַראַד ביי דזשאָוס עלטערן אין שטוב. דזשאָו האָט זיך נאָך דער חתונה געסטאַטקעוועט און אָנגעפאַנגען צו פירן אַ רואיק, סאָליד פאַמיליע־לעבן. צו 9 חדשים האָט דזשאָוס ווייב אים געבוירן אַ זון.

דאָס האַרמאָנישע צוזאַמענלעבן צווישן דזשאָו און זיין ווייב האָט אָבער לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. קורץ נאָך דעם האָט זיך דזשאָו דערוווּסט, אַז אויסער דעם קינד, וואָס זי האָט געבראַכט מיט זיך, האָט זי נאָך אַ קינד, וועלכעס זי האָט איבערגעלאָזט ביי אירע עלטערן אין רוסלאַנד. זי האָט אים וועגן דעם די גאַנצע צייט גאָרנישט געזאָגט. דזשאָו האָט עס שטאַרק וויי געטאָן. דאָס פאַרשווייגן דורך איר דעם אמת האָט צעשטערט זייער שלום־בית. צוביסלעך האָבן זיך אָנגעהויבן צווישן זיי סיכסוכים און רייבונגען...

אין יאָר 1914 האָט די קאָמפּאַניע „וואַן לעיזען“ באַשלאָסן אַרויסצושיקן קיין אַמעריקע איינעם פון די בעסטע מאָטאָרציקליסטן אַנטיילצונעמען אין אינטערנאַציאָנאַלן מאָטאָרציקליסטן־געיעג, וואָס האָט געדאַרפט פאָרקומען אויפן ניו־יאָרקער היפּאָדראָם. היות זיי האָבן דזשאָין געהאַלטן פאַר איינעם פון די בעסטע מאָטאָרציקליסטן, איז טאַקע ער באַשטימט געוואָרן אַהין צו פאָרן.

אַ צווייטע פירמע אין גענף, „מאָטאָר דעוו“, האָט באַשלאָסן אויסצונוצן די דאָזיקע געלעגנהייט און אים מיטגעגעבן אויך זייער אַ מאָטאָרציקל, כדי דאָרט צו רעקלאַמירן זייערע מאָטאָר־רעדער און, בכלל, זען וואָס דזשאָו וועט קאָנען אויפטאָן פאַר זייער פירמע אין דעם „גאָלדענעם לאַנד“. דזשאָו האָט געזאָלט פאַרבלייבן אין אַמעריקע אַ האַלב יאָר צייט.

ביידע פירמעס האָבן אים באַשטימט אַ שיינעם געהאַלט, ווי אויך זיך מתחייב געווען אויסצוצאָלן זיין ווייב אין גענף, יעדן חודש, אַ באַשטימטן געהאַלט. זיי האָבן אים געקויפט שיפסקאַרטן היין און צוריק. דזשאָו האָט זיך געזעגנט מיט זיין משפחה און פול מיט ענטוזיאַזם, האָפענונג און גלויבן, האָט ער זיך אויפגעזעצט אין אַנטווערפּן אויף דער שיף „פינלאַנד־ניו־יאָרק“ און נאָך אַ זיבן־טאָגיקער שטורמישער רייזע איז ער אָנגעקומען קיין אַמעריקע.




דזשאָו פּאָול אויף דער שיף „פינלאַנד״ אויפן וועג קיין אַמעריקע.

# דזשאָוס אָנקומען קיין ניו־יאָרק

אַ מאָדנער געפיל האָט באַהערשט דזשאָון, ווען ער האָט זיך דער־נענטערט צו די ברעגעס פון ניו־יאָרק און דערזען פאַר זיך די ריזיקע פיגור פון דער פרייהייטס־סטאַטוע, — אַ סטאַטוע, וואָס האָט מיט איר גיגאַנטישקייט אַביסל איבערגעשראָקן דזשאָון.

הגם ער האָט געוווסט, אַז דאָ, אויף דער ערד פון דעם לאַנד, צו וועלכן ער פאַרפאָרט איצט אַלס גאַסט, הערשט פרייהייט און אומבאַ־גרענעצטע מעגלעכקייטן פאַר אַלע מענטשן, האָט אים דאָך עפּעס אַ פאָרגעפיל געזאָגט: — דאָ, גוטער ברודער, וועסטו גאָרנישט קאָנען אויפ־טאָן. דאָ, אין דעם לאַנד, וועסטו קיינעמען מיט גאָרנישט איבערראַשן; דאָס דאָזיקע, נייע פאַר דיר לאַנד, האָט אַזאַ פאַרנעם, אַז דאָס וואָס דו האָסט ביז איצט געזען און געלערנט אין אייראָפּע, וועט דאָ בטל ומבוטל ווערן...

און הגם דזשאָו איז פון דער נאַטור נישט געווען קיין שרעקעדיקער, האָט ער מיטאַמאָל אָנגעהויבן צו צווייפלען אין זיך. און געפאָרן אַהער איז ער דאָך מיט אַזויפיל ענטוזיאַזם, האָפענונג און גלויבן.

די שיף „פינלאַנד־ניו־יאָרק“ האָט זיך אָפּגעשטעלט אין האַפן פון האָבאָקען, ניו דזשוירזי.

אַזוי רייך אייַנגעאָרדנט, ווי עס איז געווען דער פּאָרט אין האָבאָ־קען, האָט דזשאָו ביז איצט אין ערגעץ נישט געזען.

ביי דער שיף האָט אים קיינער נישט אָפּגעוואַרט, און געהייסן האָט עס, אַז עס וועט דאָרט וואַרטן אויף אים עמיצער פון דער געזעלשאַפט, וואָס האָט אַראַנזשירט דעם מאָטאָרציקל־קאָנקורס.

— „אַ שלעכטער סימן“ — האָט דזשאָו ביי זיך געטראַכט — „מיין האַרץ האָט עס מ׳יר פאָרויסגעזאָגט... אַ האַרץ איז אַ האַלבער נביא... איך וועל דאָ פאַרלוירן ווערן“...

מיט אַ שווער געמיט איז דזשאָו אַראָפּ פון דער שיף, איבערלאָזנדיק

אין האָבאָקען זיינע צוויי מאָטאָרציקלען, וועלכע ער האָט געבראַכט פון דער שווייץ, און אַליין איז ער אַוועק קיין ניו־יאָרק, ווו ער האָט גענומען אַ צימער אין אַ האָטעל. ער האָט זיך אויסגעפּוצט און איז אַרויס אין גאַס.

ניו־יאָרק האָט אויף אים געמאַכט אַן אויסערגעוויינלעכן איינדרוק: אַזעלכע הויכע הייזער און אַזויפיל מענטשן... אַ שטאָט פול מיט לעבן. און אַלץ לויפט דאָ, אַלץ פליט דאָ: מענטשן, אויטאָמאָבילן — אָן אַ שיעור אויטאָמאָבילן — גאָרנישט קיין פאַרגלייך מיט דער צאָל אויטאָ־מאָבילן, וואָס מען זעט אין שווייץ; ריזיקע, כמעט איין־שטאָקיקע לאַסט־אויטאָס, וועלכע עס איז אים איצט אויסגעקומען צו זען צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן... פון דעם געוואַלטיקן טעמפּאָ און אומאויפהערלעכן הור־האַ, פון דעם כסדרדיקן איילן זיך און יאָגן, האָט אים אָנגעהויבן צו שווינד־לען אין קאָפּ.

עס האָט אים אָבער געחידושט, ווען ער האָט דערזען די ניו־יאָרקער טראַמווייען. אין דער שווייץ און אין פראַנקרייך זענען שוין געווען עלעק־טרישע טראַמווייען, און דאָ, אין ניו־יאָרק, אין דער רייכסטער שטאָט פון דער וועלט, ווערן די טראַמווייען נאָך אַלץ געפירט פון פערד... עפּעס האָט זיך דאָס אים נישט געלייגט אויפן שכל. אַזאַ קאָלאָסאַלער קאָנ־טראַסט: פון איין זייט — דאָס רווישנדיקע, ממש אָטעם־פאַרכאַפּנדיקע טעמפּאָ פון דער שטאָט, און פון דער צווייטער זייט — דער פאַראַרעמ־טעו׳, זיך נאָכשלעפּנדיקער טראַמוויי, וואָס שיינט אַרויס ווי אַ סימבאָל פון פאַרגאַנגענהייט, ווי ער וואָלט געוואָלט צוריקהאַלטן דעם גאַנג פון ציוויליזאַציע און פּראָגרעס....

ווי נעבעכדיק דער פאַרעלטערטער טראַמוויי, וואָס האָט שוין גע־שמעקט מיט קברות־בלעטלעך, האָט אויסגעזען אין פאַרגלייך מיט דעם פּאָרגעשריטענעם, לעבנס־צאַפּלדיקן אַרום.

ווי דזשאָו האָט זיך שפּעטער איבערצייגט, פלעגט מען ווינטער־צייט דעם דאָזיקן טראַמוויי באַהייצן מיט אַ קליין, פּרימיטיוו, אייזערן אייווע־לע, וואָס איז געשטאַנען אין מיטן טראַמוויי, לעבן דעם אָרט ווו דער קאָנדוקטאָר איז געזעסן, און האָט געוואַרעמט מער דעם קאָנדוקטאָר ווי די פּאַסאַזשירן...

דזשאָו האָט זיך באַלד געשטעלט אין קאָנטאַקט מיט די, וואָס האָבן צוגעגרייט דעם קאָנקורס פונעם שנעלסטן מאָטאָרציקל־פאָרער, אויפן ניו־

יאָרקער היפּאָדראָם. באַקענענדיק זיך מיט די מאָטאָר־רעדער פון אַמעריקאַנער אויסאַרבעטונג, האָט דזשאָו אויסגעפונען, אַז ער האָט מיט זיין „סחורה" גאָרנישט וואָס מחדש צו זיין.

עס איז גראָד געווען אין דער צייט, ווען די אַמעריקאַנער פירמע „האַלי דעיווויס" איז אַרויסגעקומען אין דער עפנטלעכקייט מיט אַ נייער דערפינדונג: אַנשטאָט די לעדער, וואָס מען האָט ביז איצט פאַרלייגט אויף די הינטערשטע רעדער פון מאָטאָרציקל, האָבן זיי איינגעפירט אַ קייט, וואָס מען האָט גערופן „טשעין־דראַיוו". אויף אַזאַ אופן האָט מען געקאָנט פאָרן מיטן דאָזיקן מאָטאָרציקל שנעלער און זיכערער ווי מיט די לעדער אויף די רעדער, וואָס מען האָט ביז דעמאָלט באַנוצט אויף די מאָטאָר־ציקלען פון די שווייצער פירמעס, וועלכע ער איז דאָ אַהערגעקומען צו פּרעזענטירן.

אַחוץ דעם האָט מען צו דער לעדער געדאַרפט כסדר נוצן אַ פּודער פון צעריבענע קאַליפאָניע (וואָס פידל־שפּילער באַנוצן), כדי זי זאָל נישט ברענען פון צו שנעלן פאָרן. דעם מאַקסימום וואָס מען האָט געקאָנט דער־גרייכן ביים פאָרן אויף אַ שווייצער מאָטאָרציקל איז געווען 60 מייל אַ שעה, און מיט די אַמעריקאַנער מאָטאָרציקלען — אַדאַנק די קייט — 90 און 95 מייל אַ שעה.

און וואָס ווייטער זענען די רעדער־קייטן געוואָרן אויסגעאַרבעט אַלץ מער פּרעציז און ממילא — פאַרגרעסערט זייער שנעלקייט אין פאָרן.

וואָס פאַראַ זין האָט עס, אַלזאָ, געהאַט צו שטעלן זיך צום קאָנקורס אויפן ניו־יאָרקער היפּאָדראָם, מיט די אַמעריקאַנער מאָטאָרציקליסטן, אַז זיין דורכפאַל איז פון פאָרויס באַשטימט. דזשאָו האָט באַשלאָסן אין דעם קאָנקורס זיך נישט צו באַטייליקן.

**
*

ער האָט זיך אַוועקגעלאָזט באַטראַכטן די שטאָט ניו־יאָרק.

עס האָט אים פאַרכאַפּט די „איסט־סאַיד" פון שטאָט, הגם אין פאַר־גלייך מיט דער איבעריקער טייל — שטאַרק צוריקגעשטאַנען, אָבער דער־פאַר אַן אמת יידישע שטאָט, ווי מען וואָלט זי אַריבערגעטראָגן פון דער אַלטער היים. אַזויפיל יידן, קיין עין־הרע... ווו מען גייט און ווו מען

שטייט, ווו מען גיט זיך אַ דריי — יידן... ווו מען גיט זיך אַ קער — הערט מען אַ יידיש וואָרט... די לופט איז ממש דורכגעזאַפּט מיט יידיש...

און ווי פריי יידן פילן זיך דאָ... ווי די גאַסן וואָלטן צו זיי גע־הערט... מען האַנדלט און מען וואַנדלט: יידן, ווייבער, קינדער מיט די „פּושקאַרטס" (האַנט־וועגעלעך) פול מיט סחורות. וואָס קריגט מען דאָ נישט אַלץ?!

עסנוואַרג — געבעקס און געזאַלצענע זאַכן, פיש און הערינג, גריג־וואַרג, געקאָכטע פּאָטראַוועס, פליישיקע מאכלים און מילכיקע מאכלים, צוקער, אויבס און איינגעמאַכטס, פּוטער און קעזן, מילך און סעלצער־וואַסער, קוואַס און אייזקרים, פּרוכטן און פּאַרטיקע קאָמפּאָטן, מיט איין וואָרט — פון בלויז קוקן האָט מען געקאָנט זאַט ווערן!...

און היינט, סחורות אַלערליי: — כלים און געפעס און שטוב־מכשי־רים און מעבל און בעטגעוואַנט, און טליתים און תפילין און ציצית, און גרויסע גראַמאָפאָנען מיט נאָך גרעסערע האָרנס (הילכערס) און די נייעס־טע יידישע פּלאַטן, ווייטער — שטאָפן און פּאַרטיקע מלבושים, שיך און קאַלאָשן...

און יעדער איינער רופט אויס הויך אויפן גאַנצן קול זיין סחורה און לויבט זי ביזן הימל אַריין. און עס איז פריילעך און לעבעדיק...

די קולות פון די סוחרים מישן זיך צונויף מיט די יידישע לידער, וואָס הערן זיך פון די אָנגעשטעלטע גראַמאָפאָנען אויף דער גאַס, און מאָסן מענטשן — גרויס און קליין — רינגלען אַרום די „מוזיק־הענדלער" און הערן זיך צו מיט בענקשאַפט צו די פּלאַטן פון די באַקאַנטע לידער, וועלכע זיי האָבן אַמאָל געהערט אין רוסלאַנד און אין גאַליציע. ווי אויך צו נייע לידער, וועלכע דזשאָו האָט געהערט צום ערשטן מאָל.

און, מיט אַ טרער אין די אויגן, זינגען זיי מ'יט:

„אַ בריוועלע דער מאַמען,
זאָלסט עס נישט פאַרזאַמען..."

אָדער „אַ בריוועלע דער כלה", וואָס הייבט זיך אָן אַזוי:

„נו, זיין געזונט, געליבטע, פּאָר,
און זאָל דיך גאָט בעגליקען!

אין גאָלדן לאַנד פאַרגעס ניט נאָר
נאָך מיר גאַנץ שנעל צו שיקען..."

שטאַרק גערירט איז דזשאָו געוואָרן פונעם ליד „אַ בריוועלע דעם טאַטן", וואָס הייבט זיך אָן אַזוי:

„איך קאָן דיך קינד ניט צווינגען מער אין אַרמוט דאָ מיט מיר
צו בלייבען,
זאָל זיין מיט גליק, נאָר שווער מיר, שווער, אַ בריוועלע דעם
טאַטען שרייבען..."

אָדער „אַ בריוועלע פון חתן", צי גאָר דאָס האַרצרייסנדיקע ליד „מאַמעניו"...

די פלאַטן ווערן ביי די סוחרים אויף דער גאַס געקויפט און ביידע צדדים זענען צופרידן...

אויף דער גאַס האָט מען געקאָנט אַלץ קויפן, אַלץ, וואָס דאָס האַרץ האָט נאָר געגלוסט. און אַלץ מציאות, בחצי חינם... אַ גן־עדן ממש!...

דזשאָון זענען אויך געפעלן געוואָרן די ניו־יאָרקער שענקן, אָדער, ווי מען האָט זיי גערופן „סאַלונס". אין די דאָזיקע „סאַלונס" האָט מען גע־דאַרפט בלויז באַשטעלן אַ גלאָז ביר — סך־הכל פאַר איין ניקל (5 סענט) — און דערפאַר האָט מען דאָרט געקאָנט זיצן ווי לאַנג מען האָט נאָר געוואָלט און עסן, אומזיסט, וויפל דאָס האַרץ האָט געגלוסט און דער מאָגן האָט געקאָנט אויפנעמען...

דאָס עסן, וואָס מען האָט דאָרט דערלאַנגט איז געווען אַזוי געזאַלצן, אַז מען האָט, ווילנדיק ־ נישט־ווילנדיק, געמוזט באַלד באַשטעלן נאָך אַ גלאָז ביר פאַר 5 סענט...

דזשאָו האָט אויך נישט דורכגעלאָזט די געלעגנהייט און באַזוכט דאָס יידישע טעאַטער אין ניו־יאָרק. עס האָבן דעמאָלט געשפילט אַ סך יידישע טעאַטערס. ער איז אָבער געגאַנגען אין טעאַטער, ווו מען האָט געשפילט אַן אָפּערעטע מיט באָריס טאָמאַשעווסקי בראש. דעם נאָמען פון דער אָפּערעטע געדענקט ער נישט, אָבער ער געדענקט, אַז עס האָט גע־מאַכט אויף אים אַן אומגעהויערן איינדרוק. ער איז מיטגעריסן געוואָרן פון דער שיינער מוזיק, פון דעם גרויסאַרטיקן שפּילן און פון דער רייכער אויסשטאַטונג.

אַזאַ אימפּאַזאַנטע פאָרשטעלונג האָט ער — זאָגט ער — אין בענ־דין אָדער סאָסנאָוויץ נישט געזען...

דזשאָו האָט אויך באַוואונדערט אַ צווייטע פאָרשטעלונג מיט דוד קעסלערן. מען האָט דעמאָלט געשפּילט ל. קאָברינס „יאַנקל בוילע". ער איז אַרויס פון טעאַטער אַ באַגייסטערטער.

די אַלע איבערלעבונגען אויף דער „איסט־סאַיד" פון ניו־יאָרק האָבן אים געשטאַרקט און דערמוטיקט.

דזשאָו איז געווען באַגייסטערט מיט דער יידישער סביבה אינעם „גאָלדענעם לאַנד", — אַ סביבה, וואָס איז אין דער שווייץ נישט געווען בנימצא. און ער האָט ביי זיך געטראַכט: ווי גוט וואָלט געווען, ווען ער וואָלט דאָ, אין דעם לאַנד, געקאָנט פאַרבלייבן, אַראָפּברענגען זיין משפחה און איינאָרדענען דאָ זיין נייע היים.

***

אין אייראָפּע איז דערווייל געוואָרן נישט היימלעך. דעם 28סטן יוני 1914 איז אין סאַראַיעוואָ — די הויפּטשטאָט פון באָסניע און הערציגאָ־ווינע, דערשאָסן געוואָרן, דורך אַ סערב, דער עסטרייכישער קראָנפּרינץ הערצהערצאָג פראַנץ פערדינאַנד — דער יורש פון דער האַבסבורגער די־נאַסטיע. און פונקט צום חודש, ד"ה דעם 28סטן יולי 1914, איז אויס־געבראָכן די מלחמה אין אייראָפּע, וואָס האָט ווידער געפירט צו דער וועלט־מלחמה, אין וועלכער עס זענען אַריינגעצויגן געוואָרן 29 לענדער. נאָך דער סעריע דייטשישע בלאָקאַדעס און טאָרפּעדירן שיפן, ווי אויך דער באַרבאַרישער אַקט פון דערטרינקען, דעם 7טן מאַי 1915, די ענגלי־שע פּאַסאַזשיר־שיף „לוזיטאַניאַ" מיט אירע 1198 פּאַסאַזשירן, צווישן וועלכע עס זענען געווען 114 אַמעריקאַנער בירגער, האָט זיך אין די פאַר־אייניקטע שטאַטן אַנגעהויבן אַ שטורעם פון פּראָטעסטן און אַנטי־דייטשי־שע דעמאָנסטראַציעס. צוויי יאָר שפּעטער, דעם 6טן אַפּריל 1917, זענען אויך די פאַראייניקטע שטאַטן אַריין אין קריג.

פון דער היים האָט מען געשריבן צו דזשאָון, אַז ער זאָל בעסער אי־בערוואַרטן די מלחמה אין די שטאַטן, וואָרום מען ווייס דאָך נישט צי די שווייץ וועט אויך נישט אַריינגעצויגן ווערן אין דער שרפה. סוף־כל־סוף

וועט דאָך די מלחמה לאַנג נישט דויערן, איז בעסער איבערצוּוואַרטן די זאַווערוכע אין דער זאָרגלאָזער אַמעריקע.

איידער דזשאָו האָט נאָך געהאַט צייט זיך אומצוקוקן, איז דאָס ביסל געלט וואָס ער האָט געהאַט, שנעל אויסגערונען געוואָרן. ער האָט געמוזט אָנהייבן טראַכטן וועגן תכלית.

וואָס טוט מען? צו וואָס נעמט מען זיך?

## דזשאָו אין פילאַדעלפיע

### אוים מאָטאָרציקליסט — צוריק קצב

היות דזשאָו האָט געהאַט אין פילאַדעלפיע אַ פעטער, — סעם רודאָלף האָט מען אים גערופן — האָט ער באַשלאָסן צו פאָרן זיך זען מיט אים. דזשאָוס פעטער, וועלכער האָט אים זייער גוט אויפגענומען און ביי וועמען ער איז, אגב אורחא, איינגעשטאַנען, האָט אים צוגערעדט אַוועקצוואַרפן זיינע אַלע נאַרישקייטן פון „יוראָפ״ און נעמען זיך צו אַ בכבודיקער פרנסה.

— זעסטו, דזשאָו, — אַזוי האָט מען אים אָנגעהויבן צו רופן אין אַמעריקע, — דאָ איז אַ לענדעלע, אַזאַ יאָר אויף מיר... דאָ קאָן מען מאַכן אַ לעבן... מען דאַרף נאָר וועלן אַרבעטן... ס׳איז נישט דאָס פינצטערע „יוראָפ״, ווו מען אַרבעט און מ׳פאַרדינט ס׳קדחת. דאָ, אַז עמיצער טויג זיך נאָר אויס און קאָן גוט קריכן, קריכט ער אַרויף... ר׳קאָן מאַכן אַ פיינעם דאָלאַר... און טאַקע אָפשפאָרן אויך... מ׳דאַרף זיך נאָר „אויסגרינען״ און אַרויסשלאָגן זיך פון קאָפ די פוסטע זאַכן... מאָטאָרציקלשמאָטאָרציקל... פון דעם, מיין קינד, וועסטו קיין לעבן נישט מאַכן... גאָט וועט העלפן, ס׳וועט זיך ענדיקן די מלחמה, וועסטו אַראָפּברענגען אַהער דיין ווייב מיטן קינד, און טאַקי — טאַטע־מאַמע אויך... זאָלן זיי אויך ווערן אויפגעריכט... שוין גענוג, כ׳לעבן, אָפגעפינצטערט דאָרט זייערע יאָרן...

— נו, טאָ וואָס זשע זאָל איך טאָן, פעטער? — האָט דזשאָו געפרעגט ווי אומבאַהאָלפן.

— וואָס דו זאָלסט טאָן? אַ שיינע מעשה. ביסט דאָך שטאַרק ווי גלית הפלישתי!... אַזאַ בער, ווי דו, דאַרף פרעגן וואָס צו טאָן?! מיט אַזעלכע אייזערנע הענט האָסטו אַ זאָרג? דאָ זוכט מען הענט... דאַרפסט נאָר וועלן אַרבעטן און זיך אויסטויגן, וועט שוין אַלץ גוט זיין...

האָט דזשאָו באַשלאָסן צו באַווייזן אַז ער טויג זיך אויס און ער איז געגאַנגען זוכן אַרבעט. ס׳האָט נישט לאַנג גענומען און ער האָט געקריגן אַ „דזשאַב״ ביי אַ געוויסן בען גרייזלער — אַ הורט־הענדלער פון פלייש. ער האָט דזשאָון צוגענומען צו דער אַרבעט מיט עסן און שלאָפן. דזשאָו איז געווען איבערגליקלעך. זיין גליק האָט אָבער אָנגעהאַלטן סך־הכל איין מעת־לעת...

דאָס יונגע ווייבל פון באַלעבאָס — זיי זענען געווען נאָר־וואָס נאָך דער חתונה — האָט זיך באַקלאָגט פאַרן מאַן, אַז דזשאָו האָט אַ צו גרויסן אַפּעטיט... ער עסט פאַר דרייען... עס וועט זיין בעסער צו געבן אים אַ גרעסערע שכירות, איידער אים אויסהאַלטן מיט קעסט...

— זיין אַפּעטיט — האָט דאָס יונגע ווייבל ווייטער געטענהט — קאָן אונדז, חלילה, בדיל הדל שטעלן...

דזשאָו האָט באַשלאָסן אָנצוקומען אין אַ שעכטהויז און דאָרטן אַר־בעטן. דאָס איז אָבער געווען זייער אַ שווערע אַרבעט, נאָך דערצו זומער־צייט, ביי די גרויסע היצן. איז ער ווידער אַוועק אַרבעטן צו אַ קצב, אַ געוויסן מעקס ווייס, אויף רידזש עוועניו, ווו מען האָט פאַרקויפט כשר פלייש. דאָרט האָט ער באַקומען דריי דאָלאַר אַ וואָך מיט עסן און טאַקע עסן — כיד המלך, וויפל ס׳האַרץ האָט נאָר געגלוסט... דאָרט האָט אים גישט געשטערט צו דער אַרבעט זיין גרויסער אַפּעטיט...

דער קצב איז פון דזשאָון געווען זייער צופרידן און דזשאָו פון קצב — אויך. יעדע פאָר חדשים האָט ער באַקומען הוספות. זיין אַרבעט דאָרט איז באַשטאַנען נישט נאָר ביים העלפן אין געשעפט גופא, נאָר אויך — אין אָפּנעמען דאָס פלייש פון שעכטהויז און אַוועקפירן עס אויף זיין ראָווער (בייסיקל) אין דער יאַטקע אַריין.

ווען מען האָט אין שעכטהויז דערזען דעם „גרינעם״, האָט מען גע־וואָלט זיך מיט אים אַ שפּיל טאָן און אָפּטאָן אים אַ שפּיצל. איינער פון די מענטשן האָט זיך אַ וויצל געטאָן:

— ווי הייסטו, באַיטשיק?

— דזשאָו.

— דזשאָו? אַ שיינער נאָמען... און אַ שיין יינגל... אָבער צי ביסטו אויך אַזוי שטאַרק ווי דו זעסט אויס?

— פּרובירט מיך אויס — האָט דזשאָו געענטפערט באַשיידן.

— נו, גוט, אויב אַזוי באַווייז דיין כוח און רוק אָפּ דעם יאַטקע־קלאָץ, וואָס שטייט דאָרט...

דזשאָו האָט, נישט לאַנג טראַכטנדיק, אַ שלעפּ געטאָן דעם שווערן קלאָץ פון אָרט און אים איבערגערוקט אויף דער צווייטער זייט שעכט־הויז.

דער עולם, וואָס האָט זיך צוגעקוקט צו דעם, איז געבליבן שטיין מיט אָפענע מיילער, פאַרגאַפט פון זיין כוח...

— נו, איצט שטעל צוריק דעם קלאָץ אויף זיין אָרט — האָט דער זעלביקער פאַרשוין זיך געוויצלט...

— דאָס וועט איר שוין, זייט מוחל, אַליין טאָן — האָט דזשאָו גע־ענטפערט מיט אַ שמייכל, און איז אַוועק מיט זיין סחורה.

דזשאָוס כוח האָט אַרויסגערופן גרויס דרך־ארץ צו אים. מען האָט אים אַפילו געוואָלט אַריינציען אין אַ „רעסלער־קאָמפּאַניע" און מאַכן מיט אים אַ טורנע איבער גאַנץ אַמעריקע. דזשאָו האָט די אַלע פאָרשלאָגן, וואָס ער האָט באַקומען, אָפּגעוואָרפן. ער האָט געגעבן זיין וואָרט, אַז מער וועט ער פּראָפעסיאָנעל נישט אויפטרעטן אַלס אַטלעט, וועט ער זיין וואָרט האַלטן. וועגן זיין אויסערגעוויינלעכער גבורה האָט מען שוין אָנגע־הויבן צו רעדן ווייט אויסער די גרענעצן פון פּענסילווייניע סטייט.

האָט זיך אַמאָל אָפּגעשטעלט אויף דער גאַס, אַנטקעגנאיבער זיין יאַטקע, אַ דראָשקע, איינגעשפּאַנט אין אַ געזונט פערד. די דראָשקע האָט געבראַכט צוויי פּאַסאַזשירן, וואָס זענען אַריין צו אים אין געשעפט. די צוויי, פרעמדע פאַר אים, מענטשן האָבן געזאָגט, אַז זיי שטאַמען פון מיזורי און היות זיי האָבן געהערט וועגן זיין לעגענדאַרישער גבורה, האָבן זיי זיך געוואָלט איבערצייגן צי ער טוט נישט דאָס אַלץ מיט אַ טריק.

— אַוודאי, — האָט זיי דזשאָו געענטפערט — עס איז אַ טריק, אָבער איך וועל אייך ווייזן ווי אַזוי דאָס ווערט געמאַכט.

ער איז אַרויס אויף דער גאַס, אויסגעשפּאַנט דאָס פערד פון זייער דראָשקע, אַריבערגעוואָרפן אים איבער זיין אַקסל און אַזוי אַרום געשלעפּט צו דער טיר פון דער יאַטקע.

— נו, איצט מיינע הערן — האָט ער צוגעגעבן אין אַ פריינטלעכן טאָן — ווייסט איר שוין דעם טריק, זייט אַזוי גוט און שלעפּט דאָס פערד צוריק...

**
*

6טער אַפּריל, 1917. אַמעריקע איז אַריין אין קריג. פּילאַדעלפּיע, וואָס טראָגט דעם שיינעם נאָמען פון ברודער־ליבע, ווו עס איז אונטער־געשריבן געוואָרן די אומאָפּהענגיקייט־דעקלאַראַציע, ווו עס איז צוגעגרייט געוואָרן די אַמעריקאַנער קאָנסטיטוציע, איז געוואָרן איצט דער צענטער פון מלחמה־אינדוסטריעס. די פּלייש־אינדוסטריע האָט פאַרנומען איינע פון די ערשטע ערטער. מען האָט געאַרבעט טאָג און נאַכט ביים שעכטן און צושטעלן פלייש פאַר דער אַרמיי.

דזשאָו האָט געאַרבעט אין שעכטהויז פון ד. ב. מאַרטין. היות ער האָט געהערט צו די בעסטע אַרבעטער, האָט די פירמע אים אויסרעקלאַ־מירט פון מיליטער און ער האָט דאָרט געאַרבעט ביז דעם 11טן נאָוועמ־בער 1918, דאָס הייסט ביז די מלחמה האָט זיך געענדיקט.

ווען אַמעריקע איז אַריין אין קריג, איז די אַנטי־דייטשישע שטי־מונג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן צוליב די דייטשישע אכזריותן, וואָס זיי האָבן אָפּגעטאָן אין אייראָפּע, געוואָרן נאָך שטאַרקער. די ערשטע האָבן דאָס דערפילט אין פילאַדעלפיע די גרויסע דייטשישע ביר־ברויערייען. צוליב דעם באָיקאָט קעגן דייטשישע פירמעס, האָבן אַ סך ברויערייען גע־ביטן זייערע דייטשישע נעמען.

דער דייטשישער שפּיטאָל אין פילאַדעלפיע האָט געביטן זיין נאָ־מען אויף לענגענאַו־האָספּיטאַל.

דער פּאַטריאָטיזם ביי די אַמעריקאַנער איז געווען זייער גרויס. ביי די יידן, פאַרשטייט זיך, אויך. מאַסן יידישע יונגעלייט האָבן זיך געמאָלדן פרייוויליק אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

דזשאָו דערמאָנט זיך אַ פּאָל מיט אַ היגן דייטש, מיטן נאָמען ווייג־דאָל, — אַ זון פון אַן אינהאבער פון אַ פילאַדעלפיער ביר־ברויעריי. ער האָט באַין אופן נישט געוואָלט גיין דינען אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי און קעמפן קעגן די דייטשן, הגם ער איז געווען אַ געבוירענער אַמערי־קאַנער. ער איז אַנטלאָפן קיין דייטשלאַנד. מסתמא האָט ער זיך אין „פאָ־טערלאַנד" נישט אַזוי גוט געפילט ווי אין אַמעריקע, ווייל ווי נאָר דער קריג האָט זיך געענדיקט, איז ער צוריקגעקומען אַהער... ער איז געשטעלט

געוואָרן צו אַ משפט און ער איז אָפּגעזעסן אַ פּאָר יאָר אין תפיסה. ווו ער האָט זיך מסתמא אויסקורירט פון זיין בענקשאַפט נאָכן „רייך"...

ווען מען האָט זיך דערוווּסט, אַז די דייטשן האָבן אָנגעהויבן צו נוצן גיפטיקע גאַזן אויפן פראָנט אין פראַנקרייך, איז די אויפרעגונג קעגן זיי אין אַמעריקע דערגאַנגען צום הויך־פּונקט. דעמאָלט האָט מען ערשט זיך איבערצייגט צו וואָס דאָס דאָזיקע פאָלק איז פעאיק...

קיינער האָט נישט געצווייפלט, אַז די מלחמה וועט לאַנג נישט דויערן און אַז די אַמעריקאַנער אַרמיי, אונטער דער אָנפירונג פונעם גרויסן גע־נעראַל פּוירשינג, וועט באַזיגן דעם שונא; מען וועט די דייטשן איינמאָל פאַר אַלעמאָל אָנלערנען, אַז עס וועט זיי פאַרגיין דער אַפּעטיט ווען־עס־איז נאָכאַמאָל צו פירן מלחמה... אַזאַ שטימונג האָט צו יענער צייט גע־הערשט אין לאַנד.

די גאַנצע צייט איז דזשאָו געשטאַנען אין קאָרעספּאָנדענץ מיט זיין משפחה אין אייראָפּע און צו זיי כסדר געשיקט געלט. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז שוין געוואָרן אַ סך שווערער צו קריגן פאַר עמיצן אַ וויזע, כדי אים אַראָפּצוברענגען קיין אַמעריקע. דזשאָו האָט געמוזט וואַרטן ביז ער וועט ווערן אַן אַמעריקאַנער בירגער.

האָבנדיק אָפּגעשפּאָרט פון דער אַרבעט אין שעכטהויז אַ גרעסערע סומע געלט, האָט דזשאָו באַשלאָסן צו עפענען אַן אייגן געשעפט אין פּי־לאַדעלפיע, אויף דער רידזש־עווועניו. ער האָט געאַרבעט זייער שווער. יעדן פאַרטאָג איז ער געפאָרן אין שעכטהויז, כדי צו ברענגען דאָס פלייש אין יאַטקע אַריין, דערנאָך האָט ער געמוזט אָפּשטיין אַ גאַנצן טאָג אויף די פיס,ביים פאַרקויפן ס'פלייש און — — —

— — — אין משך פון אַ קורצער צייט האָט ער פאַרלוירן דאָס גאַנצע אָפּגעשפּאָרטע געלט...

וועגן דעם ערשטן דורכפאַל אַלס זעלבסטשטענדיקער קצב, דערציילט דזשאָו פּאָול מיט אַ שמייכל. ער האָט אָבער גרויס פאַרגעניגן צו דער־ציילן וועגן אַן אַנדערער פּאַסירונג, וואָס איז מיט דעם פאַרבונדן: ווען ער איז אַמאָל געפאָרן אין שעכטהויז אַריין אָפּצונעמען דאָס פלייש, האָט זיך צו אים געווענדט דער באַלעבאָס פון שעכטהויז:

— דזשאָו, אויב דו ביסט טאַקע אַזוי שטאַרק ווי מען דערציילט וועגן דיר אין שטאָט, טאָ באַווייז אַ קונץ. אויב דו וועסט קאָנען אויף דיין

ראָווער (בייסיקל) אַהיימפירן די פּאַדערשטע זייט, ד״ה „דרייפערטל״ פליייש פונעם אָקס, וועל איך עס דיר אָוועקגעבן צו פינף סענט אַ פונט...

נישט טראַכטנדיק לאַנג, האָט דזשאָו אַריבערגעוואָרפן דעם פאַדערשטן חלק פונעם אָקס איבער זיין פּלייצע און איז אַזוי געפאָרן מיט דער בהמה דריי מייל — ביז זיין יאַטקע. דאָרט האָט ער, צו דער גרעסטער פאַרוואונדערונג פון זיינע קונים, פאַרקויפט זיי דאָס פליייש צו אַ שפּאָט־ביליקן פּרייז.

דאָס אַלץ האָט אים אָבער נישט געהאָלפן און, פאַרלירנדיק דאָס גאַנצע אָפּגעשפּאָרטע געלט, האָט ער געמוזט פאַרמאַכן זיין יאַטקע און גיין צוריק אַרבעטן צו יענעם.

דזשאָו האָט געקריגן אַרבעט אין אַ יידישער פירמע „די עסקאָ־האָטעל־סורפּליי״. דאָרט האָט ער געאַרבעט אַ פּאָר יאָר. ער האָט ווידער אָפּגעשפּאָרט אַביסל געלט און ווידער געעפנט אַן אייגענע יאַטקע אויף רידזש עוועניו. דאָסמאָל איז ער אַריין אין געשעפט מיטן רעכטן פוס און אַלץ איז געגאַנגען כשורה. זיין פּאָפּולאַריטעט אין שטאָט איז געוואַקסן פון יאָר צו יאָר. ער האָט זיך געשאַפן אַ גוטן נאָמען און מען האָט גערן געהאַנדלט מיט אים.

די פּאָפּולאַריטעט, וואָס דזשאָו האָט זיך דערוואָרבן אין שטאָט, האָט אויך געהאַט — ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט — אירע שלעכטע זייטן. אָבער ס׳איז נישטאָ קיין שלעכטס וואָס זאָל נישט פירן צום גוטן.

און דזשאָו דערציילט אַ פאַל, וואָס האָט משפּיע געווען זיין ווייטערדיק לעבן. אין אַ געוויסן אָוונט האָט דזשאָו געוואָלט עפּעס נעמען פון דער יאַטקע. ווען ער האָט אָנגעהויבן אויפשליסן די טיר, האָט ער דערהערט עפּעס אַן אומהיימלעכן גערויש פון אינעווייניק. — „וואָס קאָן דאָס זיין״ — האָט ער ביי זיך געטראַכט און פאָרזיכטיק אויפגעעפנט די טיר. אַ חברהמאַן, וואָס האָט דורך אַ פענצטערל איבער דער אַריינגאַנג־טיר, אַריינבאַקומען זיך אין דער יאַטקע, האָט זיך געפּאָרעט ביי דער פרייער־קאַסע... דערזעענדיק, אַז ער איז אַריינגעפאַלן, האָט ער געמאַכט אַ פּרווו צו אַנטלויפן, אָבער איידער וואָס־ווען, האָט דער אומגעבעטענער גאַסט זיך געפינען פעסט איינגעקלאַמערט אין דזשאָוס שטאַלענע אָרעמס. מיט טרערן אין די אויגן האָט ער זיך געבעטן:

— לאָזט מיך אָפּ... איך בין נישט קיין פאַרברעכער... מיין ווייב און קינדער גייען אויס פון הונגער...

— טאָ פאַרוואָס ביסטו נישט געקומען צו מיר און מיר דאָס דערציילט? איך וואָלט דיר געהאָלפן, — האָט דזשאָו געענטפערט אַ גערירטער — איך וואָלט דיר געגעבן אומזיסט פלייש פאַר דיין משפחה... וווּ וווינסטו?

דער שלימזלדיקער גנב האָט אָוועקגעפירט דזשאָון צו זיך אַהיים, וווּ דזשאָו האָט דערזען פאַר זיך אַ יונג, אויסגעמאַטערט ווייבל מיט דריי קליינע הונגעריקע קינדער, וועלכע האָבן געוווינט אין די שרעקלעכסטע באַדינגונגען. אין דער שטוב האָט געהערשט אַ גרויסע נויט און אָרעמקייט. דזשאָו האָט באַשלאָסן תיכף עפּעס צו טאָן פאַר דער משפחה, כדי זיי צו ראַטעווען פון אָפּגרונט. קודם־כל האָט ער זיי באַזאָרגט מיט עסן, און ער האָט זיי אויסגעהאַלטן אַזוי לאַנג, ביז ער האָט געפונען פאַר דעם מאַן אַרבעט. דער געוועזענער „איינברעכער" האָט פון דעמאָלט אָן שוין אַליין געקאָנט אויסהאַלטן זיין משפחה און מער נישט געדאַרפט גיין אויף קרומע וועגן, אָדער בעטן הילף. היינט איז דער דאָזיקער מענטש אַ דערפאָלגרייכער סוחר.

ווען דזשאָו איז געוואָרן אַן אַמעריקאַנער בירגער, האָט ער געהאַט די מעגלעכקייט אַראָפּצוברענגען זיין ווייב מיטן קינד. דאָס קינד, וואָס זיין פרוי האָט געהאַט פונעם ערשטן מאַן, האָט זי דערווייל איבערגעלאָזט ביי איר שוועסטער אין דער שווייץ. אין אַ צייט אַרום האָט דזשאָו איר קינד אויך אַראָפּגעבראַכט.

ער האָט צוגעגרייט פאַר זיין פרוי אַ שיינע דירה אין פילאַדעלפיע און ער האָט אָנגעהויבן צו פירן אַ סאָליד לעבן. פון אָנהייב האָט אַלץ אויסגעזען צו זיין שיין און גוט. די פרוי האָט אים צוגעהאָלפן איז געשעפט און ער איז געווען גליקלעך און צופרידן.

ווי נאָך זיין פרוי איז געקומען קיין אַמעריקע, האָבן זיי אָנגעהויבן צו קריגן בריוו פון רוסלאַנד, אַז זיי זאָלן אַרויסראַטעווען פון דאָרט דער פרויס משפחה. נאָכן אַראָפּברענגען פון דער שווייץ זיין פרויס שוועסטער מיטן קינד, האָט דזשאָו אַראָפּגעבראַכט פון רוסלאַנד דער פרויס צווייט קינד, וואָס זי האָט דאָרט געלאָזט און — נאָך איניקע פון אירע

משפחה־מיטגלידער. דזשאָוס עלטערן האָבן נישט געוואָלט פאַרלאָזן די שווייץ, ווו זיי האָבן זיך געפילט גאַנץ גוט.

באַלד נאָכן אָנקומען פון דזשאָוס פרויס קרובים קיין אַמעריקע, האָבן זיך אויף ס׳ניי אָנגעהויבן ביי זיי סיכסוכים און רייבונגען. די לאַגע אין שטוב האָט זיך פאַרערגערט. דזשאָו האָט איינגעזען, אַז פון זייער צוזאַמענלעבן וועט שוין קיין גוטס נישט אַרויסקומען און ער האָט באַשלאָסן, מיט איר הסכם, צו גטן זיך.

איינע פון די הויפּט־סיבות פון זייער שלעכטן צוזאַמענלעבן איז געווען, ווען דזשאָו פלעגט לרוב אָוונטן נישט זיין אין דער היים. ער האָט זיך וואָס אַמאָל אַלץ מער אָנגעהויבן אַריינצוציען אין ספּאָרט־אַקטיוויטעטן און געזעלשאַפטלעך־פילאַנטראָפּישער אַרבעט, וועלכע ער האָט אָנגעהויבן נאָך פריער, איידער זיין פרוי איז געקומען קיין אַמעריקע.

## דזשאָ ווערט אַ יידישער אַרטיסט

ווען אין פילאַדעלפיע האָט זיך געגרינדעט „דאָס ליטעראַריש־דראַ־מאַטישע קונסט־ווינקל״ — דאָס איז געווען אין יאָר 1922 — איז דזשאָ געווען צווישן די ערשטע אַקטיווע מיטאַרבעטער.

דזשאָ האָט צום טעאַטער געהאַט, אַזוי צו זאָגן, אַ שוואַכקייט. דאָס האָט זיך אָנגעהויבן ביי אים נאָך אין בענדין, ווען ער האָט אַלס יינגל מיטגעזונגען אין כאָר ביי דער פאָרשטעלונג פון „מכירת יוסף״. דעמאָלט האָט זיך אָנגעהויבן זיין ליבשאַפט צום טעאַטער, — פונקט ווי ער האָט עס צו ספּאָרט און צו אַלע צווייגן פון דער שיינער קונסט. די דאָזיקע ליבשאַפט איז ביי אים פאַרבליבן ביזן היינטיקן טאָג.

פון דעם נעמט זיך ביי אים אויך די „שוואַכקייט״ צו קונסט־זאַכן, וועלכע ער זאַמלט יאָרנלאַנג און אַזוי אַרום באַוויזן צו שאַפן אַן איינ־ציקאַרטיקן און אייגנאַרטיקן פּריוואַט־מוזיי, וואָס געפינט זיך אין זיין פילאַדעלפיער היים, איבער דער יאַטקע.

שוין אויף די טרעפּ, וואָס פירן צום צווייטן שטאָק פון זיין היים, וואַרפן זיך אין די אויגן אַריין בילדער, צייכנונגען און קאַריקאַטורן, וואָס באַדעקן די שמאָלע, לאַנגע ווענט.

ווען איר קומט אַרויף, ווערן אייערע אויגן מיטגעריסן פון דער ווונ־דערבאַרער פּאַנאָראַמע, וואָס אַנטפּלעקט זיך פאַר אייך. אַ קאַליידאָסקאָפּ פון קאָלירפולע אָביעקטן. איר ווייסט נישט ביי וואָס פריער זיך אָפּצו־שטעלן, וואָס פריער צו באַוווּנדערן: צי די ריזיקע כינעזישע וואַזעס, אָדער אַנדערע כינעזישע האַנט־אויסאַרבעטונגען, צי די קופּערנע און מעשענע מכשירים און צעראַמישע אויסאַרבעטונגען פון פאַרשיידענע לענדער און עפּאָכעס.

איר זעט פאַר זיך אַ גרויסן מאַסיוון טיש פון 17טן יאָרהונדערט, אויף וועלכן עס שטייען מעשענע שיסלען מיט אַלערליי מטבעות פון פאַרשיידענע דורות און מלוכות, — אַפילו פון אַזעלכע מלוכות, וואָס



דזשאָו פּאָול אין יאָר 1914.

זענען שוין לאַנג אונטערגעגאַנגען. אַרום דעם טיש — אַלטע מאַסיווע שטולן, וואָס זענען אַ סך עלטער פון די באַוווינער פון דעם הויז און פון די באַזוכער פון דעם „דזשאָו פּאָול־מוזיי". איר זעט דאָרט אויך אַ לענ־שטול, אויסגעאַרבעט פון בלויזע הערנער, ווי אויך — אַ קינסטלעריש אינקרוסטירטן פּאָטער־שטול, וואָס שטאַמט פון דמשק, סיריע.

איר געפינט אין דעם מוזיי אַ זאַמלונג פון געווער און קריגס־מכשי־רים פון פאַרשיידענע צייטן; אַרכעאָלאָגישע אויסגראָבונגען, קינסטלע־רישע סקולפּטורן און פיגורן, אויסגעשטופּטע חיות, טייערע פּאָרצעלאַ־נען, קרישטאָלן, עמאַלירטע כלים, מאָזאַיק, פּערסישע און אַנדערע טעפּי־כער פון מזרח־לענדער און חפצים פון אַרכאַישער קונסט.

אויף די ווענט פון דעם פּריוואַט־מוזיי איז נישטאָ קיין ליידיקער פּלאַץ. זיי זענען באַדעקט מיט גאָבעלינען און מיט בילדער, אָנהייבנדיק פון מיניאַטור־מאָלערייען ביז די גרעסטע איילבילדער פון אַלטע מאָלע־רייען און — פון מאָדערנע קינסטלער, צווישן וועלכע עס געפינען זיך אייניקע פון גאָר גרויסן ווערט.

ווייטער זעט מען דאָרט: אַקוואַרעלן, האָלץ־גראַווירונגען, שניצונגען, שטיכן, פיגורן, וואָס זענען אויסגעהאַמערט אין קופּער־בלעכן, שווערדן, ביקסן, פּיסטאָלן, אַלערליי הערנער, אָבער איבער אַלעם — ווערט איר דאָרט געפינען אַ קליין שטיקל זייף, פאַרפּאַקט אין אָריגינעלן שאַכטל פון דער אַמאָל אין פּוילן באַרימטער זייף־פאַבריק „פּולס" — דאָס איז דזשאָוס טייערסטע מתנה, וואָס ער האָט באַקומען מיט קנאַפּע 50 יאָר צוריק פון אַן אָרעם, פאַרליבט יידיש מיידל...

דער מוזיי, הגם נישט קאָאָרדינירט און נישט צוזאַמענגעשטעלט לויט אַ סדר, האָט אַן אומבאַשרייבלעכן ווערט נישט נאָר אין פינאַנציעלן, נייערט אויך אין קולטור־היסטאָרישן זין.

פילאַדעלפיע האָט אַ שיינע טראַדיציע, אויב עס גייט וועגן יידישע טעאַטער קרייזן. דאָס ציט זיך, אַגב, נאָך פון דער צווייטער העלפט פון נײַנצנטן יאָרהונדערט. די דאָזיקע נישט־פּראָפעסיאָנעלע טעאַטער־אַרבעט האָט זיך דאָרט אָנגעהויבן מיטן אָנקומען קיין אַמעריקע פון דער ערשטער גרויסער רוסישער עמיגראַנטן־כוואַליע.

די יונגע מענטשן צווישן די עמיגראַנטן — ס׳רוב געוועזענע יידישע

סטודענטן — זענען דערצויגן געוואָרן אויף דער רייכער רוסישער ליטע־ראַטור און גלענצנדיקן רוסישן טעאַטער, און זענען געווען אָנגעזאַפּט מיט דער דאָרטיקער קולטור־אַטמאָספער. קומענדיק קיין אַמעריקע האָבן זיי געוואָלט אַריבערטראָגן דאָס גייסטיקע לעבן פון דער אַלטער היים און צופּאַסן עס צו די היגע לעבנס־באַדינגונגען.

זייער קולטור־ניוואָ איז געווען אַ סך העכער ווי דער ניוואָ פונעם דורכשניטלעכן יידישן עמיגראַנט, דעם פּאָלקסמענטש, וואָס איז אָבער, אין קעגנזאַץ צו זיי, געווען מער יידישלעך און דורך און דורך צונויפגע־בונדן מיטן יידישן לשון. האָט זיך דער פּאָלקסטימלעך־יידישער עמיגראַנט נישט צוגעהערט צום רוף פון די אינטעליגענטן, וואָס האָבן זייער אויפ־קלערונגס־אַרבעט געפירט אין דער רוסישער שפּראַך, ווייל קיין ענגליש האָבן זיי נאָך נישט געקענט און יידיש האָט זיי נישט געפּאַסט צו קע־נען... אַזוי אַרום איז דער „רוסקי דראַמאַטיטשעסקי קרוזשאָק" (רוסישער דראַמאַטישער קרייז) — אַזוי האָט ער זיך גערופן — געוואָרן אַן אָרגאַ־ניזאַציע פון (רוסישע) אינטעליגענטן פאַר אינטעליגענטן און איז, ממילא, געווען אינגאַנצן אָפּגעריסן פון דער גרויסער פּאָלקסמאַסע.

די לעקציעס, רעפעראַטן און פאָרשטעלונגען, וואָס די יידישע יונ־געלייט פונעם רוסישן דראַמ.־קרייז האָבן געגעבן, זענען געווען אין דער רוסישער שפּראַך.

דערנאָך ערשט, ווען עס איז אין יאָר 1884, אַנטשטאַנען „די היברו ליטעראַטור סאָסייעטי", איז שוין יידיש געוואָרן אַן אָנגעלייגטער גאַסט.

דער פאַרשטאָרבענער באַקאַנטער שרייבער און קולטור־טוער פון פּי־לאַדעלפיע דוד־בער טירקעל, שרייבט אין זיין בוך „יוגנטלעכע בינע": „די היברו ליטעראַטור סאָסייעטי איז אַנטשטאַנען מיטן צוועק צו פאַרשפּרייטן קולטור און בילדונג צווישן די היגע יידן; צו אַנטוויקלען יונגע טאַלאַנטן אין דער באַשטרעבונג צו פאַרשענערן און פאַרבעסערן די יידישע בינע.

„אין דער געביידע פון דער היגער „היברו ליטעראַטור־סאָסייעטי" האָבן פאַרשיידענע ליטעראַריש־דראַמאַטישע געזעלשאַפטן געמאַכט זייער היים. דאָרט האָבן זיי שטודירט זייערע ראָלן פון די פּיעסן, וואָס זענען אויפגעפירט געוואָרן; דאָרט האָבן זיי געמאַכט רעפּעטיציעס, דעבאַטירט און אָפּגעשאַצט דעם ווערט פון אַ פּיעסע; דאָרט האָבן זיי אויך געהאַלטן לעקציעס איבער דער יידישער און נישט־יידישער דראַמע."...

ווי עס איז צו זען, האָט פילאַדעלפיע אויף דעם געביט געהאַט גאָר גרויסע פאַרדינסטן, אָבער דאָס ביי־געגרינדעטע „ליטעראַריש־דראַמאַטיש קונסט־ווינקל" איז געוואָרן דאָס סאַמע אַקטיווסטע און פּאָפּולערסטע. עס איז געגרינדעט געוואָרן, ווי געזאָגט, אין יאָר 1922.

דער ליטעראַרישער אָנפירער פון דעם טעאַטער־קרייז איז געווען דער זעלביקער דוד־בער טירקעל. דער רעזשיסאָר — וויליאַם שפּערלינג, שפּעטער אברהם בעל, און צום לעצט — דייוו בען.

אין דעם אויפרוף, וואָס דער נייער דראַמ.־קרייז האָט אַרויסגעלאָזט צום עולם, ווערט, צווישן אַנדערן, געזאָגט: „מיר וועלן געבן קאָנצערטן און ליטעראַרישע אָוונטן, ווו עלטערן וועלן זיך נישט דאַרפן שעמען מיט־צוברענגען זייערע קינדער"...

דזשאָו האָט מיט זיין גאַנצער ענערגיע זיך אַריינגעוואָרפן אין דער טעאַטער־אַרבעט, וועלכע האָט אים — ווי ער אַליין גיט איבער — פאַר־שאַפט גרויס נחת־רוח.

— הגם קיין גרויסער טאַלאַנט צו שפּילן טעאַטער בין איך נישט גע־ווען, — האָט דזשאָו געזאָגט ביים איבערגעבן זיינע טעאַטער־זכרונות — האָב איך דאָך געהאַט פיל וויכטיקע ראָלן און מען האָט מיך פאַררעכנט פאַר זייער אַ נוצלעכן מיטגליד. מיר האָבן געשפּילט טעאַטער נישט נאָר אין פילאַדעלפיע, נאָר אויך אין אַטלאַנטיק סיטי און אין פאַרשיידענע אַנדערע שטעט.

און ער גיט איבער אַן עפּיזאָד, וואָס האָט אַמאָל געטראָפן מיט זיין גרופּע, ווען זיי זענען אַנגאַזשירט געוואָרן קיין עלענטאָון. דזשאָו האָט שוין צו יענער צייט געהאַט זיין אייגענעם אויטאָ. אַלע אָנטיילנעמער פון דער פאָרשטעלונג האָבן געוואָלט פאָרן מיט דזשאָוס מאַשין. דער אויטאָ האָט אָבער מער ווי זעקס מענטשן נישט געקאָנט אַריינעמען. געווען איז עס ווינטער־צייט, בעת אַ קנאַקנדיקן פראָסט, אַז ס'האָט אַזש פאַרכאַפּט דעם אָטעם...

דערפאַר האָט מען, קומענדיק קיין עלענטאָון, זיך דערוואַרעמט. דער עולם האָט די אַרטיסטן צוגעגרייט אַ האַרציקן קבלת־פּנים. מען איז פאַר־פאָרן גלייך אין יידישן צענטער, וועלכער האָט איינגעלאַדן די גרופּע פון פילאַדעלפיע, און ווו מען האָט געדאַרפט שפּילן. אַלץ איז שוין געווען צו־



„ליטעראַרישער קונסט־ווינקל״: שטייענדיק, דער צווייטער פון לינקס: דזשאָו פּאָול.

געגרייט צו דער פאַרשטעלונג, אַפילו אַ וואַרעמער טרינק און צובייס פאַר די אַרטיסטן.

געשפּילט האָט מען אין יענעם אָוונט דריי איינאַקטערס פון שלום עליכם: „עולם הבא“, „נאַר אַ דאָקטאָר“ און „מענטשן“. דזשאָו האָט זיך אויסגעצייכנט אין „עולם הבא“, שפּילנדיק די ראָל פון בעל־עגלה.

די איינאַקטערס האָט מען געשפּילט אָן אַ סופליאָר, ווייל די גרופּע האָט זיי שוין פריער געהאַט געשפּילט אין פילאַדעלפיע און אטלאַנטיק סיטי און אַלע האָבן געקענט די ראָלן פון אויסנווייניק. די פאָרשטעלונג איז דורך מיט גרויס דערפאָלג, הגם, צוליב דעם שלעכטן וועטער, איז קיין צו גרויסער עולם נישט געווען. דער עולם איז באַשטאַנען פון על־טערע און מיטליאָריקע מענטשן. קיין יוגנט האָט מען שוין דעמאָלט נישט געזען אויף אַ יידישער טעאַטער־פאָרשטעלונג...

מען האָט אָנגעהויבן צו שפּילן 8.30 און געענדיקט 12.30. האָנאָראַר פאַר דער פאָרשטעלונג האָט די פילאַדעלפיער טעאַטער־גרופּע באַקומען 35.00 דאָלאַר. דאָס גאַנצע געלט האָבן די אַרטיסטן אַוועקגעגעבן פאַר דער פילאַדעלפיער „עמיגראַנטן־אונטערשטיצונג־קאַסע“.

ווען מען האָט געענדיקט די פאָרשטעלונג און זיך געגרייט אַהיימצופאָרן, איז שוין געווען נאָך איינס אַזייגער ביינאַכט. דער פראָסט האָט געקנאַקט, אַז עס זענען געגאַנגען פונקען פאַר די אויגן... אָבער אַהיימפאָרן האָט מען דאָך געמוזט. צומאָרגנס אין דער פרי האָט יעדער איינער פון זיי געדאַרפט גיין צו דער אַרבעט. און דאָ — דער וועג קיין פילאַדעלפיע — סכנת נפשות. האָט מען באַשלאָסן, אַז די מענער וועלן צוריקפאָרן מיט דזשאָוס אויטאָ און די פרויען וועלן איבערנעכטיקן אין עלענטאָון און צומאָרגנס אין דער פרי אַהיימגעקומען מיט דער באַן.

ווייסנדיק, אַז דזשאָו איז אַ געניטער שאָפער און מען קאָן זיך אויף אים פאַרלאָזן, איז מען געווען גאַנץ רואיק. מען איז אַרויסגעפאָרן מיט אַ געפיל פון זיכערקייט. די גאַנצע צייט וואָס זיי זענען געפאָרן, האָבן זיי נישט באַגעגנט אויפן וועג קיין שום אַנדערע מאַשין... ווער וואָלט עס געוואָגט אין אַזאַ נאַכט אַרויסצופאָרן!... עס איז געווען אַזוי גליטשיק, אַז קיינער וואָלט נישט איינגעשטעלט זיין לעבן צו פאָרן ביינאַכט אויף אַזאַ גליטשיקן וועג.

אָפּפּאָרנדיק אַ געוויסע שטרעקע, האָט זיך די מאַשין, נישט געקוקט אויף דזשאָוס איבערמענטשלעכער אָנשטרענגונג, אָנגעהויבן צו גליטשן ווי איבער אַ שפּיגל, ביז זי האָט זיך אַראָפּגעגליטשט פון וועג און, איי־דער וואָס־ווען, איבערגעקייקלט זיך און אַריינגעפאַלן אין אַ גרוב אויפן פעלד, מיט די פיר רעדער אַרויף...

דער ערשטער האָט זיך דזשאָו אַרויסגעקריגן פון אונטער דער מאַ־שין, דערנאָך — דייוו בען און צוזאַמען האָבן זיי איר אויפגעהויבן און צוריק אַרויפגעשטעלט אויפן שאָסיי. אַלע זעקס פּאַסאַזשירן זענען צוריק אַריין אין אויטאָ און ווייטער געפאָרן, אָבער דאָס מאָל — נאָך מער פאָר־זיכטיק, פּאַוואָלע, דראָבטשענדיק טריט ביי טריט, מורא האָבנדיק צו פאָרן שנעלער אַביסל, עס זאָל זיך נישט איבערחזרן דאָס אומגליק. אַזוי זענען די אַרטיסטן געפאָרן ביי אַ בייסיקן, דורכנעמענדיקן פראָסט און פאַרקאָוועטע פון אייז פענצטער, אַ גאַנצע נאַכט. שפּעט בייטאָג זענען זיי, קוים לעבעדיקע, אָנגעקומען קיין פילאַדעלפיע...

די פרויען־אַרטיסטקעס, וועלכע זענען נישט געפאָרן מיט דזשאָוס מאַשין, נאָר זענען געבליבן נעכטיקן אין אַ האָטעל אין עלענטאַון, זענען אָנגעקומען קיין פילאַדעלפיע אַ סך פריער פון די מענער.

די דאָזיקע „אייז־קאַלטע" געשעעניש האָט אָבער נישט באַוויזן אָפּ־צוקילן די הייסע באַגייסטערונג פון דער אידעאַליסטישער גרופּע און עס האָט זיי נישט אָפּגעשראָקן נאָכאַמאָל צו פאָרן אויף אויפטריטן אין פאַר־שיידענע שטעט, און טאַקע מיט דזשאָו פאָולס מאַשין.

דער רעפּערטואַר פונעם „ליטעראַרישן קונסט־ווינקל" איז געווען זייער אַ רייכער, די אַרבעט זייער אַן אינטערעסאַנטע און דאָס צוזאַמענ־לעבן פון די אַרטיסטן — אַ ברידערלעכער. דזשאָו איז ביי אַלע געווען זייער באַליבט און זיך פאַרשאַפט אומעטום אַ סך פריינט.

דזשאָו איז אויפגעטראָטן אין זייער אַ סך ראָלן און, צווישן אַנ־דערע, געשפּילט אין פרץ הירשביינס „גרינע פעלדער" די ראָל פון הירש בער; אין אַנ־סקיס „דיבוק" — סענדער בריניצער און אין אַ ריי אַנדערע פּיעסן פון שלום עליכם, דוד פּינסקי, אברהם רייזען, א. א.

די לעצטע טעאַטער־פאָרשטעלונג פונעם „קונסט־ווינקל" איז געווען

אין יאָר 1935. עס איז אויפגעפירט געוואָרן יוסף זשיטאָמירסקיס „דער קאַמף“. דזשאָו פּאָול האָט זיך אין דער דאָזיקער פאָרשטעלונג נישט באַטייליקט. דאָס „קונסט־ווינקל“ טרעט נאָך איצט אויך אויף, פון צייט צו צייט, מיט איינאַקטערס און וואָרט־קאָנצערטן אויף פאַרשיידענע אָוונטן.

אין יאָר 1925 האָט זיך אין פילאַדעלפיע געפונען אַ שוישפּילער מיטן נאָמען לואי ליפּמאַן, וועלכער האָט אָנגעפירט און געשפּילט מיט אַ קליין־רוסישער (אוקראַינישער) טרופּע. ליפּמאַן האָט אַמאָל געוואָלט פּרוּוון זיין מזל ביים יידישן טעאַטער. איז ער געוואָרן מענעדזשער פון אַ יידישער טעאַטער־גרופּע. ער האָט אַנגאַזשירט אַ ריי שוישפּילער, מיט דזשאָו פּאָול בתוכם. דער רעזשיסאָר פון דער טרופּע איז געווען וויינשטיין, וועלכער האָט מיטגעשפּילט צוזאַמען מיט זיין פרוי.

דער ערשטער אויפטריט פון דער טרופּע איז פאָרגעקומען אין ווילמינגטאָן, דעלאַווער. מען האָט געשפּילט אַ פּיעסע „זיידענע זאָקן“, פאַרפאַסט פונעם מענעדזשער פון דער טרופּע, לואי ליפּמאַן.

די פרוי פונעם רעזשיסאָר וויינשטיין, האָט מיטגענומען מיט זיך איר שיין מיידעלע, וואָס איז אַלט געווען סך־הכל 4 וואָכן. קומענדיק קיין ווילמינגטאָן, האָט מען געהאַט פאַר זיך אַ פּראָבלעם: וואָס טוט מען מיטן קינד? איבערלאָזן עס אין שטוב האָט די מוטער נישט געוואָלט. איז איר מאַן — אויף דעם איז ער דאָך געווען אַ רעזשיסאָר — געקומען אויפן געדאַנק אַ „געניאַלע“ אידייע — אויסשניידן פון דער פּיעסע דעם גאַנצן טעקסט פון דער ראָל, וואָס דזשאָו האָט געזאָלט שפּילן און אנשטאָט דעם זאָל ער בעסער שטיין די גאַנצע צייט הינטער די קוליסן מיטן קינד אויף דער האַנט און אַכטונג געבן, אַז עס זאָל חלילה נישט וויינען און שטערן דערמיט די פאָרשטעלונג.

היות דזשאָו איז געווען זייער אַ דיסציפּלינירטער מיטגליד פון דער טרופּע, האָט ער אָנגענומען זיין נייע „ראָל“ אין דער נייער רעזשי... ער האָט די ראָל, ווי מען האָט אים שפּעטער פאַרזיכערט, געשפּילט גלענצנדיק...

מסתמא האָט אים דער רעזשיסאָר געהאַלטן פאַר אַזאַ גרויסן טאַלאַנט, אַז ער איז געווען איבערצייגט, אַז דזשאָו וועט בעסער קאָנען אָפּ־



פרץ הירשביינס „גרינע פעלדער", געשפּילט אין דעם „דראַמאַטישן קונסט־ווינקל". צווייטער פון לינקס: דזשאָו פּאָול.

שפּילן די ראָל פון דער „ניאַניע". דזשאָו האָט די גאַנצע צייט געהאַלטן דאָס קינד אויף דער האַנט און עס געניאַנטשעט. ווי נאָר ער האָט באַמערקט, אַז עס וויל אָנהייבן צו וויינען, האָט ער, מיט אַן אויסערגעוויינלעכער געשיקטקייט, אַריינגעשטופּט דאָס פלעשל מילך אין קינדס מויל אַריין און עס איז ווידער געוואָרן שאַ־שטיל...

נאָך דער פאָרשטעלונג פון „די זיידענע זאָקן", וואָס האָט, אגב, זייער שטאַרק אויסגענומען ביים גרויסן עולם, האָט מען אין שטוב פון פּראָפעסאָר ראַזען — אַזוי האָט מען גערופן דעם מוזיקער, וואָס האָט אָנגעפירט מיטן טעאַטער־אָרקעסטער אין ווילמינגטאָן — געמאַכט אַ גרויסן באַנקעט פאַר דער גאַנצער טרופּע.

מען האָט דעם אָוונט זייער גוט פאַרבראַכט, געגעסן און געטרינקען אויף וואָס די וועלט שטייט און געהאַלטן אַ סך רעדעס. מען האָט געלויבט דעם דירעקטאָר ליפּמאַן, וואָס האָט אַראָפּגעבראַכט אַזאַ באַרימטע טרופּע; מען האָט געלויבט דעם רעזשיסאָר פאַרן אויסוואַל פונעם שטיק און גוטער רעזשי; מען האָט געלויבט די אַרטיסטן און יעדן איינעם מכבד געווען מיט אַ פּאָרציע קאָמפּלימענטן. מען האָט אויך נישט פאַרגעסן דזשאָו פּאָול. מען האָט אים געלויבט ביזן הימל אַריין פאַר זיין גרויסן טאַלאַנט... צו ניאַנטשען אַ קינד. ווען נישט ער — האָט מען געזאָגט — ווער ווייס ווי די פאָרשטעלונג וואָלט אויסגעזען...

מיט דער דאָזיקער ראָל פון ניאַנטשען דאָס קינד, האָט דזשאָו באַשלאָסן צו ענדיקן זיין קאַריערע ביים טעאַטער. ווי מען זעט אָבער פון ווייטערדיקע פּראָגראַמען און אַפישן, האָט ער זיך נאָך באַטייליקט אין די פאָרשטעלונגען פונעם „ליטעראַרישן קונסט־ווינקל", צווישן אַנדערע, אין יאָר 1931, אין דוד בער טירקלס „בערד", וואָס איז געגעבן געוואָרן צו דער פייערונג פון דער 47־יאָריקער עקזיסטענץ פון דער פילאַדעלפיער „היברו ליטעראַטור סאָסייעטי".

דזשאָו האָט אויך מיטגעשפּילט, צוזאַמען מיטן „ליטעראַרישן קונסט־ווינקל", אין אַ ריי פאָרשטעלונגען פון פּראָפעסיאָנעלע אַקטיאָרן, וואָס זענען אַראָפּגעבראַכט געוואָרן קיין פילאַדעלפיע אויף גאַסטראָלן דורך די דירעקטאָרן י. גרובער (פאָטער פון דער שוישפּילערין מירעלע גרובער) און אַנשל שאָר. מיר געפינען אויך זיין נאָמען אויף אַן אַפיש פון אַן אָוונט

מיטן נאָמען „ליטעראַרישן קונסט־ווינקל״, אין יאָר 1947. פון דעם איז צו זען, אַז דזשאָוס טעאַטער־טעטיקייט האָט זיך געצויגן לאַנגע יאָרן.

דזשאָו איז געווען אַן ערן־מיטגליד פון „ליטעראַרישן קונסט־ווינקל״ און איז געבליבן ביזן היינטיקן טאָג אַ גרויסער ליבהאָבער פונעם יידישן טעאַטער, פונעם יידישן שוישפּילער און פונעם יידישן וואָרט.

# דער מאָדערנער שמשון הגיבור

אויב דזשאָו האָט אויפן טעאַטער־געביט, אַלס יידישער אַקטיאָר, פאַרשאַפן מער פאַרגעניגן זיך, ווי דעם עולם, האָט זיך די לאַגע אינגאַנצן געביטן, ווען ס׳איז געקומען צו זיינע ספּאָרט־אַרויסטריטן.

כמעט אין דער זעלביקער צייט, אפשר מיט אַ פּאָר חדשים שפּעטער ווי ער האָט אָנגעהויבן צו שפּילן טעאַטער, האָט זיך דזשאָו צוריקגענומען צו זיינע ספּאָרט־אַקטיוויטעטן.

אין משך פון דער צייט וואָס ער האָט געאַרבעט אין די שעכטהייזער, איז זיין פיזישער כוח כסדר געוואַקסן. דער ברייטפּלייציקער, פעסט־געבויטער דזשאָו האָט געקאָנט מיט דער בלויזער פויסט אַריינשלאָגן דעם דיקסטן טשוואָק אין אַ צוויי־אינטשיקן דעמבענעם ברעט. ער האָט גע־קאָנט נעמען אַן אייזערנעם שטאַנג אין מויל אַריין, האַלטן אים פעסט מיט די ציין, און מיטביידע הענט אויסבייגן די עקן אַזוי, אַז דער שטאַנג זאָל באַקומען די פאָרם פון אַ פּאָדקאָווע. מיט איין קלאַפּ פון זיין מעכ־טיקער פויסט האָט ער געשפּאָלטן דעם שטאַרקסטן טיש. ער האָט לייכט געקאָנט מיט די פינגער אויסבייגן אַ מטבע.

דזשאָוס פּאָפּולאַריטעט, אַלס דער שטאַרקסטער מאַן, איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג. פון אַלע זייטן האָט מען זיך איצט אָנגעהויבן צו ווענדן צו אים, ער זאָל אויפטרעטן אַלס אַטלעט אין פאַרשיידענע צירקן, געוועט־קאַמפן און פּראָפעסיאָנעלע ספּאָרט־פאַרמעסטונגען. ער האָט אָבער די אַלע גוט־באַצאָלטע פאָרשלאַגן אָפּגעוואָרפן. ער האָט געהאַלטן וואָרט: ער וועט מער נישט אויפטרעטן פּראָפעסיאָנעל.

דאַקעגן האָט ער אַלץ אָפטער אָנגעהויבן זיך צו באַטייליקן אין פאַר־שיידענע עפנטלעכע פאַראַנשטאַלטונגען, פון וועלכע די גאַנצע הכנסה איז געווען באַשטימט פאַר צדקה־אינסטיטוציעס.

דזשאָו האָט זיך, צווישן אַנדערע, אַמאָל באַטייליקט אַלס אַטלעט אין אַ ספּאָרט־פאָרשטעלונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין „אַרטש סטריט־

טעאַטער״. אויסער די געוויינלעכע ספּאָרט־אַקטן, ווי רייסן קייטן, הייבן פערד א. א., האָט ער צום ערשטן מאָל באַוויזן אַ קונץ, וואָס האָט אויפ־געררודערט פילאַדעלפיע.

מען האָט אויף דער בינע פון „אַרטש סטריט־טעאַטער״ אַרויפגע־פירט, איינגעשפּאַנט, צוויי שטאַרקע פערד, וועלכע מען האָט צוגעפּגע־בונדן מיט דזשאָוס הענט, וואָס ער האָט געהאַלטן פאַרלייגט אויף זיין מעכטיקער ברוסט. אין אַ געוויסן מאָמענט האָט מען אָנגעהויבן אָנצויאָגן די פערד אין צוויי באַזונדערע ריכטונגען, דאָס הייסט: יעדעס פערד האָט געצויגן אין אַן אַנדער זייט, כדי אַזוי אַרום פונאַנדערצונעמען דזשאָוס הענט.

ביי דער גרעסטער אָנשטרענגונג פון די פערד, איז זיי אָבער דאָך נישט געלונגען דאָס צו טאָן. אַזאַ זאַך האָט מען ביז דעמאָלט נאָך קיינ־מאָל נישט געזען. דער עולם אין טעאַטער האָט ממש געשטורעמט פון באַגייסטערונג פאַר דזשאָון.

די דאָזיקע סענסאַציע האָט זיך שנעל צעטראָגן נישט נאָר איבער פילאַדעלפיע, נייערט איבער גאַנץ אַמעריקע.

צוליב דזשאָוס פערזענלעכע אייגנשאַפטן אַלס מענטש מיט אַן אוי־סער געוויינלעכן איידעלן און גוטן כאַראַקטער, האָט ער זיך געשאַפן אַ גרויסן נאָמען. צוליב זיינע דערפאָלגרייכע ספּאָרט־אַקטיוויטעטן און גבורה, האָט מען אים אַ נאָמען געגעבן „דער מאָדערנער שמשון הגיבור״.

איין מאָל, בעת זיינער אַ ספּאָרט־פאָרשטעלונג פאַר אַ געוויסער הילפס־אָרגאַניזאַציע, איז געווען אָנוועזנדיק דער פילאַדעלפיער מיליאָ־נער־פילאַנטראָפּ אַלבערט וו. פליישער, אויף וועמענס נאָמען עס איז אויפ־געבויט געוואָרן אין פילאַדעלפיע די „פליישער־אוידיטאָריע״.

דזשאָ האָט אין יענעם אָוונט אויסגעבויגן אַ דיקן אייזן־שטאַנג אין פאַרשיידענע פאָרמען, געבראָכן אייזן, צעריסן פערדישע פּאָדקאָוועס, אי־בערגעריסן גרויסע, דיקע קייטן, אויפגעהויבן שווערע געוויכטן, מיט די־ציין געשלעפּט אַ פייער־רינג און נאָך און נאָך אַנדערע אַטלעטישע קונצן.

אַלבערט וו. פליישער איז געוואָרן אַזוי איבערראַשט פון דזשאָוס גבורה, אַז ער איז אַרונטער צו אים הינטער די קוליסן און געזאָגט:

— יונגערמאַן, איך זאָג אייך פאָרויס אַ גרויסע צוקונפט. עס וועט קומען אַ צייט און מענטשן וועלן מיט אייך שטאָלצירן. איך בין צופרידן,



דזשאָו פּאָול באַווייזט זיינע גבורות

וואָס איך האָב אייך באַקענט און איך וועל טאָן אַלץ, כדי אייך אַרויס־צופירן אין דער ברייטער עפנטלעכקייט.

און טאַקע אים, פליישערן, האָט דזשאָו צו פאַרדאַנקען די ענדערונג. וואָס איז פאָרגעקומען אין זיין לעבן. אַלבערט פליישערס נביאות איז מקוים געוואָרן. אָבער גאָר אויף אַן אַנדערן אופן...

אַלבערט וו. פליישער, וועלכער האָט פּאַטראָניזירט די אינגעלסוויל־סאַנאַטאָריום פאַר טובערקולאָז־קראַנקע, האָט פאָרגעלייגט דזשאָון צו געבן אַ ספּאָרט־פאָרשטעלונג פאַר די קראַנקע. דזשאָו האָט דעם פאָרשלאַג אָנגענומען מיט גרויס צופרידנקייט. דער דערפאָלג, וואָס ער האָט געהאַט מיט דעם אויפטריט, האָט איבערגעשטיגן אַלע דערוואַרטונגען. מען האָט אים ממש געטראָגן אויף די הענט. די קראַנקע האָבן זיך דערפילט געזונ־טער, פרישער און זיי האָבן אים נישט געוואָלט אָפּלאָזן, ביז ער האָט זיי נישט צוגעזאָגט וואָס אָפטער צו קומען צו זיי. ער ווירקט אויף זיי — האָבן זיי געזאָגט — בעסער ווי אַלע רפואות...

אַלבערט וו. פליישער איז געווען גליקלעך סיי מיט דעם דערפאָלג, וואָס דזשאָו האָט געהאַט ביי די קראַנקע, סיי מיט דער רעאַקציע, וואָס דזשאָו האָט מיט זיין אויפטריט אַרויסגערופן ביי זיי. ער איז צוגעלאָפן צו דזשאָון אַ באַגייסטערטער און אַרויסנעמענדיק זיין טשעק־ביכל, האָט ער אים געפרעגט:

— און איצט, מיין ליבער דזשאָו, וויפל קומט אייך פאַר דער אוי־סערגעוויינלעכער פאָרשטעלונג?

— מר. פליישער, איך נייטיק זיך נישט אין קיין געלט — האָט אים דזשאָו געענטפערט — דאָס געלט קאָנט איר אַוועקגעבן פאַר וועלכן צוועק איר ווילט. פאַר מיר איז דאָס גרעסטע גליק, אַז איך קאָן פאַרשאַפן פרייד אומגליקלעכע מענטשן. און איך דאַנק אייך, מיסטער פליישער, וואָס איר האָט מיר געגעבן די דאָזיקע געלעגנהייט.

— איר זענט, דזשאָו, נישט נאָר אַ שטאַרקער מאַן, נאָר אויך אַ גרויסער מאַן. מיר קאָנען שטאָלץ זיין מיט אַזעלכע זין — האָט פליישער געענטפערט אַ גערירטער.

ער האָט זיך שטאַרק צוגעבונדן צו דזשאָון, אָפּט מיט אים פאַר־בראַכט צוזאַמען און אים כסדר איינגעלאַדן אין פאַרשיידענע יידישע און נישט־יידישע פלעצער אויפצוטרעטן פאַר וווילטעטיקע צוועקן. פליישער



דער פּאָרטרעט פון אַלבערט וו. פליישער ווערט נאָך זיין טויט איבערגעגעבן זיין נאָכפאָלגער
דזשאָו פּאָול בעת אַ פייערלעכער צערעמאָניע.

אַליין האָט נישט דורכגעלאָזט קיין איין אויפטריט פון דזשאָון. ער איז געוואָרן זיין גרויסער פּאַטריאָט. ער האָט אים באַקענט מיט די בכבור־דיקסטע און אָנגעזעענסטע מענטשן פון דער שטאָט — יידן און נישט־יידן, און אַריינגעפירט אים אין אַ נייעם קרייז פון מענטשן, צווישן וועל־כע ער האָט זיך דערוואָרבן אַ סך פאַרערערס און פריינט. די דאָזיקע מענטשן האָבן אין אַ צייט אַרום אַ סך מיטגעהאָלפן דזשאָון אין זיין גרוי־סער הילפסאַרבעט און אין דער אַקציע, וואָס דזשאָו האָט אין די ווייַ־טערדיקע יאָרן אונטערגענומען צו ראַטעווען וואָס מער היטלער־קרבנות — אַ הערלעך קאַפּיטל אין דזשאָוס לעבן, וועגן וועלכן עס וועט אונדז נאָך אויסקומען צו שרייבן.

אַלבערט וו. פליישער האָט אַ גרויסן חלק אין דזשאָוס אויפשטייג אויף דעם לייטער פון געזעלשאַפטלעכער אַקטיוויטעט. מיט פליישערס פריינטשאַפטלעכער באַציִאונג צו אים, איז אים, אין אַ גרויסער מאָס, געלונגען אָנצוהייבן אַ ניי קאַפּיטל, — אַ קאַפּיטל, וואָס עס איז געוואָרן דער ציל, דער זין און אינהאַלט פון זיין לעבן; אַ קאַפּיטל, אין וועלכן דזשאָו שטייט איצט אין סאַמע מיט פון זיין וויכטיקער אַרבעט און וואָס האָט שוין ביז איצט געפונען אַ גרויסן אָפּקלאַנג און אַזויפיל אָנערקענונג פאַר אים און פאַר זיין אַרבעט, וואָס וועט נאָך, האָפנטלעך, ברענגען מיט זיך ווייטערדיקע הערלעכע קאַפּיטלען אין דעם פנקס, וואָס רופט זיך: דזשאָו פּאָול.

נאָך דעם גרויסן דערפאָלג, וואָס דזשאָו האָט געהאַט ביי די טובער־קולאָז־קראַנקע, איז אַלבערט וו. פליישערן געקומען אויפן געדאַנק אַ נייע אידייע: היות ער איז געווען דער טשערמען פון דעם „באָארד אָוו טראַס־טיעס פון איסטערן סטייט פעניטענטשערי", איז אים איינגעפאַלן אַהינ־צוברענגען אַמאָל דזשאָו פּאָול, כדי צו פאַרשאַפן אַביסל פאַרגעניגן אויף די מענטשן, וואָס זיצן יאָרנלאַנג הינטער די קראַטעס.

דזשאָוס ערשטער אויפטריט אין תפיסה אַלס אַטלעט און „שטאַר־קער מאַן", האָט אפשר געמאַכט אויף אים גופא נאָך אַ גרעסערן איינ־דרוק, ווי אויף די אַרעסטאַנטן. הגם נאָך יעדן ספּאָרט־נומער, וואָס דזשאָו האָט זיי באַוויזן, איז דער ענטוזיאַזם געווען אַזוי גרויס, אַז עס האָט גע־נומען זייער לאַנג ביז מען האָט זיי געקאָנט באַרואיקן, האָט אָבער אויף דזשאָון דער ערשטער צונויפטרעף מיט די אַרעסטאַנטן אין תפיסה גע־

מאַכט אַזאַ געוואַלדיקן רושם, אַז ווען ער איז אַהיימגעקומען פון דאָרט, נאָך זיין ערשטן אויפטריט, האָט ער אַ גאַנצע נאַכט נישט געקאָנט צו־מאַכן קיין אויג...

ער, דער פרייער פויגל, האָט גוט געקאָנט פאַרשטיין דעם טעם פון די, וואָס זענען באַרויבט פון זייער פרייהייט... ער, דזשאָו, וואָס איז קיינמאָל אַליין נישט געזעסן אין תפיסה, האָט פון דעסטוועגן געקאָנט פילן און פאַרשטיין מענטשן, וואָס זענען געווען פאַרשפאַרט הינטער די קראַטעס, אַפילו ווען זיי אַליין זענען אין דעם געווען שולדיק.

דזשאָו האָט געהאַט אַ קאָשמאַרפולע נאַכט. די געשטאַלטן, די פּני־מער פון די תפיסהניקעס, וועלכע ער האָט דאָרט געזען צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן, זענען פאַר אים כסדר אויפגעשוומען ווי אין קאַליידאָס־קאָפּ... אין יעדן איינעם האָט ער געזען צוויי אַנטקעגנגעזעצטע און פון זיך אָפּגעטיילטע עלעמענטן, וועלכע פירן אַ שווערן געראַנגל צווישן זיך... יעדער איינער וויל דעם אַנדערן באַצווינגען... מנצח איז תמיד דער שטאַר־קערער... דער שוואַכערער ווערט ברוטאַל אָפּגעשטופּט און אָפּגעטיילט פון דער אייגענער קאָמפּילאַציע... און גראָד איז דער שוואַכערער — דער בעסערער, דער איידעלער... ער וויל אַרויף אויפן דרך הישר... עס פעלט אים אָבער דער כוח צום קאַמף מיטן ברוטאַלן... מען דאַרף אים העלפן, דעם שוואַכערן... מען דאַרף אים אויסשטרעקן אַ האַנט... אַריבערפירן אים איבער דער גרענעץ פון שלעכטס צו גוטס...

ווער זאָל דאָס טאָן? ווער זאָל אים העלפן?

זיי געפינען זיך דאָ אין אַזאַ גרויסער צאָל, אַז זיי ווערן איינס, איין גרויסע מאַסע. דער יחיד זעט זיך דאָ נישט אָן... ער איז דאָ בלויז אַ נו־מער און ווערט פאַרווישט אין דער אומצאָליקער מחנה פון תפיסה־נו־מערן...

דזשאָו האָט געטראַכט: ווען אַפילו נאָר אַ קליינער טייל פון זיי קאָן נאָך ווערן נוצלעך פאַר זיך און פאַר דער געזעלשאַפט, איז דאָך כדאַי צו מאַכן אַ פּרווו און אויסזוכן דעם יחיד און אים העלפן. און ער, דזשאָו, האָט אין דער נישט־דורכגעשלאָפענער נאַכט אָנגענומען אַ באַשלוס. אַז ער וועט זיך באַמיען דאָס צו טאָן.

דער פּראָבלעם פון „פאַרברעכן און שטראָף" האָט אים נישט אויפ־געהערט צו אינטערעסירן. עס האָט זיך ביי אים אָנגעהויבן צו שאַפן אַן

אייגענע פילאָזאָפיע וועגן דעם. דער לייט־מאָטיוו איז געווען: באַדינגונגען שאַפן פאַרברעכער. אויב מען וויל אָפּשאַפן פאַרברעכן, מוז מען שאַפן גינסטיקערע לעבנס־באַדינגונגען. פאַרברעכן איז גיכער אַ קראַנקייט, וועלכע מען דאַרף היילן. ס׳איז קלאָר, אַז נישט אַלע קראַנקייטן קאָן מען אויסהיילן, אָבער אַפילו קאַנסער ווערט אויך געהיילט און מען טוט אַלץ, כדי צו פאַרלייכטערן דעם מצב פון די קראַנקע.

נישט אַלע פאַלן פון פאַרברעכנס זענען דאָך געגליכן צו קאַנסער־קראַנקייט. עס זענען דאָ פאַלן, וועלכע מען קאָן פאַרגלייכן צו אינפעקציע־קראַנקייטן, פאַרקילונגען אד״גל. די אַלע פאַלן לאָזן זיך קורירן און מען קאָן זיי אויסהיילן.

האָט טאַקע דזשאָו באַשלאָסן אָנצוהייבן אַזאַ קוראַציע.

דזשאָו האָט זיך קוים דערוואַרט ביז עס האָט אָנגעהויבן צו טאָגן. נישט באַוויזן צו עפענען זיין יאַטקע און איבערצוגעבן זיינע אָנגעשטעלטע וועמען מען דאַרף היינט פון די קראַנקע און אָרעמע שיקן פלייש; פאַר וועמען מען וועט היינט דאַרפן צוגרייטן אַ פּאָר דאָלאַר, — האָט דזשאָו געכאַפּט זיין אויטאָ און אַוועקגעפאָרן צו אַלבערט וו. פליישער.

— מיסטער פליישער, דאָסמאָל בעט איך אייך איר זאָלט מיר נישט אָפּזאָגן. איך וויל וואָס אָפטער אויפטרעטן, אַלס אַטלעט, אין די תפיסות. גיט מיר די געלעגנהייט...

און אַלבערט וו. פליישער האָט אים געגעבן די געלעגנהייט. דזשאָו איז אָפטער איינגעלאַדן געוואָרן נישט נאָר אין די „איסטערן סטייט פּעניטענטשערי״, נאָר אויך אין „גרעידעספאָרט פּעניטענטשערי״, וואָס געפינט זיך 35 מייל פון פילאַדעלפיע, און אויך אין אנדערע תפיסות, אויפצוטרעטן דאָרט אַלס אַטלעט, צו דער גרעסטער פרייד פון די אַרעסטאַנטן און תפיסה־באַאַמטע און צו דער נאָך גרעסערער פרייד פאַר אים אַליין.

## דזשאָוס באַגעגעניש מיט זישע ברייטבאַרד

זייענדיק אַקטיוו אין דער היגער ספּאָרט־וועלט, האָט זיך דזשאָו דערוווּסט וועגן דעם גרויסן יידישן גיבור זישע ברייטבאַרד פון פּוילן, וואָס נעמט־איין — ווי מען זאָגט — אַ וועלט.

זיין באַגער איז געווען צו זען דעם מאָדערנעם שמשון הגיבור, און ער האָט אַפילו באַשלאָסן צו פאָרן קיין אייראָפּע, כדי זיך צו באַקענען מיט אים. פּלוצים האָט זיך דזשאָו, צו זיין גרעסטער פרייד, דערוווּסט, אַז זישע ברייטבאַרד, בכבודו ובעצמו, קומט קיין אַמעריקע. ער וועט, אַלזאָ, האָבן די מעגלעכקייט צו זען דעם שטאַרקסטן מענטש און געניסן פון ברייטבאַרדס גרויסן וויסן אויפן געביט פון ספּאָרט־אַטלעטיק.

— דאָס האָט געמוזט זיין סוף 1924 אָדער אָנהייב 1925, — האָט דזשאָו אָנגעהויבן זיין דערציילונג וועגן זישע ברייטבאַרד — ווען איך האָב זיך פון דער היגער פּרעסע דערוווּסט, אַז זישע ברייטבאַרד קומט אַהער. פאַרשטייט זיך, אַז מיין אינטערעס צו זען דעם שטאַרקסטן מאַן פון דער היינטיקער צייט איז געווען זייער גרויס.

זישע ברייטבאַרדס נאָמען איז שוין געווען גענוג פּאָפּולער נישט נאָר ביי די, וואָס האָבן זיך אינטערעסירט מיט ספּאָרט, נאָר אויך ביי אַלע יידן — צוליב זיין יידישער אָפּשטאַמונג. מיט שטאָלץ האָט יעדער איי־נער גערעדט וועגן זישע ברייטבאַרד, וואָס האָט פאַרשאַפן כבוד דעם יידישן פאָלק. קאָן מען זיך פאָרשטעלן ווי גרויס עס איז געווען דער אינ־טערעס ביי די יידן אין אַמעריקע צו זען מיט זייערע אייגענע אויגן דעם דאָזיקן גרויסן גיבור, וועלכער האָט שוין ביים לעבן געשאַפן אַרום זיך אַ לעגענדע.

ווען זישע ברייטבאַרד איז אָנגעקומען קיין פילאַדעלפיע, זענען די גאַסן געווען שוואַרץ פון מענטשן, וואָס האָבן געוואַרט אויף אים, כדי צו זען און צו באַגריסן.

אַ לאַנגע שנור פון אויטאָמאָבילן האָט זיך געצויגן איבער די גאַסן,

װעלכע האָבן געפירט צום האָטעל, װאָס מען האָט פאַר אים צוגעגרייט. אין איינעם פון די אויטאָס, װאָס איז געװען אַרומגערינגלט פון זיין סוויטע, איז געזעסן דער שיינער, גראַציעזער און צעשטראַלטער זישע ברייטבאַרד, װאָס האָט מיט אַ פריינטלעכן שמייכל געענטפערט אויף די באַגריסונגען.

דזשאָו האָט זיך קוים געקאָנט דערװאַרטן אים צו זען. ער איז אַװעק אין האָטעל און דורך ברייטבאַרדס אימפּרעסאַריאָ — אַ װינער ייד — געלאָזט מעלדן װער ער איז. זישע ברייטבאַרד האָט אים גלייך אויפגענומען.

— איך בין אַ פילאַדעלפיער אַטלעט — האָט אים דזשאָו געזאָגט, װי נאָר ער האָט זיך באַגעגנט מיט ברייטבאַרדן פּנים אל פּנים — איך בין געקומען, װייל איך האָב װעגן אייך זייער אַ סך געהערט און איך װאָלט געװאָלט לערנען ביי אייך געװיסע זאַכן.

— קודם־כל מוז איך זען װאָס איר קענט — האָט אים ברייטבאַרד געענטפערט מיט אַ שמייכל. ער האָט גענומען אַ שטיקל שטאָל פון איין אינטש מיט אַ פערטל די ברייט, אַ פערטל אינטש די דיק און 15 אינטשעס די לענג, דערלאַנגט עס דזשאָון און געזאָגט: — איצט בייגט עס איין.

דזשאָו האָט גענומען די שטאַנג אין זיינע שטאַרקע הענט און אָנגעהויבן זי איינצובייגן פאַר ברייטבאַרדן אין די אויגן.

װען ברייטבאַרד האָט עס דערזען, האָט ער אים אַ קלאַפּ געטאָן איבער דער פּלייצע און געזאָגט:

— נו, איצט זע איך, אַז דער פילאַדעלפיער אַטלעט איז נישט קיין ל״ץ...

און עס האָט זיך צװישן די צװיי גיבורים אַנטװיקלט פאָלגנדיקער שמועס:

זישע ברייטבאַרד: מיט װאָס פאַרנעמסטו זיך, דזשאָו?

דזשאָו פאָול: איך בין פון פאַך אַ קצב.

ז. ב.: פון װאַנען שטאַמסטו?

ד. פ.: פון אַ קליין שטעטל אין רוסיש־פּוילן.

ז. ב.: עס זענען דאָרט דאָ אַ סך קליינע שטעטלעך...

ד. פ.: איך בין פון בענדין, זאַגלעמביער ראַיאָן.

ז. ב.: אַזוי?! ווייסטו כאָטש, אַז פאַרן פאָרן קיין אַמעריקע בין איך געווען אין בענדזשין? איך בין דאָרט אויפגעטראָטן אין טעאַטער... אַ פיינע יידישע שטאָט בענדזשין, מיט אַ טייערן עולם, געזונט און שטאַרק זאָל ער זיין... כ׳האָב ליב דיין בענדזשין... ס׳האָט זיך דאָרט געטאָן חושך, ווען כ׳בין אַהין געקומען... זיי האָבן פשוט נישט געוווסט וואָס צו טאָן מיט מיר...

ד. פ.: ס׳איז נישט קיין וווּנדער, קיין צווייטן זישע ברייטבאַרד האָבן מיר נישט... פון וואַנען שטאַמסטו, זישע?

ז. ב.: איך בין פון לאָדזש. פון פאַך בין איך געווען אַ קאָוואַל.

צום סוף פונעם לאַנגן שמועס, וואָס זיי האָבן געהאַט, האָט אים זי־שע ברייטבאַרד פאַרבעטן אין טעאַטער אַריין, ווו עס האָט געזאָלט פאָר־קומען זיין אויפטריט. ער האָט אים פאַרגעשטעלט פאַר זיין מענעדזשער און אים אָנגעזאָגט, אַז דזשאָו פאָול איז זיין פערזענלעכער גאַסט.

זישע ברייטבאַרדס אויפטריט איז פאָרגעקומען אין אַ טעאַטער, וואָס האָט אַריינגענומען איבער טויזנט מענטשן. דאָס טעאַטער איז געווען גע־פאַקט איבער די ברעגעס. עס איז נישט געווען פשוט ווי אַ שפּילקע־קעפּל אַריינצוּוואַרפן... פאַרן טעאַטער, אויף דער גאַס — מאַסן מענטשן, וואָס האָבן געוואַרט די גאַנצע צייט ביז די פאָרשטעלונג וועט זיך ענדיקן, כדי צו קאָנען כאָטש אַ קוק טאָן אויף אים...

ווען ברייטבאַרד האָט זיך באַוויזן אויף דער בינע, איז אויסגעבראָכן אַזאַ אָוואַציע, וואָס מען זעט זעלטן אין אַמעריקע. דער גאַסט איז דער־שינען אָנגעטאָן אין רחבותדיקע, קאָלירפולע קליידער, פונקט ווי די אַמאָ־ליקע רוימער, בעת זיי פלעגן אויפטרעטן אַלס אַטלעטן...

ברייטבאַרד איז אַרויסגעקומען אויף דער בינע מיט אַ גאַנצער סווי־טע — אַלע אין פאַרבנרייכע, עפעקטפולע קאָסטיומען — אַז דאָס אַליין האָט שוין געמאַכט אַ גרויסן רושם אויפן עולם. דזשאָו איז אויך מיטגע־ריסן געוואָרן פונעם עפעקט. דער עולם אין טעאַטער איז געזעסן מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם, געשפּאַנט, די גאַנצע צייט וואָס ברייטבאַרד איז גע־ווען אויף דער בינע. נישט רעדנדיק וועגן זיין גרויסער גבורה, מיט וועל־כער די נאַטור האָט אים באַשאָנקען, איז ער געווען גלענצנדיק געשולט און באַזעסן אַ גוטע טעכניק. זיין יעדע באַוועגונג איז געווען געוויגן און געמאָסטן.

איינער פון זיינע הויפט־נומערן איז געווען:

אַ קאַרוסעל מיט אַכט מענטשן האָט מען אַרויפגעשטעלט אויף זיין מעכטיקער ברוסט. די קאַרוסעל מיט די מענטשן האָט ער, זישע ברייט־באַרד, אַליין געדרייט מיט די הענט וואָס אַמאָל אַלץ גיכער און גיכער, ביז עס איז דערגאַנגען צו אַ קאָפּ־שווינדלענדיקער שנעלקייט... דאָס איז — לויט דזשאָ פּאָולס מיינונג — געווען נישט נאָר ראַפינירט און זייער עפעקטפול, נייערט אויך — אַ גרויס קונסט־ווערק.

פּאָר אַ צווייט קונסט־ווערק האָט דזשאָ געהאַלטן פאַלגנדיקן נומער:

אַ שטיק שטאָל פון אַכט פוס די לענג און אַ פערטל אינטש די דיק האָט זישע ברייטבאַרד געבויגן אויף זיין האַנט אַזוי שנעל, פונקט ווי מען לייגט רצועות פון תפילין. דעם שטאָל האָט ער געבויגן לייכט און אָן שום אָנשטרענגונג.

דאָס האָט דזשאָ זיך אויסגעלערנט פון אים צו טאָן. נאָך דער פאָר־שטעלונג איז ער אַרונטער צו אים הינטער די קוליסן און געוויזן ברייט־באַרדן, אַז ער קען עס אויך מאַכן. זישע ברייטבאַרד האָט אים דערפאַר שטאַרק געלויבט.

— יאָ, — האָט דזשאָ ווייטער דערציילט — זישע ברייטבאַרד איז געווען באמת אַ גרויסער אַטלעט, אָבער ער איז געווען נאָך אַ גרעסערער שוישפּילער, מיט אַ חוש פאַר ספּעקטאַקל. זישע ברייטבאַרד האָט גאַנץ גוט געוווסט, אַז די וועלט פאַרמאָגט גענוג פיינע אַטלעטן און אפשר שטאַרקערע ווי ער איז אַליין, אָבער זעלטן ווער פון זיי האָט פאַרשטאַנען און געהאַט דעם חוש צו פּרעזענטירן זיך אויף אַזאַ שיינעם אופן ווי ער, ברייטבאַרד, האָט עס געטאָן. עס איז געווען אַ נחת זיך צוצוקוקן צו זיינע אויפטריטן.

נאָך דער פאָרשטעלונג איז דזשאָ אַוועק מיט זישע ברייטבאַרדן אין אַ רעסטאָראַן, וווּ זיי האָבן זייער אַ סך גערעדט וועגן דער וויכטיקייט פון דער טעכניק ביי די שווערסטע ספּאָרט־אַקטן.

— טעכניק אין ספּאָרט — האָט ברייטבאַרד געזאָגט — איז וויכטי־קער ווי כוח. ער האָט דזשאָן געוויזן פאַרשיידענע ספּאָרט־אַקטן, וואָס ביי אַנדערע וואָלט עס גענומען זייער פיל צייט און פאַרשווענדונג פון כוחות, כדי עס דורכצופירן. ברייטבאַרד, דאַקעגן, האָט עס געמאַכט לייכט און אָן דער מינדעסטער אָנשטרענגונג.

די וואָך צייט וואָס זישע ברייטבאַרד איז געווען אין פילאַדעלפיע, האָט ער לרוב פאַרבראַכט מיט דזשאָו פאָול, צו וועלכן ער האָט זיך שטאַרק צוגעבונדן און זיך מיט אים באַפריינדעט.

ביים צעשיידן זיך האָט ברייטבאַרד פאַרבעטן דזשאָון קיין ניו־יאָרק, ווו ער האָט געדאַרפט אויפטרעטן. דזשאָו האָט מיט פרייד אויסגענוצט די פאַרבעטונג, איבערגעלאָזט אַלץ און אַוועקגעפאָרן קיין ניו־יאָרק. אין ניו־יאָרק האָט זיך דזשאָו באַקענט מיט ברייטבאַרדס פרוי און מיט דעם פרעכטיקן... הונט, מיט וועלכן זישע ברייטבאַרד איז אויפגעטראָטן אין ניו־יאָרק.

זישע ברייטבאַרד איז געווען אַ זעלטן גוטער חבר און אַ ביז גאָר צוגעלאָזטער מענטש. ער איז געווען זייער באַשיידן און נישט געגרויסט זיך מיט זיין כוח און פּאָפּולאַריטעט. דערפאַר האָט ער שטאַרק שטאָלצירט מיט זיין יידישקייט, וואָס ער האָט אויף טריט און שריט אונטערגע־שטראָכן, בעת זיינע צוזאַמענטרעפן מיט די נישט־יידישע פרעסע־מענטשן און שטאָט־רעפּרעזענטאַנטן. דזשאָו האָט ביי ברייטבאַרדן זייער אַ סך געלערנט.

ביי זישע ברייטבאַרדן האָט ער געלערנט ווי אַזוי אויף אַ לייכטן אופן אַריינצוקלאַפּן מיט דער פויסט אַ טשוואָק אין די דיקסטע ברעטער...

די איראָניע פונעם גורל האָט געוואָלט, אַז אין אַ קורצער צייט אַרום, טאַקע ביי אַזאַ „לייכטן אופן" פון אַריינקלאַפּן אַ טשוואָק, זאָל ברייט־באַרד באַקומען אַ בלוט־פאַרגיפטונג אין זיין פוס, וואָס האָט דערפירט צו זיין טראַגישן סוף...

אין די בליענדיקע יאָרן און זייענדיק אויפן העכסטן שטאַפּל פון מאָ־ראַלישן און מאַטעריעלן דערפאָלג, איז דער מאָדערנער שמשון הגיבור, זישע ברייטבאַרד, פריצייטיק אַוועק פון דער וועלט.

אויף דזשאָון האָט דער טויט פון זישע ברייטבאַרד געמאַכט אַן אומ־באַשרייבלעכן איינדרוק. דזשאָו איז כסדר אַרומגעגאַנגען און איבער־געחזרט:

— אַ צווייטן זישע ברייטבאַרד וועלן מיר שוין נישט האָבן.

ער האָט נישט פאָרויסגעזען, אַז גאָר בקרוב וועט ער אַליין ווערן אנערקענט פאַרן שטאַרקסטן מאַן...

**
*

דאָס יאָר 1926 האָט דזשאָוס ספּאָרט־קאַריערע אַריינגעבראַכט אים אַ סך כבוד. אַדאַנק זישע ברייטבאַרדן, ביי וועלכן דזשאָו האָט אַזוי־פיל געלערנט, האָט ער זיך געקאָנט שטעלן צום פאַרמעסט מיט די בעס־טע אַטלעטן. און טאַקע אין דעם זעלביקן יאָר אין חודש מערץ, איז דזשאָו פּאָול אָנערקענט געוואָרן פאַרן „אייזן־קעניג" און באַקומען דעם ערשטן פּריז: אַ גאָלדענעם מעדאַל פון „ווייט עפּראַן־קלאָב", אַן אָרגאַניזאַציע פון די מאַסאָנען. דער מעדאַל איז אים פּרעזענטירט געוואָרן דורכן דירעקטאָר פון „פּאָבליק סעיפטי" פון דער שטאָט פילאַדעלפיע — ריכטער עליאָט.

דעם זעלביקן יאָר, אין חודש נאָוועמבער, ווערט דזשאָו צום צווייטן מאָל אויסגעצייכנט און באַקומט דעם פּריז פון „מאַדינאַ פייער קאָמפּאַני" פון בעטלעהעם שטאָל־קאָרפּאָראַציע.

אין יאָר 1927 ווערט דזשאָו ווידער אויסגעצייכנט צוויי מאָל פאַר די בעסטע אַטלעטישע פּראָדוקציעס. צום ערשטן מאָל — פון „מענס טעמפּל־קלאָב", און די צווייטע אויסצייכענונג — פון „האַיאַוואַטאַ־קלוב". דער לעצטער פאַרמעסט האָט זיך געצויגן צוויי אָוונטן און ביידע מאָל איז דזשאָו אַרויס דער זיגער.

אין 1928 באַקומט דזשאָו דעם פּרייז פון „פּעקערס בייסבאָל־ליג".

צום לעצטן מאָל איז דזשאָו אַרויסגעטראָטן אַלס ספּאָרטלער איז יאָר 1942. ביז יענער צייט האָט ער באַקומען נאָך פיל אויסצייכענונגעז און פּריזן.

ווען דזשאָו פּאָול איז אָנערקענט געוואָרן פאַרן „אייזן־קעניג", האָט מען אים אַראָפּגעבראַכט קיין ניו־יאָרק און ער איז אויפגעטראָטן מיט אַ שטורמישן דערפאָלג אין „נעשאַנאַל־טעאַטער" אויף סעקאָנד־עוועניו. מען האָט מיט אים, אַלס „אייזן־קעניג", געוואָלט מאַכן אַ טורנע איבער גאַנץ אַמעריקע און קאַנאַדע, פאַרלייגנדיק אים פאַנטאַסטישע באַדינגונגען. דזשאָו האָט אָבער דעם פאָרשלאַג אָפּגעוואָרפן, ווייל — ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט — דאַרף ער זיין אין פילאַדעלפיע. פילאַדעלפיע דאַרף אים האָבן און ער האָט נאָך דאָרט אַ סך אויפצוטאָן.

נישט געקוקט אויף אַלע אויסצייכענונגען, דערפאָלגן און אנערקע־




די אויסצייכענונג פון „האַיאַוואַטאַ־קלוב“.

נונג, וואָס ער האָט באַקומען פאַר זיינע ספּאָרט־אַקטיוויטעטן, האָט דזשאָי איינגעזען, אַז ער האָט פאַר זיך אַ וועג מיט פיל ברייטערע מעגלעכקייטן ווי אַזוי צו קאָנען נוצלעך זיין דער געזעלשאַפט, — אַ וועג, אויף וועלכן עס האָט אים, על פּי צופאַל, אַרויסגעפירט דער פאַרשטאָרבענער מיליאָנער־פילאַנטראָפּ אַלבערט וו. פליישער, — אַ וועג, וואָס איז געווען אַזוי צוגעפּאַסט פאַר דזשאָוס מענטאַליטעט.

## דזשאָוס גרויסע הילפסאַרבעט פאַר די תפיסהניקעס

דזשאָו איז געוואָרן אַן אָפטער גאַסט אין די תפיסות. עס האָט נישט גענומען לאַנג און ער האָט געקאָנט אַהין אַריינגיין אומגעשטערט צו יעדער צייט.

דזשאָו האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל נישט בלויז צו געבן די אַרעסטאַנטן צייט־פאַרטרייב, נאָר אויך צו קאָנען טאָן עפּעס ממשותדיקס, וואָס זאָל דערמעגלעכן צו ענדערן זייערע לעבנס־באַדינגונגען. מיט דער דאָזיקער אַרבעט, וואָס ער האָט אָנגעהויבן באַלד נאָך דעם ווי אַלבערט וו. פליישער האָט אים צום ערשטן מאָל אַריינגעפירט אין דער „פאַרמאַכטער וועלט״, גייט ער אָן ביזן היינטיקן טאָג.

ער האָט זיך אָנגעהויבן צו אינטערעסירן מיט יעדן פאַרמשפּטן באַזונדער, מיט יעדן אייגעמס גורל. קומענדיק אין קאָנטאַקט מיט די אַרעסטאַנטן, האָט ער געהאַט די מעגלעכקייט זיך נענטער צוצוקוקן צו זייער לעבן. פירנדיק אָפטע שמועסן מיט זיי, איז אים געלונגען צו געווינען דעם צוטרוי פון די תפיסהניקעס. זיי האָבן אָנגעהויבן אויסצוגיסן זייער האַרץ פאַר אים, פאַרטרויענדיק אים זייערע פּראָבלעמען, זאָרגן און קשיות.

דזשאָו האָט פאַרשטאַנען, אַז פּונקט ווי איין מענטש איז נישט ענלעך צום אַנדערן, זענען אויך די אַרעסטאַנטן נישט ענלעך איינער צום אַנדערן. יעדער פון זיי האָט אַ גאַנץ אַנדערן פּראָבלעם און יעדער איינער מוז באַהאַנדלט ווערן אינדיווידועל, וואָרום יעדער איינער פון זיי איז אַ באַזונדערע וועלט. עס קומט כסדר אויס צו באַהאַנדלען מכלומרשט איין און דעם זעלביקן פאַל אויף גאַנץ פאַרשיידענע אופנים. און דזשאָו האָט, רעדנדיק וועגן דעם, געזאָגט:

— בעת מיין אַרבעט צו העלפן רעהאַביליטירן די דאָזיקע מענטשן, האָב איך אַזויפיל געלערנט ביי זיי, אַז היינט, נאָך עטלעכע דרייסיק יאָר אַרבעט אויף דעם געביט, ווייס איך, אַז איך ווייס גאָרנישט...

דזשאָו קומט אין קאָנטאַקט נישט נאָר מיט די אַרעסטירטע, נאָר אויך מיט זייערע משפחות אויף דער פריי. און ווען מען פרעגט אים:

— צי זענט איר איבערצייגט, אַז אַלץ וואָס זיי דערציילן אייך איז אמת? — ענטפערט ער: — איך הער זיך צו צו יעדן איינעם פון זיי, דערנאָך גיי איך אַריין אין קאַנצעלאַריע, כ'שטודיר דורך זייערע אַקטן און איך זע צי דער מענטש האָט מיר ריכטיק איבערגעגעבן זיין ענין, אָדער ער האָט מיך אָפּגענאַרט...

— טרעפן זיך אָפּט אַזעלכע פאַלן ווען מ'ען נאַרט אייך?

— זעלטן. די מענטשן ווייסן, אַז איך קום צו זיי, כדי זיי צו העלפן, לייכטער צו מאַכן זייער גורל. איך האָב זיך איבערצייגט, אַז מיט גאַנץ קליינע אויסנאַמעס, האָבן זיי מיר געזאָגט דעם אמת. באַקענענדיק זיך גענוי מיט זייער ענין, זע איך צי איך קאָן עפּעס טאָן פאַר זיי, מיט וואָס איך קאָן זיי העלפן.

צונויפקומענדיק זיך מיט די אַרעסטאַנטן דורך לאַנגע יאָרן, איז דזשאָון געלונגען אַריינצודרינגען אין דער פּסיכיק און מהות פון די פאַרמשפּטע, און ער קאָן אונטערשיידן די שולדיקע פון די אומשולדיקע; די אמת־זאָגנדיקע פון די ליגנערס; די, וואָס האָבן באמת חרטה אויף זייערע שלעכטע מעשים, און די, וואָס מאַכן נאָר דעם אָנשטעל. ער האָט באַוויזן זיך אויסצואַרבעטן אַן אייגענע טעאָריע:

— אַ מענטש, וואָס אַרבעט יאָרנלאַנג אין תפיסה 7־6 שעה אַ טאָג און קאָן, בעת דער אַרבעט, אויסקומען מ'ט די אַנדערע אַרעסטאַנטן און טאָן זיין אַרבעט ערלעך און אנשטענדיק, פאַרדינט מען זאָל אים העלפן אַרויסצובאַקומען זיך פון תפיסה, ער זאָל נישט דאַרפן אָפּזיצן דעם גאַנצן טערמין.

אין אַזאַ פאַל רעקאָמענדירט דזשאָו דעם מענטשן צום „באָרד אָוו פּאַראָל", וועלכער פירט דורך אַן אויספאָרשונג, און אויב עס שטימט אַלץ מיט דזשאָוס רעקאָמענדאַציע, ווערט דער אַרעסטאַנט אַרויסגעלאָזט פאַרן אָפּזיצן דעם תפיסה־טערמין. ער ווערט אַרויסגעלאָזט אויף „פּאַראָל" (תנאי־באַפרייאונג), אויף דזשאָוס פאַראַנטוואָרטלעכקייט.

ערשט נאָך דער באַפרייאונג הייבט זיך אָן פאַר דזשאָון די אייגנטלעכע, ביז גאָר שווערע און פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעט.

די מענטשן, וואָס זענען אָפּגעזעסן יאָרנלאַנג אין תפיסה, מוז מען פשוט העלפן שטעלן די ערשטע טריט. זיי קומען אַרויס אויף דער פריי נישט צוגעגרייט צום נייעם לעבן, וואָס האָט זיך אין משך פון זייער זיצן אין תפיסה אויסגעפורעמט. מען דאַרף די מענטשן לערנען ווי אַזוי צוריק אַריינצוגיין אין דער געזעלשאַפט, כדי אָנצוהייבן אַ נאָרמאַל לעבן.

די דאָזיקע אויפגאַבע קאָן מען דורכפירן נאָר ווען מען באַזיצט אַזוי־פיל מענטשן־ליבע ווי דזשאָו פּאָול, און ווען מען באַציט זיך צו די אומגליקלעכע מענטשן מיט אַזויפיל מיטגעפיל, ווי ער טוט עס. אַזוי אַרום קריגן זיי צוריק דעם גלויבן אין זיך; דעם גלויבן אין מענטשן.

ווען מען פרעגט דזשאָו פּאָול צי דאָס איז אים אַלעמאָל געלונגען, ענטפערט ער:

— אין די מערסטע פאַלן יאָ. אָנווייזנדיק די מענטשן אויף זייערע באַגאַנגענע טעותן, האָב איך געהאַט דאָס גליק זיי צוריק אַרויפצופירן אויף אַ גלייכן וועג.

אין וואָס באַשטייט דזשאָוס גרויסער כוח? מיט וואָס דערקלערט זיך עס, וואָס ער קאָן דאָס אַלץ אַזוי דערפאָלגרייך דורכפירן?

— איך בין נישט אַזוי קלוג — זאָגט ער — אַז עס זאָל מיר אַלעמאָל געלינגען דורכצופירן דאָס וואָס איך וויל. זיי ווייסן אָבער אַלע, אַז איך בין לגבי זיי אויפריכטיק און איך וויל זיי העלפן.

אַדאַנק דער מיטהילף פון די פיל גוטע פריינט, וואָס דזשאָו האָט, אַדאַנק דער מיטהילף פון דער „בני־ברית“ און דער „פּערסאָנעל עיד ביוראָ“ פון „דזשואיש פעמילי סערוויס“, געלינגט אים צוצוגרייטן פאַר די באַפרייטע אַרבעט און ער באַמיט זיך צו שאַפן פאַר זיי אַ זיכערן באָדן אונטער די פיס.

צו קאָנען דאָס אַלץ דורכפירן אויפן בעסטן אופן פאָדערט זיך אַ סך צייט, געלט און — וואָס איז די הויפּטזאַך — פאַרשטאַנד. און מיט דעם איז דזשאָו, צום גליק, געבענטשט אין אַ גרויסער מאָס.

ביז איצט האָט דזשאָו באַפרייט פון תפיסה אויף „פּאַראָל“ קנאַפּע דריי הונדערט מענטשן. ער איז פאַר יעדן איינעם פון זיי פאַראַנטוואָרטלעך. די באַפרייטע אויף „פּאַראָל“ מוזן יעדן חודש קומען צו אים ער זאָל אונטערשרייבן זייער „פּאַראָל“.

צווישן די פיל דורך דזשאָון באַפרייטע אויף „פּאַראָל״, געפינט זיך אַ געוויסער מאיר ק., וואָס איז פאַרמשפט געוואָרן פון 10 ביז 20 יאָר תפיסה פאַר דערמאָרדן אַ שיף־קאַפּיטאַן. דזשאָו פּאָול האָט זיך פאַראינ־טערעסירט מיט די אומשטענדן, וואָס האָבן געפירט צום דאָזיקן פאַר־ברעכן און נאָך אַ לענגערער צייט פון טרעפן זיך מ׳יט מאיר ק. אין תפיסה, האָט אים דזשאָו אַרויסבאַקומען אויף „פּאַראָל״ (באַפרייט מיט אַ תנאי).

עס איז אינטערעסאַנט צו ברענגען די לעבנס־געשיכטע פונעם דאָ־זיקן מענטשן. מיט פופציק יאָר צוריק איז מ. ק. געקומען קיין אַמעריקע פון דווינסק (רוסלאַנד). ער איז דעמאָלט אַלט געווען אַכט יאָר. נישט האָבנדיק קיין מעגלעכקייט זיך צו לערנען צוליב די שלעכטע פינאַנציע־לע באַדינגונגען אין וועלכע זיין משפּחה האָט געלעבט, האָט מאיר ק. געמוזט פרי אָנהייבן צו אַרבעטן, כדי איר אַרויסצוהעלפן. ער האָט זיך אויסגעלערנט שלאָסעריי און איז גיך געוואָרן אַ גוטער קוואַליפיצירטער מעכאַניקער.

אין אַ צייט אַרום איז ער אָנגעקומען אויף אַרבעט אַלס מעכאַניקער אין אַ שיף־געזעלשאַפט און אָנגעהויבן אַרומצופאָרן איבער דער וועלט מיט פאַרשיידענע האַנדלס־שיפן. נאָך 23 יאָר אַרבעט אויף שיפן, איז אים אויסגעקומען בעתן צווייטן וועלט־קריג, צו זיין אויף אַ שיף, וואָס האָט קורסירט צווישן פילאַדעלפיע און אויסטראַליע.

דער קאַפּיטאַן פון דער שיף איז געווען פון דייטשישער אָפּשטאַמונג. אַזוי לאַנג ווי די דייטשישע אַרמייען האָבן אָפּגעהאַלטן נצחונות, איז די באַציאונג צו אים מצד דעם קאַפּיטאַן נאָך געווען צו דערליידן. ווען דאָס מזל האָט זיך אָבער אָפּגעקערט פון היטלערן, איז דער קאַפּיטאַן פון דער שיף, אַגב — אַ הייסער אָנהענגער פון היטלערן — געוואָרן ממש ווילד. דעם גאַנצן כעס האָט ער אויסגעלאָזט צום יידישן מאַטראָז מאיר ק. ער האָט נישט אויפגעהערט זיך צו טשעפּען צו אים, אָפּגעחוזקט פון אים און כסדר אים פאַרשעמט אין קעגנוואַרט פון די אַנדערע קריסטלעכע מאַטראָזן.

איין מאָל האָט אים דער קאַפּיטאַן אַזוי באַליידיקט, אַז מאיר ק. האָט זיך שוין נישט געקאָנט באַהערשן און עס איז אויסגעבראָכן אַ גע־שלעג צווישן זיי. מ. ק. איז דערפאַר באַשטראָפט געוואָרן. נאָכן אָפּקומען די דיסציפּלינאַר־שטראָף, איז ער אַוועק צום קאַפּיטאַן און אים געבעטן

ער זאָל אים אויפהערן צו פּראָוואָצירן. ווען די שיף וועט צוריקקומען קיין פילאַדעלפיע — האָט ער געזאָגט — וועט ער זיך באַמיען מען זאָל אים אַריבערטראָגן אויף אַן אַנדערער שיף. דערווייל בעט ער דעם קאַפּיטאַן ער זאָל אים לאָזן צורו, ווייל אויב ער וועט נאָך איין מאָל אָנהייבן מיט אים, וועט געשען אַן אומגליק: — אָדער איך וועל אייך דערהרגענען — האָט ער געזאָגט צום קאַפּיטאַן — אָדער איר מיך...

היות מאירס בעטן און דראָען האָט נישט געהאָלפן, און דער קאַפּיטאַן איז אים נאָך מער דערגאַנגען די יאָרן, כסדר אים פאַרשעמט און דערנידעריקט, האָט זיך מאיר, איינמאָל ביינאַכט, אַריינגעריסן אין קאַפּיטאַנס קאַיוטע, געכאַפּט זיין רעוואָלווער און מיט דריי קוילן אַוועקגעלייגט דעם קאַפּיטאַן אַ טויטן.

דאָס איז געשען ביים סוף פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

ווען די שיף איז צוריקגעקומען קיין פילאַדעלפיע, האָט געוואַרט די פּאָליצײ און אַרעסטירט מאיר ק. מען האָט אים געשטעלט צום משפּט. ער האָט איבערגעגעבן די גאַנצע געשיכטע אַזוי ווי זי איז געווען. כמעט אַלע עדות פון דער שיף־מאַנשאַפט האָבן באַשטעטיקט זיינע ווערטער. אויך די ריכטער האָבן מיטגעפילט מיט מאיר ק. און נעמענדיק אין אַכט די סיבות, וואָס האָבן געפירט צום מאָרד, האָבן זיי אַרויסגעטראָגן אַ מילדן אורטייל: פון 10 ביז 20 יאָר תפיסה.

נאָך זעקס יאָר האָט אים דזשאָו פּאָול אַרויסגענומען פון תפיסה אויף „פּאַראָל". ווי נאָר מאיר ק. איז אַרויס פון תפיסה, איז ער ווידער אַרעסטירט געוואָרן. דאָס מאָל דורך די באַאַמטע פונעם עמיגראַציע־אַמט. מען האָט אים געוואָלט דעפּאָרטירן, ווייל ער איז נישט געווען קיין אַמעריקאַנער בירגער. דזשאָו פּאָול האָט מיט דעם ענין פאַראינטערעסירט טעסי קאָהענס פון „האַיאַס" און נאָך גרויסע באַמיאונגען איז מאיר ק. דערלויבט געוואָרן צו פאַרבלייבן אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

דזשאָו האָט אים גלייך אַריינגענומען אַלס אַרבעטער אין „אָלד עידזש האָום" (מושב זקנים) — דאָס איז געווען אין יאָר 1949 — וווּ ער אַרבעט ביזן היינטיקן טאָג, צו דער גרעסטער צופרידנקייט פון דער אָנפירערשאַפט.

אַ צווייטער אינטערעסאַנטער פאַל, וואָס האָט פּאַסירט מיט אַ גע־

ווילסאָן הוירבערט ט. — אַ נעגער — וואָס איז געזעסן אין תפיסה 21 יאָר פאַר אויספּירן צוויי מאָרדן. ה. ט. — אַ יונגער אלמן, האָט זיך פאַרליבט אין אַ מיידל, וועלכע האָט אין אַ מאָמענט פון ווילדער אייפערזוכט זיך געוואָרפן אויף אים מיט אַ שפּיז און געוואָלט אים שטעכן. הוירבערט האָט, ווערנדיק זיך, אין ראַנגלעניש דערשטאָכן דאָס מיידל צום טויט.

דזשאָו האָט אים, נאָך דריי יאָר אָפּזיצן אין תפיסה, אַרויסגענומען אויף „פּאַראָל". מיט אַ יאָר שפּעטער איז מיטן נעגער געשען אַן ענלעכער פאַל: זיין נייע פריינדין האָט אים, אין אַ מאָמענט פון אייפערזוכט, געוואָלט איבערשניידן דעם האַלדז מיט אַ ראַזיר־מעסער. הוירבערט האָט, ווערנדיק זיך, אין געראַנגל, זי דערשטאָכן צום טויט... דאָס מאָל איז הוירבערט ט. אָפּגעזעסן אין תפיסה 18 יאָר. און נאָך 18 יאָר האָט אים דזשאָו ווידער אַרויסגענומען פון תפיסה אויף „פּאַראָל".

ווען דער נעגער איז אַהיימגעקומען, האָט קיינער אים נישט געוואָלט אויפנעמען. אַלע האָבן זיך אָפּגעקערט פון אים. האָט אים דזשאָו אַריינגענומען אַלס אַרבעטער אין „אָלד עידזש האָום" (מושב זקנים), ווו ער אַרבעט שוין איבער 5 יאָר. אַלע זענען פון אים צופרידן. אין משך פון דער צייט האָט ער חתונה געהאַט, וווינט צוזאַמען מיט זיין פרוי און קינד, וואָס איז זיי געבוירן געוואָרן, און פירט אַ נאָרמאַל, צופרידן לעבן.

צי האָט דזשאָו פאָול געהאַט אויך אַנטוישונגען פון די פיל דורך אים באַפרייטע פון די תפיסות? געוויס. געווען אַזעלכע פאַלן אויך. אָבער, צום גליק, נישט קיין סך.

איינעם פון די געציילטע פאַלן איז כדאַי איבערצוגעבן.

דאָס איז געשען מיט אַ געוויסן ס. ב., וואָס האָט געשטאַמט פון אַן אָנגעזעענער און רייכער משפּחה אין ניו־יאָרק.

ווען ס. ב. איז אַרעסטירט געוואָרן, איז ער אַלט געווען עטלעכע דרייסיק יאָר. דאָס האָט פּאַסירט אין די פערציקער יאָרן. ס. ב. האָט געהאַט אַ שוואַכקייט צו גנבענען גאַנצע קעסטלעך שנאַפּס פון די לאַסט־וואָגנס אַראָפּ. ער איז געווען אין דעם אַ גרויסער ספּעציאַליסט. אָבער אַזוי ווי מען זאָגט: סוף גנב לתליה — איז ס. ב. סוף־כל־סוף אַריינגעפאַלן. מען האָט אים אַרעסטירט אין דאַוּלסטאָון פאַר גנבענען שנאַפּס

פון אַ לאַסט־אויטאָ. ער איז פאַרמשפּט געוואָרן צו 10 יאָר תפיסה. געזעסן איז ער אין „איסטערן פּעניטענטשערי" אין פילאַדעלפיע.

זיין משפחה אין ניו־יאָרק האָט ממש איינגעלייגט וועלטן מען זאָל אים באַפרייען, פאַרן אָפּזיצן דעם גאַנצן טערמין. זיי פלעגן כסדר קומען צו דזשאָון און אים פאַרזיכערן, אַז מער וועט ס. ב. שוין נישט גיין אויף קרומע וועגן. זיי וועלן אים איצט אַריינגעמען צו זיך אין געשעפט, וואָס געפינט זיך אין ניו־יאָרק.

היות אין תפיסה האָט זיך ס. ב. זייער גוט אויפגעפירט אין משך פון די 7 יאָר, וואָס ער איז געזעסן, האָט דזשאָו פּאָול באַשלאָסן צוליבּ־טאָן די בקשה פון זיין משפחה און אים אַרויסנעמען אויף „פּאַראָל".

ס. ב. איז אַנשטאָט קיין ניו־יאָרק אַוועק קיין מיאַמי. דאָרט האָט ער זיך באַקענט מיט אַ רייכער פרוי פון ניו־יאָרק און מיט איר חתונה געהאַט. פאַר איר געלט האָט ער געקויפט אַ היגער־פאַרם אין ווייגלאַנד, פאַר וועלכער ער האָט באַצאָלט 35 טויזנט דאָלאַר. אין אַ יאָר אַרום האָט ער די פאַרם פאַרקויפט אָן זיין פרויס וויסן, און מיט דעם געלט, וואָס ער האָט אָפּגענומען פאַר דער פאַרם, ווי אויך מיט די דאָלאַרן, וועלכע ער האָט באַוויזן פון זיין פרוי אַרויסצוציען אין משך פון די פּאָר יאָר, איז ער פון איר אַנטלאָפן...

אין אַ צייט אַרום איז ער ווידער געקומען קיין פילאַדעלפיע. ווען ער האָט באַגעגנט דזשאָון, האָט ער אים געזאָגט, אַז ער האָט בדעה צו עפענען אַ גרויס געשעפט אין פילאַדעלפיע...

אַ פּאָר וואָכן שפּעטער — דאָס איז געווען אַ שבת־צו־נאַכטס — האָט ס. ב. צוגעגנבעט אַ נייעם אויטאָמאָביל און אָנגעהויבן צו אַנטלויפן מיט אַ גוואַלדיקער שנעלקייט. די פּאָליציי האָט אים אויפן וועג געוואָלט אָפּשטעלן צוליבן צו שנעלן פאָרן. ס. ב. איז אָבער ווייטער געפאָרן מיט נאָך אַ גרעסערער שנעלקייט. אַנטלויפנדיק פון דער פּאָליציי, איז ער אַרויפגעפאָרן אויף אַן אייזערנעם סלופּ און דערהרגעט געוואָרן אויפן אָרט...

— צום גליק — זאָגט דזשאָו פּאָול — האָב איך אַזעלכע פאַלן ווי מיט ס. ב. נישט געהאַט קיין סך...

**איך פרעג דזשאָו פּאָול:**

— ווי זעט אויס דער פּראָצענט יידישע פֿאַרברעכערס צווישן די תפיסהניקעס?

אויף דעם ענטפֿערט ער מיר:

— פֿאַרברעכן געהערט צו די קראַנקייטן, וואָס מאַכן נישט קיין אונ־טערשייד צווישן יידן און נישט־יידן. די קראַנקייט, וואָס מ'ען רופֿט: פֿאַר־ברעכן, איז אָפּהענגיק — הויפּטזעכלעך — פֿונעם עקאָנאָמישן מצב און סביבה, פֿון וועלכער דער פֿאַרברעכער שטאַמט און וואַקסט אַרויס. עס איז אַ פֿעסטגעשטעלטער כלל, אַז ביי די פֿעלקער, וואָס לעבן אין בעסערע עקאָנאָמישע באַדינגונגען, איז דער פּראָצענט פֿון פֿאַרברעכנס אַ סך קלע־נער. נויט און אָרעמקייט גיבן דערצו אַ גרעסערע געלעגנהייט. אַן אָרע־מאַן האָט גאָרנישט און האָט נישט וואָס צו פֿאַרלירן. ווי זאָגט מען דאָס ביי אונדז: דער דלות מעג אַלעס...

ווי פּאַראַדאָקסאַל דאָס זאָל נישט קלינגען, האָבן אָבער יידן, וועלכע האָבן אין דער אַלטער היים געלעבט אין דחקות און נויט, געהאַט צו פֿאַר־צייכענען ווייניקער פֿאַרברעכנס, ווי די נישט־יידישע שכנים. נישט דער־פֿאַר, ווייל יידן האַלטן זיך פֿאַר אַן אתה בחרתנו־פֿאָלק, נאָר, אַפּנים, ווייל די „עשרת הדיברות" ווערן מער אָפּגעהיטן ביי יידן. און אויב ס'איז גע־מאַכט געוואָרן אַן אָפּנייג פֿון די „צען געבאָט", איז עס, לרוב, געווען פֿאַרבונדן מיט „טרוקענע עבירות", ווי למשל, גנבה, שווינדל און ענלע־כע חטאים, יעדנפֿאַלס — פֿאַרברעכנט, כמעט אָן בלוט־פֿאַרגיסונג.

אין קעגנזאַץ צו די נישט־יידישע שכנים, וועלכע האָבן נישט גע־קאָנט באַהערשן די ווילדע אינסטינקטן, קאָן מ'ען ביי יידן פֿאַרצייכענען זעלטענערע פֿאַלן פֿון גזילה און רציחה. דאָס דרינגט, אַפּנים, אַרויס פֿון דער מאָראַל, וואָס זיי זאַפּן איין אין זיך פֿון געבוירן־אָן, ממש — פֿון דער מאַמעס ברוסט...

אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן, וווּ דער לעבנס־סטאַנדאַרד פֿון די יידן איז דער זעלביקער ווי ביי די אַנדערע טיילן פֿון דער באַפֿעלקערונג, איז דער פּראָצענט פֿון פֿאַרברעכנס ביי זיי אַ סך קלענער, ווי אין דער אַל־טער היים. פֿון דעם נעמט זיך אויך די קליינע צאָל שווערע יידישע פֿאַר־ברעכער, וואָס זיצן אין די תפיסות.

הונדערטער אומגליקלעכע מענטשן, וועלכע דזשאָו האָט אַרויסגענו־

מען פון די תפיסות, האָט ער צוריק געשטעלט אויף די פיס. אַ סך פון זיי זענען ביזן היינטיקן טאָג נוצלעכע מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט און העלפן אַנדערע אומגליקלעכע צו געפינען זייער מענטשלעכן פּרצוף.

עס איז, דוכט זיך, דער איינציקער פאַל, ווען אַ פּאָלקסמענטש, אָן געהעריקער בילדונג, נישט קיין אַדוואָקאַט, זאָל דורך דער העכסטער אינסטאַנץ פון „באָאַרד אָוו פּאַראָל" באַווייזן צו באַפרייען אַזויפיל פאַר־משפטע צו אייביקער אָדער לאַנגיאָריקער תפיסה.

דזשאָו פּאָול האָט עס באַוויזן צו דערגרייכן אַדאַנק זיין אויסערגע־וויינלעכער גוטהאַרציקייט, געדולד און שאַרפן שכל, ווי אויך — אַדאַנק דעם אומבאַגרענעצטן צוטרוי, וואָס מענטשן האָבן צו אים.

## מיט די „מענטשן הינטער די קראַטעס"

דזשאָו פּאָול באַמיט זיך צו העלפן אַפילו די אַרעסטאַנטן, וואָס זע־נען באַשטימט אָפּצוזיצן זייער פולן טערמין אין תפיסה און קאָנען נישט געניסן פון „פּאַראָל" (תנאי־באַפרייאונג). ער טוט אַלץ כדי די דאָזיקע מענטשן צו פאַרלייכטערן זייער שווערן גורל און גיט זיי — אין די ראַ־מען פון געזעצלעכע מעגלעכקייטן — די ווייטגייענדיקסטע מאָראַלישע און פינאַנציעלע אונטערשטיצונג.

פון די פיל הונדערטער בריוו, וואָס דזשאָו דערהאַלט כסדר פון די „מענטשן הינטער די קראַטעס", איז כדאַי צו ברענגען אייניקע, וואָס וועלן כאַראַקטעריזירן דזשאָוס טעטיקייט און אויך באַווייזן, וואָס פאַראַ אָפּקלאַנג זיין אַרבעט געפינט ביי די מענטשן, וועלכע עס איז שוין נישט באַשערט צו זען די פרייהייט.

אין איינעם פון אַזאַ בריוו צו דזשאָו פּאָול, געשריבן פון אַ מענטשן, וועלכן מיר וועלן באַצייכענען מיט זיין אַרעסטאַנטן־נומער D-6582, לייענען מיר, צווישן אַנדערן: „עס איז שווער צו געפינען ווערטער, כדי אויסצודריקן אייך אונדזערע טיפסטע געפילן פאַר דער גרויסער הילף וואָס איר גיט אונדז.

„...ווען עס וועט אונדז אַמאָל באַשערט זיין צו ווערן נאָרמאַלע און ערלעכע מענטשן, וועלן מיר אפשר, טיילווייז, קאָנען דעקן דעם גרויסן חוב, וואָס מיר זענען אייך שולדיק, דורך דעם, וואָס מיר וועלן זיך באַ־מיען צו העלפן אַנדערע מענטשן, וועלכע וועלן זיך נייטיקן אין אַזאַ הילף.

„...אונדזער קאָנגרעגאַציע דריקט אייך אויס די טיפסטע דאַנקבאַר־קייט פאַר דעם עסן און פאַר דעם געלט, מיט וועלכע איר באַזאָרגט אונדז". דאָ קומען אייניקע אונטערשריפטן פון די אַרעסטאַנטן. דער דאָזיקער בריוו איז דאַטירט דעם 27סטן אַפּריל, 1948.

אַ צווייטער בריוו, געשריבן פון דעם אַרעסטאַנט D-5425:

„מיר, די יידישע אַרעסטאַנטן פון „איסטערן סטייט פּעניטענטשערי" אין פילאַדעלפיע, ווילן אייך אויסדריקן אונדזער דאַנק פאַר אַלעס וואָס איר טוט פאַר אונדז.

„...עס איז וווּנדערלעך, אַז אַזאַ מענטש, ווי איר, גיט אַוועק זיין טייערע צייט, כדי כאָטש אַביסל צו פאַרלייכטערן און אנגענעמער צו מאַכן דאָס לעבן פון די ווייניקער גליקלעכע, וואָס געפינען זיך דאָ.

„...גיט איבער אַ דאַנק דעם דזשענטלמען פון חיפה, וואָס איז געקו־מען אונדז זען. איר ווייסט גאַנץ גוט וואָס פאַראַ פאַרגעניגן עס איז פאַר אונדז, ווען עס באַזוכט אונדז עמיצער פון דרויסן. אָבער דער דאָזיקער ניִשט־אַלטעגלעכער באַזוך פון ישראל, איז געווען פאַר אונדז אַ גרויסער כבוד: צו האָבן אַזאַ נישט־דורכשניטלעכן גאַסט, ווי דעם וועטעראַן פון דער „הגנה".

נאָכאַמאָל דאַנקען מיר אייך און פאַרבלייבן, מיט גרויס רעספּעקט, אייערע...". דאָ קומען אייניקע אונטערשריפטן פון די אַרעסטירטע.

אַלע בריוו, וועלכע דזשאָו באַקומט פון די תפיסהניקעס, זענען גע־שריבן אויף אָפיציעלע בלאַנקעטן פון דער תפיסה און גייען דורך אַ גע־העריקע צענזור.

***

אין משך פון די עטלעכע דרייסיק יאָר אַרבעט לטובת די אַרעס־טירטע, האָט דזשאָו באַגעגנט צווישן זיי אייניקע, וואָס זענען באַרימט געוועזן איבער דער גאַנצער וועלט, ווי למשל, דער שיקאַגער גענגסטער אַל קאַפּאָנע, וואָס איז אַ געוויסע צייט געזעסן אין דער פילאַדעלפיער תפיסה; די הויפּט־פיגורן פון דעם אַמאָל אין אַמעריקע באַרימטן „אַר־סעניק־רינג", און אַנדערע, וועלכע דזשאָו וויל נישט דערמאָנען ביי די נעמען, ווייל זיי, אָדער זייערע קינדער לעבן.

דער ענין אַל קאַפּאָנע, וואָס האָט אַזוי הילכיק אָפּגעקלונגען איבער דער גאַנצער וועלט, איז געווען זייער אַ קאָמפּליצירטער. אין פילאַדעל־פיע איז אַל קאַפּאָנע אָפּגעזעסן אַ תפיסה־אורטייל פון איין יאָר צייט פאַר טראָגן אַן אָנגעלאָדענעם רעוואָלווער.

ווען אַל קאַפּאָנע האָט אייניקע מאָל געזען אין תפיסה דזשאָו פּאָול,

ווי ער באַוועגט זיך דאָרט פריי און ווי די איבעריקע אַרעסטאַנטן רינגלען אים תמיד אַרום און ווייזן אים אַרויס אַזויפיל ליבשאַפט, האָט ער זיך אויך צו אים דערנענטערט. דזשאָו האָט נושא־חן געווען אויך אין די אויגן פון דעם גרעסטן גענגסטער און ער האָט געוואונען זיין צוטרוי.

צוביסלעך האָט אַל קאַפּאָנע זיך אָנגעהויבן צו פאַרטרויען פאַר דזשאָון. ער האָט געעפנט פאַר אים זיין האַרץ און אים איבערגעגעבן סו־דות פון זיין שטורמישן לעבן, וועלכע האָבן געקלונגען ממש ווי פאַנטאַס־טישע מעשיות. ער האָט פאַרזיכערט דזשאָון אַז ווי נאָר ער וועט באַ־פרייט ווערן פון תפיסה, וועט ער אָנהייבן שרייבן זיין לעבנס־געשיכטע.

אַל קאַפּאָנע איז געווען פון איטאַליענישער אָפּשטאַמונג, אָבער איב־גאַנצן אַמעריקאַניזירט. ער האָט גערעדט אַ גוטן ענגליש, אַ גוטן איטאַ־ליעניש און אויך — אַביסל יידיש. פון וואַנען — יידיש?

— איך בין דערצויגן געוואָרן — האָט ער געזאָגט — אין אַ יידי־שער סביבה...

זיין רעזידענץ איז געווען אין מיאַמי, פלאָרידע, ווו ער האָט גע־האַט אַ לוקסוס־פּאַלאַץ. דאָרט האָט ער געוווינט צוזאַמען מיט זיין פרוי און קינדער. זיין צווייטע היים איז געווען שיקאַגאָ, ווו ער האָט געהאַט אַ פּאָר הייזער און איז געווען אַ שותף צו פיל האָטעלן. אַחוץ דעם איז ער געווען אַ מיט־שותף צו גאָר גרויסע, גוט־פּראָספּערירנדיקע „ביזנעס" אין אַמעריקע.

אַל קאַפּאָנע איז רייך געוואָרן בעת דער „פּראָהיבישן"־צייט (פאַר־באָט צו האַנדלען מיט אַלקאָהאָל). אַל קאַפּאָנעס שטערן האָט אָנגעהויבן אויפצוגיין אין דער צייט ווען מען האָט פאַרווערט דאָס פאַרקויפן פון אַלקאָהאָל אין אַמעריקע...

אין צייט פון „פּראָהיבישן" פלעגט מען אַריינשמוגלען קיין אַמערי־קע, ווי אויך געהיים פּראָדוצירן, אַלערליי אַלקאָהאָלישע משקאות. אַל קאַ־פּאָנע איז געווען איינער פון די הויפּט־מחותנים אינעם ברייט־פאַרצווייגטן אומלעגאַלן קאָנצערן. ער איז אויך געווען איינער פון די הויפּט־אַקציאָ־נערן פון אַ ריי לעגאַלע ביר־ברויערייען, וואָס האָבן אויסגעפּאַרטיקט ביר אָן אַלקאָהאָל. אונטערן דאָזיקן דעק־מאַנטל האָט מען אין געהיים אויס־געאַרבעט אַלקאָהאָלישע געטראַנקען.

אַל קאַפּאָנע איז געווען דער אייגנטימער פון לויף־פערד, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין די געיעגן.

מיט וואָס אַל קאַפּאָנע האָט זיך פאַרנומען פאַר דער „פּראָהיבישן"־צייט, איז אומבאַוווסט. זיין פּערזאָן האָט נישט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ גענגסטער, נאָר — להיפוך: ער איז געווען זייער אַ שיינער און אימפּאָזאַנטער מאַן, מיט אַן איידל פּנים, געהאַט אַ גוטע באַנעמונג און פיינע מאַנירן. ער איז שטענדיק געווען עלעגאַנט און זאָרגפעלטיק אָנגעטאָן.

ווי עס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, איז דורך דעם גאַנצן יאָר וואָס אַל קאַפּאָנע איז געזעסן אין פילאַדעלפיער תפיסה, האָט אים קיין איין גענגסטער נישט באַזוכט. די איינציקע פּערזאָן, וואָס פלעגט צו אים קומען, איז געווען זיין שיינע פרוי, ווי אויך אייניקע מיטגלידער פון זיין משפּחה.

צו וואָס איז אַל קאַפּאָנע געקומען קיין פילאַדעלפיע?

געהייסן האָט עס, אַז ער איז געקומען אַהין אין שייכות מיט זיינע געשעפטלעכע פאַרבינדונגען, וואָס ער האָט געהאַט מיט די פילאַדעלפיער ביר־ברויערייען.

אין אַ געוויסן טאָג — דאָס איז געווען אין יאָר 1929 — האָט אים אויף דער גאַס באַמערקט אַ פּאָליציי־אָפיציר, וועלכער האָט אים געקענט פון מיאַמי. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז אַל קאַפּאָנע איז נישט געקומען קיין פילאַדעלפיע, כדי צו שרייבן תפילין...

ווען מען האָט אים אַרעסטירט, האָט מען געפונען ביי אים דעם אָנגעלאָדענעם רעוואָלווער. דערפאַר טאַקע האָט ער באַקומען אַ יאָר תפיסה. צוויי באַוווסטע פילאַדעלפיער אַדוואָקאַטן האָבן זיך באַמיט אים צו באַפרייען, דאָס איז זיי אָבער נישט געלונגען און אַל קאַפּאָנע האָט געמוזט אָפּזיצן דאָס גאַנצע יאָר.

מען האָט געשמועסט, אַז ער איז ספּעציעל געקומען קיין פילאַדעלפיע, כדי זיך דאָרט אויסצובאַהאַלטן פאַר זיינע אייגענע „פריינט" פון שיקאַגאָ, וועלכע האָבן אים, מכלומרשט, געוואָלט אַפּרוימען פון וועג... אַל קאַפּאָנע האָט פאַרזיכערט דזשאָו פּאָול, אַז דאָס איז נישט אמת, ווייל ער האָט נישט קיין שונאים. ער האָט — זאָגט ער — קיינעמען קיין

שלעכטס נישט געטאָן. ער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ גרויסן געשעפטס־מאַן, וואָס פירט זיינע פיל־פאַרצווייגטע אונטערנעמונגען אויפן ראַ־יעלסטן אופן און קיינער קאָן אים גאָרנישט פאָרוואַרפן.

די פּאָליציי האָט אָבער געהאַט וועגן אים אַן אַנדערע מיינונג. מען האָט געוווּסט בפרטיות אין וואָס זיינע „ביזנעס" באַשטייען. מען האָט אים געהאַלטן פאַר איינעם פון די גרעסטע גענגסטערס וואָס אַמעריקע האָט ווען עס איז פאַרמאָגט. איינס איז זיכער: אַל קאַפּאָנע איז געווען אַ גרויסער חכם און זייער אַ דורכגעטריבענער פאַרשוין. ווען דזשאָו האָט אים אַמאָל, האַלב־שפּאַסנדיק, געפרעגט:

— האָט איר טאַקע אויף זיך קיין שום חטא?!...

האָט אַל קאַפּאָנע געענטפערט:

— דזשאָו, ווען מען זאָל גוט אַ זוך טאָן, וועט מען אויסגעפינען, אַז דער רבונו של עולם אַליין איז אויך נישט אינגאַנצן ריין פון זינד...

אַל קאַפּאָנע האָט זיך אין משך פון דעם יאָר, וואָס ער איז געזעסן אין פילאַדעלפיער תפיסה, אויפגעפירט זייער גוט, ער איז געווען צוגע־לאָזן צו די איבעריקע אַרעסטאַנטן און זיך חבריש באַצויגן צו זיי. אויב עמיצער פון די תפיסהניקעס האָט זיך אין עפּעס געניייטיקט, האָט ער יעדן גערן אַרויסגעהאָלפן פינאַנציעל. ער האָט געהאַט אַ גאַנץ שיינע סו־מע געלט, דעפּאָזיטירט אין תפיסה־קאַסע.

ווי פּאָפּולער אַל קאַפּאָנע איז געווען, קאָן דינען דער פאַקט וואָס מען האָט פון זיין לעבנסגעשיכטע אָנגעשריבן טעאַטער־פּיעסן (איינע פון זיי איז אַפילו אויפגעפירט געוואָרן אויף דער יידישער בינע), און האָלי־ווּד האָט געמאַכט אַ פילם געבויט אויף אַל קאַפּאָנעס לעבן.

ווען מען האָט אַל קאַפּאָנע געפרעגט, צי דער פילם איז אים גע־פעלן, האָט ער געענטפערט:

— און אַז ער וואָלט מיר נישט געפעלן געוואָרן, האָב איך דען אַ ברירה?...

און אַז האָליוווּד האָט מיר צוגעשריבן אַלע בייזע צרות, קאָן איך דען זיין דערפאַר פאַראַנטוואָרטלעך?...

גלייבט מיר, זיי אַלע ווייסן אַזויפיל פון מיין לעבן, ווי איך ווייס פונעם לעבן פונעם טערקישן סולטאַן...

וועגן מיין לעבן וועט זיך די וועלט דערוויסן ערשט פון מיינע זכרונות...

ווען דער טערמין פון זיין זיצן אין פילאַדעלפיער תפיסה האָט זיך געענדיקט און אַל קאַפּאָנע האָט שוין געדאַרפט אַרויסגיין אויף דער פריי, האָט אים אַרויסגעפאָדערט די פּאָליציי פון שיקאַגאָ, ווו עס האָט אים דערוואַרט אַ נייער תפיסה־טערמין פאַר זיינע שיקאַגער חטאים; פון דאָרט — ווייטער. אַזוי איז אַל קאַפּאָנע אַריבער פון איין תפיסה אין דער צווייטער ביז ער איז פאַרוואָגלט געוואָרן אין סאַן־קווענטין־תפיסה, אין קאַליפאָרניע, פון וואַנען ער האָט די ליכטיקע שיין שוין מער נישט דערזען.

צוזאַמען מיט דעם גענגסטער אַל קאַפּאָנע זענען אַוועק די „סודות פון זיין שטורמישן לעבן", וועגן וועלכע ער האָט גערעד'ט מיט דזשאָ פּאָול, און וואָס ער האָט שוין קיינמאָל נישט באַוויזן צו פאַרעפנטלעכן.

אַ צווייטער פּאַל, וואָס איז געשען מיט פערציק יאָר צוריק אין פילאַדעלפיע און האָט צו יענער צייט אויפגערודערט גאַנץ אַמעריקע, איז געווען דער „אַרסעניק רינג".

די באַנדע פון דעם „רינג" איז באַשטאַנען פון 24 מיטגלידער: איטאַליענער, דריי יידן און אַ אוקראַאינישע פרוי. די דאָזיקע „אינטערנאַציאָנאַלע" געזעלשאַפט האָט באַוויזן אין משך פון אַ פּאָר יאָר צו פאַרסמען מיט אַרסעניק אַ פּאָר הונדערט מענטשן. די גאַנצע באַנדע איז אַנטדעקט געוואָרן דורך אַ צופאַל.

דער דאָזיקער „מערדער־סינדיקאַט" האָט אין משך פון יאָרן געאַרבעט רואיק און געמאַכט זייער אַ סך געלט, אַוועקשיקנדיק הונדערטער מענטשן אויף יענער וועלט...

דער „סינדיקאַט" איז געווען פאַרבונדן מיט אַן אַסעקוראַציע־געזעלשאַפט דורך אַן אַגענט פון דער דאָזיקער פירמע, וועלכער האָט גלייכצייטיק געהערט צו דער מערדער־באַנדע.

די אַרבעט פון דער גרופּע איז באַשטאַנען פון אַסעקורירן מענטשן אין פאַל פון... טויט. פאַרשטייט זיך, אַז די באַנדע האָט אַלץ געטאָן, כדי צוצואיילן דעם טויט פון דעם דורך זיי „אַסעקורירטן" מענטשן.

די יורשים, וואָס זענען געווען מיטגלידער פון דעם „סינדיקאַט", פּונקט ווי דער דאָקטאָר, וואָס האָט פעסטגעשטעלט דעם טויט, האָבן אָפּ־

גענומען די פאַרזיכערונג און צעטיילט דאָס געלט צווישן זיך, גלייך אויף גלייך.

די פאַרזיכערונגס־געזעלשאַפט האָט זיך אַ לאַנגע צייט נישט גע־כאַפּט און נישט פאַרדעכטיקט, אַז עס גייט אָן עפּעס אַ פאַרברעכערישע אַרבעט מיט די מערערע טויט־פאַלן ביז — — —

— — — אין אַ געוויסן טאָג האָט מען געמאָלדן דער פּאָליציי, אַז בעת אַ שיף־אויספלוג, וואָס אַ פּאָר פריינט האָבן איינגעאָרדנט כדי צו כאַפּן פיש, האָט זיך דאָס שיפל איבערגעקערט און איינער פון די אָנ־טיילנעמער איז דערטרונקען געוואָרן...

אויך דער פאַל וואָלט נישט אַרויסגערופן קיין ספּעציעלן חשד, ווען מען וואָלט נישט געפונען דעם דערטרונקענעם מיט אַ צעשפּאָלטענעם קאָפּ, פון די קלעפּ, וואָס ער האָט באַקומען מיט אַן אייזן.

די נייע אַנטפּלעקונג האָט געפירט צו אַ שטרענגערער און סקרופּו־לעזער אויספאָרשונג. מען האָט אָנגעהויבן חוקר־ודורש צו זיין און נאָכ־קוקן יעדן איינעם פון די, וואָס האָבן זיך געפונען אין שיפל צוזאַמען מיטן קרבן; מען איז דערגאַנגען, אַז די גאַנצע גרופּע, מיטן דערמאָרדעטנס פרוי, האָט געהאַט אַ שייכות מיט דער זעלביקער אַסעקוראַציע־געזעל־שאַפט, וווּ דער דערמאָרדעטער איז געווען פאַרזיכערט אויף אַ גרעסערע סומע געלט. זיין פרוי האָט זיך באַמיט אַפּצונעמען די פאַרזיכערונג.

די ווייטערדיקע אויספאָרשונג האָט באַוויזן, אַז די באַנדע האָט גע־האַט אַ שייכות מיט אַלע טויט־פאַלן, פאַר וועלכע די פאַרזיכערונגס־גע־זעלשאַפט האָט, אַדאַנק דער באַשטעטיקונג פון דעם דאָקטאָר, וועלכער האָט אויך געהערט צום „סינדיקאַט”, אויסגעצאָלט גרעסערע סומעס געלט.

די גאַנצע באַנדע, צוזאַמען מיט דער פרוי פונעם „דערטרונקענעם” און דעם דאָקטאָר, איז אַזוי אַרום דעמאַסקירט געוואָרן. מען האָט זיי גע־שטעלט צום משפט. דער פּסק־דין איז געווען: 2 מענטשן זענען פאַר־משפט געוואָרן צום טויט און פאַרענדיקט זייער לעבן אויף דער עלעקט־רישער שטול, אין יאָר 1946; 12 פון דער באַנדע האָבן געקראָגן לעבנס־לענגלעכע תפיסה; 3 זענען באַפרייט געוואָרן צוליב מאַנגל פון באַווייזן; די איבעריקע — קלענערע און גרעסערע תפיסה־אורטיילן.

איינער פון די הויפּט־אָנפירער פון דער באַנדע, אַ געוויסער מ. האָט זיך באַלד אין דער ערשטער וואָך פון זיין זיצן אין תפיסה, באַקענט מיט

דזשאָו פּאָול און אים פאַרזיכערט, אַז ער איז אומשולדיק. היות אָבער אַלע באַווייזן זענען געווען קעגן אים, האָט ער נישט געקאָנט געניסן פון „פּאַראָל״ (תנאי־באַפרייאונג).

די פאַרברעכער־באַנדע איז אַנטדעקט געוואָרן אַדאַנק אַ צופאַל מיטן דערטרונקענעם. עס איז געווען דאָס ערשטע מאָל ווען די גוט־אָרגאַניזירטע באַנדע האָט זיך באַנוצט מיט אַזאַ מין מענטש־מאָרד. ביז איצט פלעגן זיי זייערע קרבנות פאַרסמען מיט אַרסעניק. דערפאַר טאַקע האָט מען זיי גערופן „דער אַרסעניק־רינג״.

## דזשאָו פּאָול — דער מליץ־יושר פון די יידנדיקע

רעדנדיק וועגן זיין הילף־אַרבעט אין דער תפיסה, אין וועלכער עס האָט אים אַריינגעפירט אַלבערט וו. פליישער, דערמאָנט דזשאָו פּאָול מיטן גרעסטן יראת־הכבוד אייניקע מענטשן, מ'יט וועלכע ער האָט זיך בעת דער אַרבעט באַקענט, — דאָס איז: וויליאַם פּאַרטנער, דער טשער־מאַן פון „פּריזאָן עיד וווירק" (הילף־אַרבעט פאַר תפיסהניקעס).

וויליאַם פּאַרטנער איז געווען דער פּראַקטאַטיפ פון דזשאָו פּאָול. דזשאָו האָט אַ סך געלערנט ביי פּאַרטנערן אין דער אַרבעט פון „פּדיון שבויים" — העלפן די תפיסהניקעס און זייערע משפּחות, ווי אויך — צו באַזאָרגן זיי מיט יום־טובדיקע מאכלים. וויליאַם פּאַרטנער האָט זיך געטיילט מיט דזשאָון מיט זיינע דערפאַרונגען. אין אַ צייט אַרום איז אים שוין אויסגעקומען, אין אַ סך פאַלן, מיטצואַרבעטן דירעקט מיט פּאַרטנערן.

אַ וויכטיקע ראָל אין דער הילפס־אַרבעט האָט געשפּילט זיגמונט קליין, אַ געוועזענער עמיגראַנט פון אונגאַרן. דאָס איז געווען אַ קרישטאָל־ריינער מענטש, מיט אַן אומגעהויערער ענערגיע, וועלכער האָט אַוועק־געגעבן אַ סך צייט און געלט פאַר פילאַנטראָפּישע און הילפס־צוועקן.

דער זעלטן פיינער מענטש, זיגמונט קליין, איז געווען איינער פון די פּיאָנערן, וואָס האָבן געהאָלפן די תפיסהניקעס. ער האָט זיך אינטע־רעסירט מיט אַלע זייערע פּראָבלעמען, ווי אויך מיט די רעליגיעזע באַ־דערפעניש פון די יידישע אַרעסטאַנטן. אַדאַנק זיינע באַמיאונגען איז געשאַפן געוואָרן אין דער תפיסה פאַר די יידישע אַרעסטאַנטן אַ שול צו דאַווענען.

זיגמונט קליין איז אויך געווען איינער פון דזשאָו פּאָולס וועגוויי־זער, וועלכער האָט אים אָנגעוויזן ווי אַזוי צו דערקענען מענטשלעכע נשמות און זיי צו היילן.

— אַדאַנק זיגמונט קליין — זאָגט דזשאָו פּאָול — בין איך אימ־

שטאַנד געוועזן אַריינצודרינגען אינעם מענטשלעכן גייסט, און בפרט אין די קאָמפּליצירטע גייסטיקע לאַבירינטן פון די מענטשן „הינטער די קראַטעס".

אויך אַלבערט לייט — אַן אַמעריקאַנער געבוירענער — איז געווען



זיגמונט קליין

איינער פון די פּיאָנערן פון דער הילפס־אַרבעט און געהערט, צוזאַמען מיט אַלבערט וו. פליישער, וויליאַם פּאָרטנער, וויליאַם גוירבער און זיג־מונט קליין, צו דזשאָוס לערער און וועגווייזער.

וויליאַם פּאָרטנער, וויליאַם מ. גוירבער, זיגמונט קליין פון „בני ברית" און אַלבערט לייט זענען געווען די גרינדער פון „פּוירסאָנעל עיד ביוראָ" ביים „דזשויש פעמילי סוירדוויס", וואָס העלפט פאַרלייכטערן דעם מצב פון די יידישע אַרעסטאַנטן. דזשאָו איז אַ לאַנג־יאָריקער מיטגליד פון דירעקטאָרן־ראַט פון „פּוירסאָנעל עיד ביוראָ".

דזשאָו האָט זיך אָבער נישט באַגרענעצט בלויז מיט דער הילף־אַר־בעט פאַר יידישע אַרעסטאַנטן, ער איז געוואָרן דער מליץ־יושר און באַ־שיצער פון אַלע ליידנדיקע און אומגליקלעכע — אָן אונטערשייד פון רע־ליגיע און ראַסע.

דער אָפּקלאַנג פון דזשאָוס אַרבעט אויף דעם געביט איז געוואָרן



וויליאַם פּאַרטנער (רעכטס) און אַלבערט לייט (לינקס).

אַזוי גרויס, אַז ער האָט דערגרייכט ווייט־ווייט איבער די גרענעצן פון סטייט פּענסילווייניע. צו דזשאָון ווענדן זיך נישט נאָר פּריוואַט־מענטשן מיט פאַרשיידענע בקשות, נייערט אויך רעגירונגס־פאָרשטייער, וועלכע שעצן הויך דזשאָוס מסירתנפשדיקע הילף־אַרבעט.

אָט איז אַ בריוו, געשריבן דעם דריטן יאַנואַר, 1956, פון דעם טשערמאַן פון „באָארד אָוו פּאַראָל״, פּאָול י. גוירנערט: „טייערער דזשאָו, היינט בין איך אין סטייט פּעניטענטשערי פון ראָקוויו, וווּ איך האָב אויס־

געפּונען, אַז איינער פון די תפיסהניקעס דאָ גייטיקט זיך אין אַן אַפּטרו־פּוס.

„דאָס איז אַ יונגערמאַן (מיר וועלן אים באַצייכענען מיט די איני־ציאַלן י. ס.), קנאַפּע 39 יאָר אַלט. ער איז פאַרמשפּט געוואָרן צו לעבנס־לענגלעכער תפיסה און קאָן איצט געניסן פון „פּאַראָל”. אַלט זייענדיק 17 יאָר איז ער געווען פאַרמישט אין אַ מאָרד, פון וועלכן ער האָט נישט געהאַט קיין אייגננוצן. אין משך פון די 20 יאָן׳, וואָס ער זיצט אין תפיסה, האָט ער, מיט דער גרעסטער אָנשטרענגונג געאַרבעט איבער זיך אַליין.

׳...זיצנדיק אין תפיסה, האָט ער שטודירט און דערגרייכט העכערע בילדונג. ער האָט גלייכצייטיק זיך אויסגעלערנט שניידעריי און איז גע־וואָרן אַ גוטער שניידער. פאַר די לעצטע יאָרן האָט ער געאַרבעט ווי אַ שרייבער־סטענאָגראַפיסט אין פּאַראָל־דעפּאַרטאַמענט פון סטייט פּעני־טענטשערי אין ראַקוויו, וווּ ער האָט דערפילט זיינע פליכטן אויפן בעסטן און צופרידנשטעלנדיקסטן אופן.

„ער איז אַ רואיקער, צוריקגעהאַלטענער מענטש און קומט גוט אויס מ׳יט אַנדערע מענטשן.

„איך וועל עס באַטראַכטן ווי אַ פּערזענלעכע טובה, ווען איר ,דזשאָו, וואָלט מסכים געווען צו ווערן זיין אַפּוטרופּוס און פון צייט צו צייט געבן אים די געהעריקע אָנווייזונגען, אין וועלכע עס גייטיקט זיך אַ מענטש, וואָס איז געזעסן איבער 20 יאָר אין תפיסה. אויב איר זענט מסכים, זייט אַזוי פריינטלעך און שרייבט צום פּאַראָל־אָפיציר ראָסל וו. אָלט.

אייער איבערגעגעבענער (—) פּאָול י. גוירנערט.”

דזשאָו האָט, פאַרשטייט זיך, דערפילט די בקשה פונעם טשערמאַן פון „באָרד אָוו פּאַראָל” און ער האָט דעם אויבן דערמאָנטן י. ס. איינגע־אָרדנט אין „אָלד עידזש האָום” (מושב זקנים), וווּ ער איז, אין אַ גאַנץ קורצער צייט, געוואָרן דער סופער־אינטענדענט פון דער אינסטיטוציע.

עס איז אינטערעסאַנט צו ברענגען דעם געשפּרעך, וואָס איך האָב געהאַט מיט י. ס., טרעפנדיק זיך מיט אים אין פילאַדעלפיער „אַפּטאַון אָלד עידזש־האָם”.

— ווי אַלט זענט איר געווען ווען איר זענט באַגאַנגען דעם מאָרד?

— נישט קיין גאַנצע 18 יאָר. איך האָב נאָר־וואָס געענדיקט היי־

סקול (מיטלשול) מיט אַ סקאַלער־שיפֿ (סטיפּענדיע) און זיך געגרייט אָנ־צוקומען אין אוניווערזיטעט. אויפֿן גראַדואיר־באַל, וואָס מען האָט איינ־געאָרדנט אין דער שול, האָב איך, בעתן טאַנצן, באַקענט אַ פרוי, אין וועלכער איך האָב מיך פאַרליבט. זי איז געווען זייער אַ שיינע, הגם מיט 10 יאָר עלטער פון מיר. וואָס ווייטער האָב איך זי וואָס אַמאָל מער ליב געהאַט. דאָס איז געווען מיין ערשטע גרויסע ליבע...

— און פאַרוואָס האָט איר נישט חתונה געהאַט מיט איר?

— זי האָט געהאַט אַ מאַן... ער איז אַלט געווען איבער 60 יאָר... מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז איך וועל אָן איר מער נישט קאָנען לעבן... אויך פון איר האָב איך געהערט דאָס זעלביקע... זי האָט מיר פאַרזיכערט, אַז ווען דער מאַן וועט נישט זיין, וועט זי מיט מיר חתונה האָבן... האָב איך אים דערהרגעט... מען האָט מיך פאַרמשפּט צו שטאַרבן אויף דער עלעקטרישער שטול... צוויי און אַ האַלב יאָר האָב איך געוואַרט אויפֿן טויט... אין משך פון דער צייט, האָט מיין פאַמיליע אַפּעלירט צום גע־ריכט, צום מלוכה־פּרעזידענט, ביז מען האָט מיר דעם טויט־אורטייל פאַר־ביטן אויף לעבנסלענגלעכע תפיסה... 15 יאָר בין איך געזעסן אין דער תפיסה אין פּיטסבורג, פון דאָרט בין איך אַריבער אין ראָקוויו...

— און וואָס איז געוואָרן מיט דער פרוי, צוליב וועלכער איר זענט באַגאַנגען דעם מאָרד?

— כ׳ווייס נישט... זי האָט מיך קיין איינציק מאָל נישט באַזוכט אין תפיסה און בכלל נישט אינטערעסירט זיך מיט מיר... פון אָנהייב איז זי אויך געווען אַרעסטירט. זי איז געזעסן איין און אַ האַלב יאָר פאַר מיטבאַטייליקן זיך אין מאָרד... מער האָב איך פון איר נישט געהערט...

— האָט איר עלטערן? משפּחה?

— ווען איך בין באַגאַנגען דעם פאַרברעכן, האָב איך געהאַט אַ פאָ־טער און אַ מוטער... אָבער מיינע עלטערן האָבן נישט געלעבט בשלום צווישן זיך... ווען איך בין נאָך געווען אַ קליין קינד, זענען זיי זיך פונ־אַנדערגעגאַנגען... איך בין דערצויגן געוואָרן אָן אַ געהעריקער אויפֿ־זיכט. איין יאָר בין איך געווען מיטן טאַטן, אַ צווייט יאָר — מיט דער מאַמען אין אַ צווייטער שטאָט, ווו זי האָט זיך באַזעצט. אַ דריט מאָל, ווידער, — ביי פעטער־מומע... מיין פעטער האָט געהאַט אַ רעסטאָראַן... אַלס קינד האָב איך שוין אָנגעהויבן צו נוצן אַלקאָהאָלישע געטראַנקען...

איך האָב זיך אַזוי צו געוווינט, אַז כ'האָב זיך שוין נישט געקאָנט אָפּרייסן פון דעם... ווען איך בין באַגאַנגען דעם מאָרד, בין איך אויך געווען שיכור...

— זינצדיק אין תפיסה האָט איר ווייטער געלערנט?

— יאָ... געלערנט... אַ סך שטודירט... געלערנט אויך מיינע מיט־מענטשן. איך האָב זיך איבערצייגט, אַז די מערהייט פון אַלע פאַרמשפּטע צו תפיסה, שטאַמען פון אַזעלכע צעבראָכענע היימען ווי איך...

— האָט איר בדעה צו פאַרבלייבן ווייטער אַרבעטן אין „אָלד עידזש־האָום" ווי אַ סופּער־אינטענדענט? איך מיין, אַז מיט אייער וויסן קאָנט איר קריגן אַ פּאַסיקערע פּאַר זיך באַשעפטיקונג.

— עס איז מיר דאָ זייער גוט. דזשאָו פּאָול איז פאַר מיר ווי אַ טאַטע... און קיינער גיט מיר דאָ נישט צו פילן, אַז איך בין אַ געוועזענער „נומער".... איך טו דאָ אַ נוצלעכע אַרבעט, פאַרוואָס זאָל איך אַוועקגיין פון דאַנען?... אַחוץ דעם, קלייב איך זיך צו שרייבן זכרונות פון מיינע 20 יאָר אין תפיסה... אפשר וועלן אַנדערע קאָנען עפּעס לערנען פון דעם...

און איצט — אַ בריוו, געשריבן צו דזשאָו פּאָול דורך אַ פּראָטעס־טאַנטישן גלח, רעווערענד ע. פּאָול וויוועט, פון דזשעפערסאָן סיטי, מי־זורי.

אין דעם בריוו, דאַטירט דעם 30סטן אויגוסט, 1956, שרייבט דער גלח, צווישן אַנדערס: „אין היגן אויסבעסערונגס־הויז געפינט זיך אַ מענטש (מיר וועלן אים באַצייכענען מיט זיין אַרעסטאַנטן־נומער: 71363), וואָס ליגט צוגעשמידט צום בעט אין אונדזער שפּיטאָל־אָפּטיילונג. ער נייטיקט זיך אין אַ קראַנקן־שטול אויף רעדער, אָן וועלכן ער וועט זיך שוין מער נישט קאָנען באַגיין.

„...איך וואָלט אים גערן געוואָלט העלפן. היות מיר האָבן נישט דאָ קיין יידישן גייסטלעכן, מיט וועלכן איך וואָלט געקאָנט אַרומריידן דעם גאַנצן ענין, ווענד איך זיך צו אייך מיט דער בקשה.

„...אונדזער סטייט וועט אים נישט באַזאָרגן מיט אַזאַ שטול, ווייל ס'זענען נישט פאַראַן קיין פאָנדן אויף דעם. איך וועל אייך זייער דאַנק־באַר זיין, אויב עס וואָלט פאַר אייך מעגלעך געווען דאָס צו באַזאָרגן. איך וואַרט אויף אייער ענטפער."

לאַנג האָט רעווערענד וויוועט נישט געדאַרפט וואַרטן אויף אַן ענט־

פער. דזשאָו פּאָול האָט אַוועקגעשיקט קיין דזשעפערסאָן סיטי די געפּאָ־
דערטע שטול אויף רעדער.

אַ צווייטער בריוו פון אַ גלח פון אַ גריכיש־אָרטאָדאָקסישער קירך
אין ניו־יאָרק, וואָס איז געשריבן געוואָרן דעם 25סטן יולי 1956.

דער גלח דאַנקט דזשאָו פּאָול פאַר זיין אינטערווענץ לטובת דעם
גלחס זון, וועלכן ער האָט אַרויסגענומען פון תפיסה. רעוועדענד י. ק.
שרייבט, צווישן אַנדערס: „הגם איך האָב אייך קיינמאָל נישט געהאַט די
געלעגנהייט צו באַגעגענען פּערזענלעך, פיל איך, אַז מיט אייער פּאַראיינ־
טערעסירונג מיט מיין זון מיכאל, האָט איר אַרויסגעוויזן אמתע קריסט־
לעכע געפילן און פאַרשטענדעניש פון אַ פאָטערס נשמה. איך וועל דאָס
קיינמאָל נישט פאַרגעסן און וועל בעטן גאָט, ער זאָל אייך שענקען איי־
ביק גליק אין עולם־הזה און עולם־הבא."

דער גריכיש־אָרטאָדאָקסישער גלח האָט, משמעות, נישט געוווּסט,
אַז דזשאָו פּאָול איז אַ ייד, ווען ער האָט אים געדאַנקט פאַר אַרויסווייזן
אַזעלכע אמתע קריסטלעכע געפילן... דזשאָו פּאָול פאַרמאָגט אַזויפיל גע־
פילן — און דווקא יידישע געפילן — אַז ער קאָן זיי פאַרטיילן פאַר אַלע
מענטשן גלייך: ייד, צי נישט־ייד. און דאָס גרעסטע גליק פאַר אים איז,
ווען ער קאָן עמיצן מיט עפּעס העלפן.

און אַז עס ווערט טאַקע אַזוי אָפּגעשאַצט דזשאָו פּאָולס אַרבעט, קאָן
דינען ווי אַן אילוסטראַציע אַ בריוו, וואָס דער רעווערענד ד"ר לין באָו־
מאַן — באַקאַנטער אין פילאַדעלפיע פּראָטעסטאַנטישער גלח און געזעל־
שאַפטלעכער טוער, האָט צוגעשיקט צו דער אָרטיקער יידיש־ענגלישער
צייטונג. אינעם בריוו שרייבט ער, צווישן אַנדערס:

„איך האָב לעצטנס געלייענט אין אייער צייטונג דעם קאָלום, גע־
ווידמעט דעם יידישן סאָציאַלן לעבן אין פילאַדעלפיע.

„מיט גרויס אינטערעס האָב איך זיך אָפּגעשטעלט אויפן פּאַראַגראַף,
אין וועלכן איר שרייבט וועגן דזשאָו פּאָולס איבערגעגעבענער אַרבעט
לטובת די יידישע אַרעסטאַנטן אין „איסטערן סטייט פעניטענטשערי".
יעדעס וואָרט וואָס ווערט דאָרט געזאָגט וועגן אים, איז אמת. איך וויל
אייך אָבער אויפמערקזאַם מאַכן, אַז דזשאָו פּאָולס הילף־אַרבעט נעמט
אַרום מענטשן פון אַלע גלויבנס און נאַציאָנאַליטעטן.

מיר, וואָס פאַרנעמען זיך מיט רעהאַביליטאַציע־אַרבעט אין די תּפֿי־סות, באַטראַכטן דזשאָו פּאָול פאַר איינעם פון אונדזערע בעסטע, באַ־ליבטסטע און אַקטיווסטע טוערס."

אַ פאַרמשפּטער צו לעבנסלענגלעכער תּפֿיסה, וועלכן מיר וועלן באַ־צייכענען מיט זיין אַרעסטאַנטן־נומער: [illegible], שרייבט אין זיין לעצטן בריוו צו דזשאָו פּאָול: „איידער איך צעשייד זיך מיט דער וועלט, פיל איך ווי אַ חוב און פליכט אויסצודריקן מיין טיפסטע דאַנקבאַרקייט צו מיין דויערדיקן און טייערן פריינט דזשאָו פּאָול — דעם פּאַקטישן פריינט פונעם מענטשלעכן מין.

„אין משך פון די געפלאָגטע 15 יאָר, וואָס איך זיץ אין תּפֿיסה און פון מיין פאַרבינדונג מיט דזשאָו פּאָול, האָב איך נאָכגעפאָלגט זיינע דרכים פון קומען דאָ אַהער יעדן טאָג. גאָרנישט קאָן אים אָפּהאַלטן פון קומען: נישט די ביטערע קעלט אין ווינטער און נישט די מוראדיקע היצן אין זומער. אַנשטאָט צו פאָרן מיט זיין ליבער משפּחה אויף אַ זומער־ווױנונג, ערגעצוו אין אַ זומער־פּלאַץ, פלעגט ער בעסער קומען אין תּפֿיסה אַריין צו זען מיך און די אַנדערע מענטשן דאָ.

„ער האָט, פאַרשטייט זיך, געוווסט ווי שטאַרק אונדזער באַגער איז געווען אים צו זען. אונדזער ראַנגלען זיך מיטן גורל ווערט פאַרגעסן, ווען מיר דערהערן זיינע ליבע און אָנגענעמע ווערטער פון דערמוטיקונג. ער איז פאַר אונדז אַן אמתער מלאך פון גאָט, ווי אַ הייליקע מתּנה פונעם אויבערשטן. ער מאַכט אונדז פאַרגעסן אין אַלע אונדזערע צרות.

„איך פערזענלעך גלייב, אַז אין אונדזער גענעראַציע קאָן מען נישט געפינען קיין צווייטן מענטשן, וואָס זאָל זיין באַהויכט מיט אַזעלכע ריי־נע כּוונות, ווי דזשאָו פּאָול. יעדער איינער, וואָס איז באַליבט ביי מענטשן, איז אויך באַליבט ביי גאָט און עס איז קיין ספק נישט, אַז אונדזער באַ־שעפער וועט אים באַלוינען פאַר זיין ווױלטעטיקער אַרבעט.

„איך וואָלט אים פּראָקלאַמירט ווי דעם הויפּט־גרונטשטיין פון יו־דאַיזם. די דאָזיקע מיינונג איז באַזירט אויף דער גרויסמוטיקייט און רחמנות, וואָס ער ווייזט אַרויס קראַנקע און נויטבאַדערפטיקע, אויסהערנ־דיק אַפילו די ווידות פון די שטאַרבנדיקע.

„די דאָזיקע וואונדערבאַרע אַרבעט האָט ער געטאָן זיין גאַנץ לעבן,

ער האָט זיך אָפּט מקריב געווען פאַר אַנדערע, טיילמאָל מיט דעם גרעסטן פּערזענלעכן שאָדן, נישט טראַכטנדיק וועגן דער מינדעסטער באַלוינונג.

„וואָס שייך מיר, געדענק איך און איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן די צאָלרייכע טובות, וואָס ער האָט מיר געטאָן. בלויז צו דערמאָנען דעם פאַקט: צוויי מאָל בין איך געוואָרן אָפּערירט און דזשאָו פלעגט מיך באַזוכן נישט נאָר בייטאָג, נאָר אַפילו אויך שפּעט ביינאַכט.

„רבי אליעזר האָט געזאָגט: טו תשובה מיט אַ טאָג פריער, ווייל מאָרגן קאָנסטו שוין שטאַרבן!...

„דערפאַר וויל איך תפילה טאָן און בעטן גאָט פאַר אים, פאַר דעם גוטס, וואָס ער האָט פאַר מיר געטאָן."

דער דאָזיקער בריוו איז געשריבן געוואָרן דעם 25סטן יאַנואַר 1954, אין איסטערן פּעניטענטשערי, אויף אַן אָפיציעלן תּפיסה־בלאַנק און איז דורכגעגאַנגען די דאָרטיקע צענזור. דעם 9־טן פעברואַר 1954 — צוויי וואָכן שפּעטער — האָט דער אַרעסטאַנט נומער D-6210 באַקומען אַ האַרץ־אַטאַקע און געשטאָרבן.

פון די פריער געבראַכטע פאַקטן און איינצלנע בריוו, ווערט בולט די ראָל, וועלכע דזשאָו פּאָול שפּילט ביים ראַטעווען מענטשלעכע לעבנס און מענטשלעכע נשמות. זיין אַרבעט אויף דעם דאָזיקן געביט ציט זיך שוין אַ פאַר צענדליק יאָר, זי ווערט וואָס אַמאָל גרעסער און נעמט אַרום אַלץ ברייטערע פאַרמען.

לעצטנס איז דערשינען אין דרוק אַ בראָשור פון דזשאָו פּאָול, אונטערן טיטל: „לאָמיר טאָן עפּעס פאַר די אַרעסטאַנטן", וווּ ער פרעגט: וואָס איז דער פרייז פון אַ באַגאַנגענעם טעות אָדער טעותן? ווי לאַנג דאַרף אַ מענטש צאָלן דעם פרייז? אפשר — אַ לעבן לאַנג?

דזשאָו פּאָול שטיצט זיך אויף זיינע דערפאַרונגען אין משך פון די לעצטע דרייסיק יאָר און ער קומט צום אויספיר, אַז די מערהייט פאַרברעכער קאָן מען צוריק אַרויפברענגען אויפן דרך־הישר, ביים באַנוצן דריי פּשוטע מיטלען: אַ געזיכערטע באַשעפטיקונג, רעספּעקט און צוטרוי.

פאַר די, וואָס זענען באַקאַנט מיט דער „פּאַראָל"־אַרבעט — זאָגט דזשאָו פּאָול — איז עס נישט קיין אַנטפּלעקונג. און פאַר די צוקונפטיקע ברויטגעבער און אַפּוטרופּסים, וואָס זענען אַזוי שטאַרק פאָרזיכטיק

ביים מאַכן דעם „ערשטן שריט" אין דער ריכטונג, איז עס אַן איינלאַדונג צו מאַכן טאַקע דעם „ערשטן שריט" און זיי ווען מער נישט דאַרפן זיין פּאַרזיכטיק. דזשאָו באַווייזט מיט גענויע ציפערן אין וויפל פאַלן אַ גענויעם באַשעפטיקונג איז געווען דער הויפּט־פאַקטאָר ביי דער רעהאַביליטאַציע פון אַ מענטש. כדי צו זיין פּרעציזער, גיט ער אַ ביישפּיל פון אַ פּריוואַטער אינסטיטוציע, אַ מושב זקנים, אין וועלכער עס געפינען זיך אויף „פּאַראָל" זיבן געוועזענע פאַרברעכער. אַלע, אָן אויסנאַם, זענען איצט רעספּעקטפולע אַרבעטער, צו וועלכע מען האָט דעם גרעסטן צוטרוי.

לויט דזשאָו פּאָול קומט אויס, אַז מען קאָן לייזן דעם גאַנצן פּראָבלעם מיט אַ גוט צוגעגרייטן פּראָגראַם פון באַשעפטיקונג, וואָס זאָל זיין אויסגעאַרבעט דורך פאַרשיידענע אינסטיטוציעס. צו דעם דאַרף נאָך צוקומען אַ שטאַרקע אַקציע פון סטימולירן דעם עולם צו פאַרבעסערן די לאַגע פון די באַפרייטע תפיסהניקעס.

שפּיטעלער, קאָנוואַלעסענטן־היימען, פּריוואַטע אינסטיטוציעס, ווי אויך אינסטיטוציעס אויסגעהאַלטן פון דער מלוכה דאַרפן זיין גרייט אויפצונעמען גוטע אַרבעטס־קרעפטן, וואָס קאָנען זיין נוצלעך פאַר זיי. מען דאַרף דערמוטיקן אויפצונעמען געוועזענע אַרעסטאַנטן אויף די זעלביקע יסודות, אויף וועלכע מען נעמט אויף אַרבעטער פון די אַרבעט־פאַרמיטלונג־אַגענטורן.

די תפיסה־אויטאָריטעטן קאָנען נישט דורכפירן די דאָזיקע אויפגאַבע אַליין. זיי קאָנען צוגרייטן אַזאַ איינעם צו דער פרייהייט. עס מוז אָבער זיין די געמיינזאַמע פאַרבינדונג פון אַלע, פונעם גאַנצן כלל, כדי צו קאָנען דערפילן די אויפגאַבע פון רעפאָרמאַציע — אַ ספּעציפישע הילף פון אַ באַשעפטיקונגס־פּראָגראַם, צוזאַמען מיט דער פאַרשטענדעניש און מיטגעפיל לגבי אַ פאַרברעכער, וואָס וויל זיך ווידער עטאַבלירן צו זיין פריערדיקער פּאָזיציע פון אַ רעספּעקטפולן בירגער.

דאָ זענען געבראַכט געוואָרן בלויז אייניקע געדאַנקען פון דזשאָוס ברייטן פּראָגראַם פאַר הילף און רעהאַביליטאַציע.

זיין „לאָמיר טאָן עפּעס פאַר די געוועזענע תפיסהניקעס", וואָס איז פונאַנדערגעשיקט געוואָרן צו אַלע פאַראינטערעסירטע מלוכהשע און פּריי־

װאַטע אינסטיטוציעס, האָט אַרויסגערופן גרויס אויפֿזען אין אַלע קרײַזן. דער טשערמאַן פֿון „באָרד אָװ פּאַראָל‟, פּאָול י. גױרנערט, שרײַבט װעגן דעם צו דזשאָו פּאָול: „איך דאַנק אײַך זײער פֿאַר צושיקן מיר דעם אַר־טיקל „לאָמיר טאָן עפּעס פֿאַר די געװעזענע אַרעסטאַנטן‟, מיט װעלכן איר האָט געטראָפֿן אין טראָפּ. װען איך האָב בײַגעװױנט דעם אַמעריקאַ־נער אויסבעסערונגס־הױז־קאָנגרעס אין שיקאַגאָ, האָב איך צונױפֿגעבראַכט געװיסע אידייעס אין דער זעלביקער ריכטונג. צוזאַמען מיט דעם, װאָס איר האָט מיר צוגעשיקט און נאָך אַנדערע אינפֿאָרמאַציעס, װאָס געפֿינען זיך אין אונדזער רשות, װעט דער „באָרד אָװ פּאַראָל‟ זיך קאָנען קאָנצענ־טרירן אויף דעם פּראָבלעם, װאָס איז — איך בין מיט אײַך מסכּים — אײנע פֿון די װיכטיקסטע דעציזיעס בײַם אַרויסלאָזן אַרעסטאַנטן אויף פּאַראָל.

„נאָכאַמאָל דאַנק איך אײַך פֿאַר געדענקען מיך און די מענטשן אויף פּאַראָל.‟

איז דען אַ װוּנדער, אַז אַלע אָן אויסנאַם — סײַ די, װאָס זיצן אין תּפֿיסה, סײַ די װאָס זענען אַרויס אויף דער פֿרײַ, סײַ די װאָס העלפֿן דזשאָון אין זײַן אַרבעט, װי אויך די אַלע װעלכע באַװוּנדערן זײַנע דער־גרײכונגען, זענען מיט דער מײנונג: װען מיר װאָלטן געהאַט אַ סך אַזעל־כע דזשאָו פּאָולס, װאָלטן מיר פֿאַרמאָגט װײניקער תּפֿיסות.

# דזשאָוס אַרבעט אין מושב זקנים

אין פריערדיקן קאַפּיטל איז מיר אויסגעקומען צו שרייבן, אַז דזשאָו האָט זיך ־איינגענומען אַלס אַרבעטער אין מושב זקנים אַ גרופּע געוועזענע אַרעסטאַנטן, וועלכע ער האָט באַפרייט אויף „פּאַראָל". פון דעם קאָן מען פאַרשטיין אַז דזשאָו פאָול האָט אַ שייכות אויך צו דער מושב זקנים־אינסטיטוציע.

זיין פאַראינטערעסירונג מיט דעם מושב זקנים, אָדער ווי מען רופט אים, „אַפּטאַון האָום פאָר די עידזשד", ציט זיך שוין פון לאַנגע יאָרן. צוזאַמען מיט זיינע פיל פאַרצווייגטע געזעלשאַפטלעכע און פילאַנטראָפּי־שע אַקטיוויטעטן, האָט ער נישט אויסגעמיטן דעם ביז גאָר וויכטיקן גע־ביט פון פאַרזיכערן אַלטע לייט מיט אַ רואיקער און זאָרגלאָזער עקזיס־טענץ. היינט צו טאָג איז דזשאָו פאָול די נשמה פון דער דאָזיקער אינס־טיטוציע.

זיין פּאַקטישע אַרבעט האָט זיך דאָרט אָנגעהויבן ביי פאָלגנדיקע אומשטענדן. אין יאָר 1914, ווען דזשאָו איז אָנגעקומען קיין פילאַדעל־פיע, האָט ער זיך געטראָפן מיט זיינע צוויי אַלטע חברים פון בענדין: מעקס סעלצער און לאַזער סאַקאָוויטש, וועלכע האָבן עמיגרירט קיין אַמע־ריקע מיט אַ פּאָר יאָר פריער פאַר אים. די צוויי חברים האָבן אין פילאַ־דעלפיע געוווינט ביי אַן עלטערע פרוי, אַן אלמנה, מערי גאָלדבערג, וועל־כע האָט אויך געשטאַמט פון בענדין.

פרוי גאָלדבערג האָט אירע צוויי קוואַרטיראַנטן באַהאַנדלט ווי איי־גענע קינדער. ווען דזשאָו איז אָנגעקומען קיין פילאַדעלפיע און ער איז גע־וואָרן אַן אָפטער אַריינגייער צו זיינע בענדינער חברים, האָט זי אים אויך אַרויסגעוויזן אַ סך האַרץ און וואַרעמקייט. די פריינטשאַפט מיט דער פרוי האָט אָנגעהאַלטן לאַנגע, לאַנגע יאָרן. די צייט איז אָבער נישט געשטאַנען אויף איין אָרט. די בחורים, וואָס האָבן ביי איר געוווינט, האָבן חתונה

געהאַט, יעדער פון זיי האָט געבילדעט זיין אייגענע היים און די פרוי גאָלדבערג איז געבליבן פאַראיינזאַמט. קיין קינדער האָט זי נישט געהאַט.

דזשאָו האָט גוט געדענקט די וווּנדערבאַרע באַציאונג, וועלכע זי האָט אים אַרויסגעוויזן ווען ער איז נאָך געווען אַ „גרינער" אין פילאַדעלפיע, און ער האָט די פרוי גאָלדבערג אַריינגענומען צו זיך אין שטוב. ער האָט זי באַהאַנדלט ווי אַן אייגענע מאַמע. ווען זי האָט דערגרייכט די עלטער פון 90 יאָר, האָט ער זי שוין נישט געקאָנט האַלטן ביי זיך אין הויז, מחמת ס'איז נישט געווען ווער עס זאָל זיך מיט איר קאָנען ספּעציעל אָפּגעבן. האָט דזשאָו באַשלאָסן זי אַריינצוגעבן אין איינעם פון די פילאַדעלפיער מושב זקנים'ס („אַפּטאַון האָום פאַר די עידזשד"), וווּ דזשאָו איז שוין אַ לענגערע צייט געווען אַ ביישטייערער. ער האָט פאַר איר איינגעצאָלט די געפאָדערטע 700 דאָלאַר און זי אַהינגעפירט. אין דעם מושב זקנים איז די אַלטיטשקע פאַרבליבן ביזן סוף פון איר לעבן.

אַזוי אַרום איז דזשאָו פּאָול געוואָרן אַן אָפּטער אַריינגייער אין דעם „אַפּטאַון האָום", ער פלעגט דאָרט פאַרברענגען לאַנגע שעהן, צוקוקן זיך צום לעבן פון די אַלטע לייט, צו דער באַהאַנדלונג וואָס זיי קריגן דאָרט און ער האָט זיך גיך איבערצייגט אין דער וויכטיקייט פון אַזאַ אינסטיטוציע. ער האָט איינגעזען ווי נייטיק עס פאָדערט זיך דורכצופירן פאַרשיידענע אויסבעסערונגען, כדי צו פאַרלייכטערן און אנגענעמער צו מאַכן דאָס לעבן פון די אַלטע לייט.

און דזשאָו איז געוואָרן שטאַרק אַקטיוו אין דער אַלגעמיינער אַרבעט פון דעם דאָזיקן „אָלד עידזשד האָום". סיי ביי טאָג, סיי ביינאַכט פלעגט מען אים דאָרט טרעפן.

פון וואַנען נעמט ער פאַר דעם צייט, ווען ער איז אַנגאַזשירט אין אַזויפיל געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן? — אויף דער פראַגע קאָן דזשאָו אַליין נישט ענטפערן...

אין יאָר 1946 איז דזשאָו פּאָול דערוויילט געוואָרן אַלס מיטגליד פונעם ראַט (באָרד) פון דער אינסטיטוציע, בראש פון וועלכער עס איז געשטאַנען די פרעזידענטין בערטאַ סילווער. נאָך דעם ווי דער פאַרדינסט־פולער און ביז גאָר ענערגישער טשערמאַן פון ראַט, סעם סיגעל איז געשטאָרבן, אין יאָר 1951, איז דזשאָו פּאָול דערוויילט געוואָרן צו פאַרנעמען זיין פּלאַץ. דעם דאָזיקן בכבודיקן אַמט האַלט ער אָן ביזן היינטיקן

# טעסטימאניאל

מיר די באאמטע פון אפטאון מושב זקנים, פארטרעטענדיג די 250 זקנים, זקנות און די פארשטעער מיטגלידער פון אונזער ווערדיגען אינסטיטוציע, דריקען אויס אונזער דאנק, און הארציגסטע געפיהלען צו אונזער וויס-טשערמאן פון באארד

## יוסף פאול

פאר זיין ברייטע אידיש הארץ און אונערמידליכער ארבייט לטובת הכלל און לטובת אונזער היים בפרט. וואלען די ברכות פון די אלטע לייט זיין א דערמוטיגונג פאר דער פארזעצונג פון זיין נאבעלע ארבייט פאר פיהל יאהרען און זאל ער געבענטשט ווערען פאר זיין וואוילטעטיגקייט און ברייטהארציגקייט

מרס. ב. סילווער פרעזידענט
מר. ס. ס. סיגעל טשערמאן פון באארד
מר. ל. פרידמאן עקז. סעקרעטאר

יום י"א אייר תש"ב לפ"ק
פילאדעלפיא

טאָג. ער גיט אַוועק דער אינסטיטוציע זיין גאַנצע פרייע צייט, זיינע פע־איקייטן, ענערגיע און — וואָס די הויפּטזאַך — זיין גרויס, וואַרעם האַרץ.

פאַר דעם „אַפּטאַון האָום" איז עס פּשוט אַ גרויס געווינס צו האָבן ביי זיך דזשאָו פּאָול. און מען ווייסט ווי אַזוי אָפּצושאַצן זיין איבערגע־געבענע און פּאַטערלעכע באַציאונג צו דער אינסטיטוציע. פאַר מסירת־נפשדיקער אַרבעט איז דזשאָו פּאָול באַערט געוואָרן, אין יאָר 1949, מיט אַן אויסצייכענונג. בעתן איבערנעמען דעם אַמט פונעם טשערמאַן, אין יאָר 1951, באַקומט דזשאָו ווידער אַן אויסצייכענונג.

פון דער צייט וואָס דזשאָו האָט אָנגעהויבן זיין אַקטיווע אַרבעט אין דער דאָזיקער נוצלעכער אינסטיטוציע, זענען דאָרט פאָרגעקומען גריגנט־לעכע ענדערונגען: אינערלעכע און אויסערלעכע. קודם־כל איז די אַלטע געביידע געוואָרן פאַרגרעסערט און אויפגעפרישט. מען האָט צוגעבויט נאָך אַ שטאָק און אַזוי אַרום איז דערמעגלעכט געוואָרן אויפצונעמען 45 מענטשן מער.

אַדאַנק דזשאָוס גרויסע פאַרבינדונגען און זיינע פיל גוטע פריינט, וואָס ער פאַרמאָגט, איז אים געלונגען דורכצופירן דעם גאַנצן רעמאָנט פון דער געביידע, צוזאַמען מיטן צובויען דעם דריטן שטאָק, כמעט בחינם. אַ פּאָר פון זיינע פריינט און פאַרערערס, וועלכע רופן זיך שטענדיק אָפּ אויף דזשאָוס אַפּיל, האָבן בייגעטראָגן — ווער זיין אַרבעט און ווער — מאַטעריאַלן, וואָס זענען דערצו נייטיק געווען, אינגאַנצן אומזיסט.

אַזוי האָט אַלע אָפּמאַכן און קאָנטראַקטן דורכגעפירט דזשאָוס פערזענלעכער פריינט, דער באַקאַנטער פילאַדעלפיער אַדוואָקאַט, וויליאַם מ. גוירבער — אינטערנאַציאָנאַלער וויצע־פּרעזידענט פון דער בני ברית־אָר־גאַניזאַציע, געוועזענער ראַטגעבער פון „יונאַיטעד ניישנס" (פּאַראייניקטע פעלקער־אָרגאַניזאַציע) און דעלעגאַט פון דער אַמעריקאַנער קאָמיסיע פון „יונעסקאָ". דער בוי־אינזשעניער איז געווען איינער פון דזשאָוס „פּליי־טים", — וואָס איז אַ קאַפּיטל פאַר זיך — פריץ פּאָול פון ווין. ער האָט געמאַכט דעם פּלאַן און איבערגענומען די אויפזיכט איבער דער אַרבעט. מעקס סילווער האָט צוגעהאָלפן און אַכטונג געגעבן, אַז די אַרבעט זאָל דורכגעפירט ווערן ווי אַמבעסטן. די שטאָל־קאָנסטרוקציע האָט געגעבן דזשאָוס „ברודער" פון דער מאַסאָנען־לאָזשע — אהרן מעסינגער. די



פון רעכטס: ד״ר האַרי פערלמאַן, וויליאַם מ. גוירבער און דזשאָו פּאָול.



דער פֿאַרשטאָרבענער פֿילאַדעלפֿיער פֿילאַנטראָפּ אהרן מעסינגער.

פאַרבן צו מאָלן די געביידע האָט געגעבן, אָן אַ גראַשן געלט, דזשאָוס קריסטלעכער פריינט וו. א. ביל מעק־קאָרמעק.

עס איז ווערט אונטערצושטרייכן די גרויסע איבערגעגעבנקייט און ליבשאַפט, וואָס דזשאָוס נישט־יידישע פריינט ווייזן אים אַרויס. אין אַ בריוו פונעם פּרעזידענט פון דער גרויסער „ביל מעק־קאָרמעק־מידל קאָר־פּערייישן" אין קעמדען, ניו דזשורזי, ווערט געזאָגט, צווישן אַנדערן:

„מיט גרויס פאַרגעניגן האָב איך געלייענט וועגן דעם, אַז איר זענט דערוויילט געוואָרן פאַרן טשערמאַן פונעם ראַט פאַר דער היים פון אַלטע לייט („אַפּטאַון האָום פאַר עידזשד") און איך בין פעסט איבערצייגט, אַז די דירעקטאָרן האָבן אויסגעקליבן אַ זעלטן ערלעכן, ווירדיקן און יושר־דיקן מאַן, מיט אַ שטאַרקן כאַראַקטער.

„עס זענען פאַראַן ווייניק מענטשן אין דער וועלט, וואָס זאָלן האָבן אַזאַ באַציאונג צו זקנים, ווי איר. איך וויל, אַז איר זאָלט וויסן, אַז מיר שעצן הויך די אַרבעט וואָס איר טוט. די אָנפירערשאַפט פון אונדזער קאָמ־פּאַניע איז זייער צופרידן צו שענקען און צו שטעלן צו אייער דיספּאָזי־ציע מאַטעריאַלן, אין דער ווערט פון 700 דאָלאַר, כדי אויסצומאָלן די היים פאַר אַלטע לייט. מיר ווילן האָפן, אַז די אויפגעפרישטע היים וועט מאַכן אָנגענעמער און פריידיקער דאָס לעבן פון די זקנים."

דער „אַפּטאַון מושב זקנים", וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1913, אַלס אַן אומאָפּהענגיקע אינסטיטוציע, האָט הינטער זיך אַ רייכע פאַרגאַנגענהייט. זי ווערט אויסגעהאַלטן דורך אידעאַליסטישע מענטשן, וועלכע זשאַלעווען נישט קיין צייט און געלט פאַר דער אינסטיטוציע, וואָס עקזיסטירט אַדאַנק פרייוויליקעביישטייערונגען. דער אַנשטאַלט האָט פון אָנהייב געקאָנט אַריינעמען סך־הכל 135 זקנים און זקנות. מיטן צובויען דעם דריטן שטאָק, באַזיצט דער אַנשטאַלט פּלאַץ פאַר 180 מענטשן.

אַדאַנק דזשאָוס אומדערמידלעכער אַרבעט, האָט זיך די „אַפּטאַון אָלד עידזשד האָום" פאַר די לעצטע יאָרן שטאַרק אַנטוויקלט און געהערט הייַנט צו די גרעסטע און בעסט־אַוועקגעשטעלטע מושב זקנים־אַנשטאַלטן אין פילאַדעלפיע.

מען באַמיט זיך צו פאַרשאַפן וואָס מער פאַרגעניגן די אַלטע לייט. זיי ווערן דאָרט זייער גוט באַהאַנדלט. עסן באַקומען זיי כיד המלך.

די אַלטע לייט שטייען אונטער אַ כסדרדיקער פּסיכאָ־מעדיציניישער



דזשאָו פּאָול פאָטאָגראַפירט מיט אַ זקן בעתן פייערן זיין 100סטן געבורטסטאָג אין פילאַדעלפיער מושב זקנים.

אויפזיכט. זיי האָבן דאָרט אָן אייגענע אַפּטייק, וואָס איז איינגעאָרדנט גע־וואָרן און ווערט אָנגעפירט פון דעם טיכטיקן און איבערגעגעבענעם פריינט פון מושב זקנים — בענדזשאַמין פּראָמיסלאָף. איצט איז דזשאָוס חלום אויפצובויען אַ נייעם, מאָדערנעם און מוסטערהאַפטן בנין, וואָס זאָל קאָ־נען אַריינעמען נאָך מער מענטשן.

אָנהייב 1957 איז דערוויילט געוואָרן אַ נייע אַדמיניסטראַציע מיט דער טיכטיקער פּרעזידענטין עליזאַבעט בלעקמאַן, וואָס איז אין משך פון 13 יאָר געווען די קאַסירערין פון דער אינסטיטוציע און העלפט אומדער־מידלעך צו פֿאַרבעסערן דעם מצב פון די זקנים. דזשאָו פּאָול איז ווידער דערוויילט געוואָרן אַלס טשערמאַן פונעם ראַט. צו דער געלעגנהייט האָט ער געקראָגן צוגעשיקט פּאָלגנדיקע שריפט:

„אין נאָמען פון אונדזער פּרעזידענטין, עליזאַבעט בלעקמאַן, און אַלע באַאַמטע, שיקן מיר אייך איבער אונדזערע וואַרעמסטע ווונטשן אין שייכות מיטן ווידער דערוויילן אייך אַלס טשערמאַן פונעם באָרד פון אונ־דזער „האָום״.

„די עקזיסטענץ פון „אַפּטאַון האָום״ פאַר זקנים און די פאַרזאָרגונג פון 180 אַלטע, קראַנקע און היימלאָזע מענער און פרויען, איז אַ לעבעדי־קער מאָנומענט פאַר אייער יאָרן־לאַנגער זעלטענער אָנפירונג און אומדער־מידלעכע באַמיאונגען, וואָס איר מאַכט פאַר דער דאָזיקער אינסטיטוציע, מיט וועלכער פילאַדעלפיע קאָן שטאָלצירן. דער הויפּט־קרעדיט קומט אייך.

„מיט די בעסטע ווונטשן פון פיל גוטע, געזונטע און גליקלעכע יאָרן, וואָס זאָלן אייך דערמעגלעכן פאָרצוזעצן אייער ווונדערבאַרע אַרבעט.

„אין נאָמען פון „אַפּטאַון האָום״ — פּרעזידענט: עליזאַבעט בלעק־מאַן; עקזעקוטיוו־דירעקטאָר: סעסיל פרענק.״

און דזשאָו שטאָלצירט טאַקע מיטן אַפּטאַון מושב זקנים. פאַר די לעצטע פאַר יאָר איז די אינסטיטוציע געוואָרן אַזוי פּאָפּולער, אַז די אָנ־געזעענסטע מענטשן באַמיען זיך צו קאָנען דאָרט אַריינגעבן זייערע פּראָ־טעזשירטע. אָט ליגן פאַר מיר צענדליקער בריוו, צווישן וועלכע עס גע־פינען זיך בקשות פון קאָנגרעס־לייט פונעם הויז פון רעפּרעזענטאַטיוו אין וואַשינגטאָן, פון סיטי־קאָונסיל אין פילאַדעלפיע, פון רבנים און פון אַנדערע אָנגעזעענע פּערזענלעכקייטן.







בילדער פון דעם מושב זקנים אין פּילאַדעלפיע.

מען ווייסט, אַז עס איז דאָ אַן אַדרעס ווו זיך צו ווענדן, — אַן אַד־רעס ווו מען זאָגט קיינעם נישט אָפּ.

דער פילאַדעלפיער רב, אפרים אליעזר הכהן יאָלעס, שרייבט צו דזשאָו פּאָול:

„איך וויל אויסנוצן די געלעגנהייט צו דאַנקען אייך און אויסצודריקן מיין באַגייסטערונג פאַר אייער אָפּפערווילִיקייט און איבערגעגעבענער אַרבעט לטובת דעם מושב זקנים און פיל אַנדערע אינסטיטוציעס פון אונ־דזער קהילה־לעבן.

„השי״ת זאָל אייך בענטשן מיט אַ לאַנג און גליקלעך לעבן, איר זאָלט קאָנען עוסק במצוות זיין פאַר אונדזער פאָלק און פאַר דער גאַנצער מענטשהייט.״

דער טאַלנער רבי, הרב משה צבי טווערסקי, פאַרענדיקט זיין בריוו צו דזשאָו פּאָול מיט פאָלגנדיקע ווערטער:

„זאָל אייך גאָט בענטשן פאַר אַלע מעשים טובים, וואָס איר טוט און זאָל ער אייך געבן געזונט און לאַנגע יאָרן צו קאָנען אָנגיין מיט אייער נאָבעלער אַרבעט.״

און נאָך אַ בריוו פון קעמדען, ניו דזשוירזי, ווו דער דאָרטיקער ראַ־באַי, האַרי קעלמאַן, שרייבט:

„איך בין שטאָלץ צו פאַררעכענען אייך צווישן מיינע פריינט. איר זענט איינער פון די אמתע, נישט־באַזונגענע יידישע העלדן פון אונדזער צייט. אין משך פון די אַלע יאָרן פון מיין גייסטיקער אָנפירערשאַפט צווישן יידן, האָב איך קיינמאָל נישט באַגעגנט אַ מאַן ווי איר, וועמענס האַרץ זאָל זיין אַזוי גרויס און דער ווילן צו העלפן מענטשן — אַזוי שטאַרק.״

דזשאָו פּאָול וואַרט נישט מען זאָל קומען צו אים. ער געפינט אַליין אויס, ווו עס פאָדערט זיך הילף.

אַן אינטערעסאַנטער פאַל איז געווען מיט אַ 83־יאָריקער פרוי, מיטן נאָמען גאָלדע מאַרקוס. זי האָט געוווינט איינע אַליין אין אַן אַלט, אָפּגע־לאָזט הויז, ווו זי האָט פאַרנומען אַ דירה פון דריי צימערן, אויפן דריטן שטאָק. נאָכן טויט פון איר מאַן, — אַ באַקאַנטן דאָקטאָר־אָרטאָפּעדיסט, האָט זי זיך אָפּגעשלאָסן פון דער וועלט. קיין קינדער האָט זי נישט גע־האָט. זי האָט זיך פאַרמאַכט אין איר וווינונג און אַזוי געלעבט 32 יאָר

איינזאַם און פאַרלאָזן. די לעצטע פּאָר יאָר איז זי בכלל נישט אַרויס אין גאַס. די שכנים פלעגן איר דערלאַנגען עסן. זי האָט אָבער צו זיך קיינעם נישט אַרייַנגעלאָזט, נאָר געמאַכט אין דער טיר אַ ספּעציעלע עפענונג, דורך וועלכער זי האָט צוגענומען דאָס עסן. די לעצטע יאָרן האָט זי אין דער וווינונג נישט אָנגעצונדן קיין ליכט. דאָס אייזערנע אייוועלע האָט זי געהייצט מיט די רעשטלעך מעבל, וועלכע זי האָט צעהאַקט אויף שטי־קער.

די ווענט פון דער דירה זענען געווען שוואַרץ פון דער סאַזשע, וואָס האָט זיך געטראָגן פונעם אייוועלע און פונעם שטויב, וואָס האָט זיך דאָרט אָנגעקליבן. די פענצטער האָט זי קיינמאָל נישט געעפנט. די שויבן — כמעט אַלע אויסגעהאַקט. די פענצטער־לעכער פאַרשטאָפּט מיט צייטונג־פּאַפּירן און פאַרשיידענע שאַכטלען. טויזנטער ווערעם און אינזעקטן האָבן אַרומשפּאַצירט איבער דער גאַנצער דירה.

גאָלדע מאַרקוס, וואָס איז פון יאָר צו יאָר געוואָרן מער איינגע־שרומפּט, איז געווען איינגעהילט אין שמאַטעס, וועלכע האָבן געפוילט אויף איר. זי האָט זיך נישט געוואַשן און נישט געבאָדן. דאָס פּנים — שוואַרץ פון שמוץ. די אַמאָל עלעגאַנטע, רייכע און געבילדעטע פרוי — איצט האַלב־בלינד — האָט, פון בענקשאַפט נאָך איר מאַן, איבערגעריסן מיט דער וועלט און זי האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון עפּעס אַ משונה־דיק פאַרזעעניש. נישט געווען דער כוח, וואָס זאָל זי קאָנען צורעדן צו פאַרלאָזן די דירה און גיין אין שפּיטאָל אַריין. זי האָט קיינעם נישט אַריינ־געלאָזט און אַלע געטריבן פון זיך. נישט די פּאָליציי, נישט די שטאָטישע אָדער געזעלשאַפטלעכע אינסטאַנצן זענען געווען אימשטאַנד צו ווירקן אויף איר זי זאָל זיך וועלן שיידן מיט דער שוידערלעכער וווינונג און אַנאָרמאַ־לע לעבנס־באַדינגונגען, וואָס האָבן ממש געדראָט מיט אַן עפּידעמיע פאַר די שכנים פונעם הויז.

נאָך די דערפאָלגלאָזע פּרוּוון פון די פאָרשטייער פון דער סאָציאַלער הילף און פון די פייערלעשער אַריינצוקריגן זיך צו איר און זי אַרויסצו־נעמען פון דאָרט מיט געוואַלד, האָט זיך די יידישע „פעמילי סערוויס״ אָנגעכאַפּט אָן דער לעצטער רעטונג און געווענדט זיך נאָך הילף צו דזשאָו פּאָול. דאָס איז געווען אין יאָר 1954.

דזשאָו איז שנעל אָוועק צו דער אומגליקלעכער פרוי. ער איז אַריין

צו איר דורך אַ זייטיק פֿענצטער, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אין קאָרידאָר. עס האָט נישט לאַנג גענומען און זי האָט זיך אָנגעהויבן צוצוהערן צו זייַנע רייד. אַ פּאָר מאָל איז ער אַזוי צו איר געקומען — אַלעמאָל עפּעס מיטגעבראַכט מיט זיך — און אַזוי לאַנג אין איר אַריינגערעדט, ביז ער האָט זי איבערצייגט, אַז זי זאָל גיין מ'יט אים, מכלומרשט, צו אים אַהיים, וווּ ער וועט איר ווייזן פֿאַרשיידענע זאַכן און זי וועט זיך קאָנען אויסקלייבן וואָס זי וויל נאָר אַליין. דערנאָך — האָט ער איר געזאָגט — וועט ער זי גלייך צוריקפֿירן אַהיים.

דזשאָו איז געווען דער איינציקער מענטש, וואָס האָט זי איבערצייגט און געוווּנען איר צוטרוי. אַזוי אַרום איז אים געלונגען זי אַריבערצופֿירן אין מושב זקנים, ווו מען האָט זי, קודם־כּל, אויסגעבאָדן, דעזינפֿעקטירט, פֿאַרברענט אירע קליידער, אַריינגעלייגט זי אין אַ פֿריש־איבערגעצויגן בעט און איבערגעגעבן אונטער דער אויפֿזיכט פֿון דאָקטאָר. דזשאָו האָט זי, פֿאַרשטייט זיך, מער נישט צוריקגעפֿירט אַהיים. ביזן היינטיקן טאָג געפֿינט זיך גאָלדע מאַרקוס אין מושב זקנים און פֿילט זיך דאָרט וואָס אַמאָל בעסער...

די געשיכטע מיט דער משונהדיקער גאָלדע מאַרקוס האָט געפֿונען אַ גרויסן אָפּקלאַנג אין פֿילאַדעלפֿיע. דער פּרעזידענט פֿון „די גאָלדן סליפּער סקווער־קלוב" — איינע פֿון די אָנגעזעענסטע און רייכסטע אינסטיטוציעס אין פֿילאַדעלפֿיע — וויליאַם ע. מעק־קעננאַ, שרייבט צו דזשאָו פּאָול אין שייכות מיט דעם ענין גאָלדע מאַרקוס:

„טייערער דזשאָו, איך בין אייך זייער דאַנקבאַר פֿאַר מודיע זיין מיר, אַז די פֿרוי גאָלדע מאַרקוס איז אָנגענומען געוואָרן אין אייער וווּנדערבאַרער אָרגאַניזאַציע און זי געפֿינט זיך שוין דאָרט.

„איר ווייסט דאָך, דזשאָו, אַז איך בין 4 יאָר צייט געווען זייער אַקטיוו אַלס דירעקטאָר פֿון דער סאָציאַלער הילף פֿון „גאָלדן סליפּער־סקווער קלוב" און אין משך פֿון דער צייט פֿלעג איך אַריינקומען אין זייער אַ סך היימען פֿון אומגליקלעכע און נויטליידנדיקע מענטשן. דאָך מוז איך זאָגן, — און דאָס אָן איבערטרייבונג — אַז איך האָב נאָך קיינמאָל נישט באַגעגנט קיין מענטשן אין אַזאַ מצב און אין אַזעלכע שוידערלעכע באַדינגונגען, ווי די פֿרוי מאַרקוס, און, וואָס די הויפּטזאַך, איך האָב קיינמאָל נישט געטראָפֿן אַזאַ שנעלע און ווירקזאַמע האַנדלונג ווי די, וואָס איר



דזשאָ פּאָול און גאָלדע מאַרקוס.

האָט באַוויזן, איר און אייער גרופּע, וואָס פירט אָן מיט דער היים, דאַרף גראַטולירט ווערן פאַר דער ווונדערבאַרער און גיכער הילף, וואָס איר האָט אָרגאַניזירט. קיינער וואָלט נישט געקאָנט אַזוי שנעל האַנדלען און אַרויסווייזן אַזויפיל פאַרשטענדעניש, ווי איר, דזשאָ.

„איך וויל איר זאָלט וויסן, אַז איך שעץ אייך הויך און איך האַלט עס פאַר אַ פּריווילעגיע אָנצורופן אייך מיין פריינט."

צווישן די אַלע מענטשן, וואָס געפינען זיך אין דעם מושב זקנים, זענען פאַראַן אַזעלכע, וואָס האָבן אַמאָל געשפּילט אַ פּראָמינענטע ראָל אינעם יידישן און אויך אינעם אַלגעמיינעם לעבן פון פילאַדעלפיע; מענטשן פון פאַרשיידענע שיכטן און פּראָפעסיעס. איר געפינט דאָרט אינטעלי־גענטן און פּשוטע פאָלקסמענטשן — אַלע ווערן זיי דאָרט באַהאַנדלט מיט דער זעלביקער אויפמערקזאַמקייט און מיט דער זעלביקער ליבשאַפט.

אין דעם מושב זקנים האָט זיך, צווישן אַנדערע, געפונען דער געוועזענער דירעקטאָר פון אַרטש. סטריט טעאַטער אין פילאַדעלפיע, דזשאָ גרובער — דער פאָטער פון דער שוישפּילערין מירעלע גרובער. ער איז דאָרט אויפגענומען געוואָרן ווען ער איז שוין געווען אין די הויכע אַכ־ציקער.

דזשאָ גרובער האָט אַמאָל געשפּילט גאָר אַן אָנגעזעענע ראָל אינעם דאָרטיקן יידישן טעאַטער־לעבן, ווו ער איז אין משך פון עטלעכע דריי־סיק יאָר געשטאַנען בראש פונעם טעאַטער. ער האָט אַראָפּגעבראַכט קיין פילאַדעלפיע די באַרימטסטע יידישע אַרטיסטן. אויך דזשאָ פּאָול איז אַ סך מאָל אויפגעטראָטן ביי אים, סיי אַלס אַקטיאָר מיטן „קונסט־ווינקל", סיי אַלס ספּאָרט־אַטלעט. מיט גרויס יראת־הכבוד דערמאָנט דזשאָ פּאָול איינעם פון די פּיאָנערן און בויער פונעם יידישן טעאַטער אין פילאַדעל־פיע — דזשאָ גרובער, מיט וועלכן עס האָט זיך געענדיקט אַ שיין קאַ־פּיטל אינעם דאָרטיקן יידישן לעבן, — אַ קאַפּיטל, וואָס הייסט: יידיש טעאַטער אין פילאַדעלפיע.

***

— מאָסן מענטשן וואַרטן אויף דער ריי צו קאָנען ווערן אַריינגענו־מען אין „אַפּטאַון מושב זקנים" — זאָגט דזשאָ פּאָול — ווו נעמט מען אָבער פאַר זיי אַלע פּלאַץ?! די דריי מיליאָניקע שטאָט, וואָס פאַרמאָגט אַ



דזשאָו גרובער בעת אַ סדר אין מושב זקנים. פון רעכטס: מ. לודשטיין, מ. געלט, מ. בלומאַן, דזשאָו פּאָול,
דזשאָו גרובער און די בורשטינס.

יידישע באַפעלקערונג פון איבער 350 טויזנט יידן, האָט אַרום און אַרום 3 אַנשטאַלטן פאַר זקנים מיט 525 נפשות.

דזשאָוס גרעסטע אַמביציע איז צו שאַפן אין פילאַדעלפיע אַזאַ מושב זקנים, וואָס זאָל קאָנען אַריינגעמען די אַלטע, וואָס ווילן דאָרט אָנקומען און מען זאָל קיינעם נישט דאַרפן אָפּזאָגן; שאַפן פאַר זיי אַזעלכע באַדינ־גונגען, אַז זיי זאָלן קאָנען גליקלעך אויסלעבן די רעשט פון זייערע יאָרן.

עס איז קיין שום ספק נישט, אַז ער וועט עס, ביי זיין שטאַרקן ווילן און ענערגיע, טאַקע באַוויזן דורכצופירן.

און אַפילו איצט, ביי דער איבערגעפולטער היים, אויב עס מאַכט זיך אַזאַ אויסערגעוויינלעכער פאַל, ווי א שטייגער: גאָלדע מאַרקוס, וואָס קאָן און טאָר נישט אָפּגעלייגט ווערן, ווערט דער מענטש תיכף אַריינגע־נומען אינעם מושב זקנים.

ווי אַזוי?

אויף דעם איז דאָ נאָר איין ענטפער: דזשאָו פּאָול!

# דזשאָו ראַטעווע‍ט אַרויס יידן פון היטלער-דייטשלאַנד

ווען היטלער איז געקומען צו דער מאַכט און עס האָבן זיך אָנגעהויבן רדיפות אויף יידן אין דייטשלאַנד, האָט דזשאָו פּאָול אַלאַרמירט די הילפס־אינסטיטוציעס אָנצוהייבן אַ גרויסע אַקציע, כדי צו ראַטעווען וואָס מער יידן.

די ערשטע אַנטלאָפענע פון היטלער־דייטשלאַנד, וואָס זענען אָנגעקו־מען קיין פילאַדעלפיע אין יאָר 1933, האָבן דערציילט וועגן די גרויזאַמע מעטאָדן, וואָס די היטלער־לייט באַנוצן לגבי יידן. דזשאָו האָט איינגעזען, אַז מען טאָר נישט פאַרלירן קיין צייט, ווייל עס איז נישטאָ קיין האָפע־נונג, אַז די לאַגע פון די יידן אין דייטשלאַנד זאָל זיך פאַרבעסערן. ער האָט זיך מיט לייב און לעבן אַריינגעוואָרפן אין דער אַקציע פון ראַטע־ווען און איינאָרדענען די אַנטלאָפענע פון דייטשלאַנד.

דזשאָו האָט דעמאָלט געוווינט אויף רידזש־עוועניו, ווו ער האָט אויך געהאַט זיין יאַטקע. ער האָט שוין צו יענער צייט געהאַט אַ צוויי־יאָריק טעכטערל, אסתרל, וועלכע איז אים געבוירן געוואָרן פון זיין צווייטער פרוי עני שולץ, מיט וועלכער ער האָט חתונה געהאַט אין יאָר 1930. (מיט דער ערשטער פרוי האָט ער זיך געגט אין יאָר 1929.).

עני שולץ, וואָס איז געווען אַ געבוירענע אַמעריקאַנערין, האָט געאַר־בעט אין זיין יאַטקע אַלס קאַסירערין. זי האָט דזשאָון שטאַרק אַרויסגע־האָלפן אין געשעפט, אַזוי אַז דאָס האָט אים געגעבן די מעגלעכקייט אָפּ־צוגעבן וואָס מער צייט זיין געזעלשאַפטלעכער און הילפס־אַרבעט.

ווען די היטלער־קרבנות האָבן, אין יאָר 1933, אָנגעהויבן אָנצוקומען קיין פילאַדעלפיע, האָבן זיי זיך גאָר גיך דערוווּסט וועגן דזשאָו פּאָול — דעם זעלטענעם יידן, מיטן זעלטן גרויסן און וואַרעמען האַרץ, וואָס העלפט מענטשן זיך איינאָרדענען און זשאַלעוועט נישט דערביי קיין צייט און קיין געלט פאַר די אַלע וואָס נייטיקן זיך אין הילף.

דזשאָוס היים איז כסדר געווען באַלאַגערט ממש פון צענדליקער מענטשן, וואָס פלעגן קומען צו אים נאָך הילף און נאָך עצות. כדי נישט צו פאַרלירן קיין איבעריקע צייט, האָט דזשאָו פּאָול אַרויפגענומען אויף זיין גרויסן לאַסט־אויטאָ מענטשן, גרופּנווייז, און אַוועקגעלאָזט זיך מיט זיי איבער דער שטאָט צו געפינען פאַר יעדן איינעם באַשעפטיקונג.

און פילאַדעלפיער תושבים — יידן און נישט־יידן — האָבן אים נישט אָפּגעזאָגט. דער ערשטער, וואָס האָט זיך אָפּגערופן און געגעבן אַר־בעט אייניקע ניי־געקומענע, איז געווען דער קצב בען גרייזלער, — דער זעלביקער, וואָס האָט אַמאָל אַריינגענומען צו זיך אַלס אַרבעטער דזשאָו פּאָול אַליין און האָט אים באַלד אָפּגעזאָגט, ווייל דזשאָו איז געווען אַ צו גרויסער עסער...

די גרויסע פירמע ב. ס. פינקערס און קאָמפּאַניע האָט אויך געגעבן באַשעפטיקונג אייניקע מענטשן. די איבעריקע זענען, אַלע אָן אויסנאַם, איינגעאָרדנט געוואָרן ביי דזשאָוס באַקאַנטע אין פילאַדעלפיע. קיינער פון דער ערשטער גרופּע געקומענע איז נישט געבליבן אָן אַרבעט.

נאָך דער דאָזיקער גרופּע אַנטלאָפענע פון היטלערן, פלעגן אָנהייבן צו קומען וואָס אַמאָל אַלץ מער און מער יידן, אַזוי אַז דזשאָון איז אויס־געקומען גאַנצע טעג אַרומצופאָרן איבער דער שטאָט, מיט די דייטשישע יידן אויף זיין גרויסן לאַסט־אויטאָמאָביל. דער אומדערמידלעכער דזשאָו האָט אַלע פּליטים איינגעאָרדנט. ביז מען האָט אָבער פאַר אַלע געשאַפן אַ דאַך איבערן קאָפּ, פלעגט טיילמאָל אויסקומען, אַז ביי אים אין שטוב פלעגן שלאָפן פון 10 ביז 15 מענטשן.

דזשאָוס פרוי, ענִי, האָט אַרויסגעוויזן די פּליטים אַ סך האַרץ און זי האָט אַפילו אָפּגעטראָטן פאַר זיי איר אייגן בעט. זי האָט זיך באַמיט צו העלפן די היימלאָזע מענטשן מיט אַלעם וואָס זי האָט נאָר געקאָנט. ווען דזשאָו איז אויסגעקומען אַרומצולויפן איבער דער שטאָט, כדי צו געפי־נען פאַר די מענטשן אַרבעט און אַ דאַך איבערן קאָפּ, האָט זי געפירט דאָס געשעפט, אַכטונג געגעבן אויף דער ווירטשאַפט און אויף דער דירה, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גרויסער, טומלדיקער אכסניה. דער־ביי האָט זי זיך נאָך געמוזט אָפּגעבן מיט דער קליינער אסתרל. וואָס האָט געפאָדערט אַ סך צייט פאַר זיך.

ווען דזשאָו האָט שוין באַוויזן איינצואָרדענען אַלע געקומענע, האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע סדרה — אַראָפּצוברענגען זייערע משפּחות פון דייטשלאַנד און עסטרייך.

די גרויסע אינסטיטוציעס, וועלכע האָבן דזשאָון געהאָלפן פון אָנהייב ביים אַראָפּברענגען די פּליטים, זענען געווען אַזוי פאַרפּלייצט מיט אַרבעט, אַז דזשאָו האָט געמוזט אָנהייבן צו האַנדלען אויף אייגענער האַנט. פאַר עטלעכע צענדליק משפּחות האָט דזשאָו אַליין אויסגעאַרבעט פּאַפּירן. פאַר די אַפידייוויטס האָט מען געמוזט אַריינלייגן געלט אין באַנק. ווען דזשאָוס פינאַנצן האָבן זיך געענדיקט, האָט ער געמוזט אַרומלויפן צו זיינע גוטע פריינט און באָרגן ביי זיי די נייטיקע סומע געלט, כדי צו קאָנען באַזאָרגן די פּאַפּירן און ראַטעווען וואָס מער מענטשן. וואָס מער פּאַפּירן ער האָט אויסגעאַרבעט, אַלץ מער בעלנים האָבן זיך געמאָלדן.. דורכצופירן דאָס אַלץ האָט זיך געפאָדערט זייער אַ סך צייט. ער האָט פּשוט נישט געהאַט ווען צו עסן. געלאָפן פון איין אָרט צום אַנדערן, פון איין אַמט צו צווייטן, און נאָר אַדאַנק זיינע פילפאַכיקע פאַרבינדונגען איז אים געלונגען דאָס אַלץ דורכצופירן. די דאָזיקע אַרבעט איז אָנגעגאַנגען פון 1933 ביז 1938, ווען זי איז אויף אַ צייט איבערגעריסן געוואָרן, כדי מיט אַ יאָר שפּעטער אָנצונעמען גרעסערע פאָרמען.

אין משך פון דער צייט האָט דזשאָו אַראָפּגעבראַכט קיין אַמעריקע, אַחוץ די פיל הונדערטער פּליטים דורך פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס, אינסטיטוציעס און פּריוואַט־מענטשן, עטלעכע פופציק משפּחות אויף זיינע אייגענע אַפידייוויטס און אויף זיינע אייגענע הוצאות. די דאָזיקע מענטשן האָט ער — ווען פריער, ווען שפּעטער — געהאָלפן איינאָרדענען זיך און געשאַפן פאַר זיי אַ דאַך איבערן קאָפּ.

אַ סך פון די אַנטלאָפענע פון היטלער־דייטשלאַנד זענען אָנגעקומען קראַנק און צעבראָכן פון די אַלע איבערלעבונגען און צרות, וואָס זיי האָבן געהאַט אויסצושטיין אין דייטשלאַנד, און זיי האָבן זיך געניייטיקט אין אַ ספּעציעלער באַהאַנדלונג און מעדיצינישער הילף. אויך אויף דעם געביט האָט דזשאָו געהאַט גרויסע פאַרבינדונגען מיט די בעסטע פילאַדעלפיער דאָקטוירים און אַדאַנק זיי האָט ער — ווי ער זאָגט — די נייטיקע מעדיצינישע הילף געקראָגן פאַר די היטלער־קרבנות אינגאַנצן אומזיסט.

שפּעטער האָבן אויך אָנגעהויבן אָנצוקומען אַנטלאָפענע פון עסטרייך.

פאַרשטייט זיך, אַז נישט אַלע פּליטים האָט מען געקאָנט פאַרזאָרגן מיט אַרבעט אין זייערע פריערדיקע בארופן און אַ סך פון זיי האָבן געמוזט זיך איבערשטעלן אויף אַנדערע, מער צוגעפּאַסטע פאַרן אַמעריקאַנער לעבן, בארופן.

דזשאָו האָט פיל פון זיי אויסגעלערנט קצבות. ער האָט זיי נישט נאָר געלערנט דעם פאַך ביי זיך אין דער יאַטקע, נייערט זיי, צוזאַמען מיט זייערע משפחות, אַריינגענומען אין זיין הויז, וווּ ער האָט זיי גע־האַלטן אויף אַלעם גרייטן און בכבוד גדול. נאָך דעם ווי ער האָט די נייע פּליטים אויסגעלערנט קצבות, האָט ער זיי גלייך פאַרזאָרגט מיט אַרבעט ביי זיינע באַקאַנטע קצבים.

אין יאָר 1934 האָט דזשאָו זיך אויסגעבויט אויף קאַלאָהיל סטריט 1131־1133 אַן אייגן דריי־שטאָקיק הויז, וווּ ער וווינט ביזן היינטיקן טאָג. דאָרט געפינט זיך זיין יאַטקע מיט די נייעסטע פלייש־קילערס, און אונ־טער דער יאַטקע — אַלע נייטיקע אינסטאַלאַציעס און מאַשינען, לויט דער נייעסטער טעכניק. אויפן אויבערשטן שטאָק, איבער זיין געשעפט, געפינט זיך זיין היימישער, ביז גאָר אינטערעסאַנטער מוזיי. אויפן זעל־ביקן שטאָק איז אויך פאַראַן זיין ביבליאָטעק און פּליטן־זאַמלונג. דזשאָו איז אַ גרויסער ליבהאָבער פונעם יידישן בוך און פונעם יידישן ליד. אויפן דריטן שטאָק, איבערן מוזיי, געפינט זיך זיין פּריוואַט־וווינונג מיט די געסט־צימערן.

— ווען איך האָב געבויט דאָס הויז — האָט דזשאָו געזאָגט — האָב איך געטראַכט וועגן צימערן צו קאָנען אויפנעמען געסט. ס׳איז מיר אָבער קיינמאָל נישט איינגעפאַלן אַז איך וועל האָבן דעם זכות אויפצונעמען אַזעלכע הייליקע געסט... (דאָס האָט ער געמיינט די געראַטעוועטע פון די קאַלך־אויוונס.).

דזשאָו האָט גוט פאַרשטאַנען די דאָזיקע מענטשן און ער האָט זיך צו זיי באַצויגן ווי צו קראַנקע קינדער, וועלכע נייטיקן זיך אין אַ ספּע־ציעלער באַהאַנדלונג.

די אַנטלאָפענע פון היטלער־דייטשלאַנד און עסטרייך האָט מען גע־דאַרפט נישט נאָר פאַרשאַפן וווינונגען, נאָר זיי אויך באַזאָרגן מיט מעבל און אַלע איבעריקע נייטיקע זאַכן פאַר זייערע נייע היימען. דזשאָוס פריינט, סעם לעווין, האָט אים אין דעם אַ סך געהאָלפן און געזען אַז דאָס

אַלץ זאָל פאַרשאַפט ווערן וואָס ביליקער, און אין אַ סך פאַלן — אינ־גאַנצן אומזיסט.

אין פילאַדעלפיע האָט די פעדעראַציע פון יידישע צדקה־אַנשטאַלטן, ווו דזשאָו איז געווען אַ מיטגליד, אַ סך געהאָלפן ביים איינאָרדענען די היטלער־קרבנות. דערנאָך האָט די הילף, וואָס די פעדעראַציע האָט גע־געבן, איבערגענומען די „פעמילי סערוויס", ווו דזשאָו איז אויך געווען אַ טעטיקער מיטגליד. אויך דער דירעקטאָר פון פילאַדעלפיער „האַיאַס", מאָרי לעווין, האָט אַ סך אויפמערקזאַמקייט געשענקט די אַנטלאָפענע פון דייטשלאַנד און געגעבן דזשאָון די וויטגייענדיקסטע הילף.

אין יענע שווערע טעג האָט דזשאָו דערהאַלטן אַ בריוו פון דער שווייץ פון זיינעם אַ געוועזענעם באַלעבאָס מענדל חײַקין, ביי וועלכן ער האָט געאַרבעט אין דער בעקעריי אין געגנט. חײַקין האָט אים געבעטן ער זאָל העלפן אַראָפּברענגען קיין אַמעריקע זיין זון, אַ באַגאַבטן טשעליסט אין דייטשלאַנד. דזשאָו האָט די בקשה פון זיין געוועזענעם ברויטגעבער תיכף דערפילט. ער האָט איינגעצאָלט די נייטיקע סומע געלט און אים אַראָפּ־געבראַכט קיין פילאַדעלפיע. דזשאָו האָט נישט פאַרגעסן די פיינע באַ־האַנדלונג, וועלכע ער האָט אַמאָל געקראָגן פונעם טשעליסטס טאַטן און ער איז געווען צופרידן צו קאָנען אים איצט אָפּדינען.

— אַ שווערן פאַל האָב איך געהאַט אין יאָר 1938 — דערציילט דזשאָו פאָול, — איך האָב זיך באַמיט אַראָפּצוברענגען פון האַנאָווער, דייטשלאַנד, אַ משפחה, וואָס איז באַשטאַנען פון 11 נפשות. עס איז גע־ווען אַ גרויסע סכנה, אַז מען וועט די משפחה שוין נישט אַרויסלאָזן פון דייטשלאַנד. מען האָט פון מיר פאַרלאַנגט דערפאַר 80.000 דאָלאַר. אַזוי־פיל געלט האָב איך נישט געהאַט. די אינסטיטוציעס, צו וועלכע איך האָב זיך געווענדט, האָבן אויך נישט געקאָנט געבן אַזויפיל געלט פאַר איין משפחה. איך האָב אָבער נישט רעזיגנירט. איך האָב מיך געווענדט צו אַ פאָר פון מיינע פריינט און מיט גרויס מי איז אין אַ קורצער צייט אַרום געשאַפן געוואָרן דאָס געלט. איך האָב באַוויזן אַרויסצושיקן די אַפּי־דייוויטס פאַר דער משפחה און זיי זענען גליקלעך אָנגעקומען קיין אַמע־ריקע און פאַרפאָרן צו מיר אין שטוב אַריין. די מענטשן האָבן זיך דאָ גאַנץ גוט איינגעאָרדנט.

דער באַקאַנטער פילאַדעלפיער ריכטער עדריען באָנעלי, איינער פון

די גרעסטע עמיגראַציע־אויטאָריטעטן אין אַמעריקע און אַ גרויסער יידן־פּויינט, האָט אַרויסגעוויזן אַ סך האַרץ און פאַרשטענדעניש פאַרן פּראָבלעם פון די היטלער־קרבנות. אים האָט דזשאָו אַ סך צו פאַרדאַנקען, ווייל ער האָט אים געהאָלפן אַראָפּברענגען אַהער הונדערטער מענטשן פון דייטשלאַנד און פון עסטרייך.

די מערסטע היטלער־קרבנות זענען אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק. דזשאָו איז ספּעציעל אַהינגעפאָרן, זיי דאָרט אויפגענומען און געבראַכט קיין פילאַדעלפיע.

יעדעס מאָל ווען עס איז אָנגעקומען אַ נייער פליט פון היטלער־דייטשלאַנד, האָט עס דערמאָנט דזשאָון וועגן זיינעם אַן אַלטן חבר, וואָס איז דאָרט פאַרבליבן, און, צוזאַמען מיט אַ געפיל פון פרייד, האָט עס אַרויסגערופן ביי דזשאָו פּאַול אַ ציטער איבערן גורל פון זיין חבר מאָריס פלייהינגער, וואָס געפינט זיך אין דייטשלאַנד.

דער געדאַנק וואָס עס איז געשען מיט זיין חבר, וואָס איז אַמאָל געווען דער מייסטער ביי חזקינען אין דער בעקעריי אין געגנט, האָט אים נישט געלאָזט רויען. ער האָט נישט אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן אים: ווער ווייס וואָס מיט אים איז געשען? ער געפינט זיך זיכער אין געפאַר... מען דאַרף עפּעס טאָן כדי אים צו ראַטעווען... אָבער ווי אַזוי?... ווו געפינט ער זיך איצט?... ער געדענקט נאָר, אַז פלייהינגער האָט געשטאַמט פון קאַרלסרוע.

דזשאָו האָט דורך פאַרשיידענע וועגן פּראָבירט זיך צו פאַרבינדן מיט זיין חבר. די גאַנצע צייט איז ער נישט געשטאַנען מיט אים אין קאָנטאַקט. ווען דזשאָו איז אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע, איז מאָריס פלייהינגער צוריק אַוועק קיין דייטשלאַנד און פון דעמאָלט אָן האָט ער פון אים גאָרנישט געהערט.

דזשאָו האָט באַשלאָסן פאַר יעדן פּרייז אויסצוגעפינען און צו ראַטעווען זיין אַלטן חבר און אים אַראָפּברענגען, צוזאַמען מיט זיין משפחה, קיין אַמעריקע. ער האָט געמאַכט נאָך איין פּרווו. אין יאָר 1938 האָט דזשאָו אַוועקגעשיקט אַ בריוו צום הויפּט־ראַבינער אין פראַנקפורט אַם מאַין און אים געבעטן אָנצופרעגן אין די יידישע קהילות פון דייטשלאַנד, ווו עס געפינט זיך די משפחה מאָריס פלייהינגער פון קאַרלסרוע.

עס האָט נישט לאַנג גענומען און עס איז אָנגעקומען צו דזשאָון אַ

בריוו דירעקט פון פלייהינגערן, וועלכער האָט שוין דעמאָלט געוווינט אין וואָרמס. ער האָט אים געשריבן, אַז ער האָט שוין אַן אַפידייוויט, וואָס ער האָט דערהאַלטן פון זיין זון, וועלכער געפינט זיך אין אַמעריקע, אָבער ער האָט שוועריקייטן ביים דערליידיקן געוויסע פאָרמאַליטעטן.

מיט דער הילף פון דזשאָוס פריינט, ריכטער עדריען באָנעלי, זע־נען די פאָרמאַליטעטן שנעל דערליידיקט געוואָרן און עס האָט נישט לאַנג גענומען און מאָריס פלייהינגער איז, צוזאַמען מיט זיין פרוי און צוויי קינדער, אָנגעקומען קיין פילאַדעלפיע.

דזשאָו האָט זיי אַריינגענומען צו זיך אין שטוב, ווו זיי האָבן גע־וווינט ביז פלייהינגער האָט געהאַט די מעגלעכקייט איינצואָרדענען זיך זעלבסטשטענדיק אין פילאַדעלפיע. אַדאַנק דזשאָוס אינטערוועניץ האָט די בעקער־יוניע אין פילאַדעלפיע געגעבן פלייהינגערן אַרבעט. היינט איז מאָריס פלייהינגער פאַררעכנט פאַר איינעם פון די אָנגעזעענסטע בעקער־באַלעבאַטים אין שטאָט.

צווישן די אַנטלאָפענע היטלער־קרבנות איז געווען אויך אַ יונגער־מאַן פון עטלעכע צוואַנציק יאָר, מיטן נאָמען קאַרל גרינוואַלד. ער האָט געשטאַמט פון אַן אָנגעזעענער און רייכער משפחה. די עלטערן זיינע, ווי אויך די איבעריקע מיטגלידער פון דער משפחה האָט מען שוין נישט באַ־וויזן אַריבערצוברענגען קיין אַמעריקע. זיי זענען אַלע אומגעקומען. קאַרל גרינוואַלד אַליין איז אין משך פון דער צייט דורכגעגאַנגען צוויי קאָנ־צענטראַציע־לאַגערן: בוכענוואַלד און דאַכאַו. אין דער היים האָט ער שטו־דירט מוזיק. ער האָט געקענט שפילן אויף אַלע אינסטרומענטן. דזשאָו פאָול האָט נאָך באַוויזן אַראָפּצוברענגען קאַרל גרינוואַלדס מיידל, אַנאַ בעקמאַן, און זייער חתונה איז פאָרגעקומען אין דזשאָוס הויז. 80 מענטשן, לרוב פליטים, זענען געווען אויף דער חתונה.

ווי אַזוי עס האָט אויסגעזען די חתונה, וועל איך איבערגעבן וואָס יוד לאַמעד מאַלאַמוט האָט געשריבן וועגן איר אין ניו־יאָרקער „אַמע־ריקאַנער“:

„דעם שרייבער פון די שורות איז אַמאָל אויסגעקומען בייצווווינען אַ חתונה פון אַ פליכטלינג־פּאָרל ביי דזשאָו פאָול אין הויז. דאָס דאָזיקע בילד האָט זיך מיר איינגעקריצט אין זכרון, אַז איך וועל דאָס שוין קיינ־מאָל נישט פאַרגעסן.

„חתן־כלה — יידישע פליכטלינגען פון דייטשלאַנד, וואָס פריער האָט זיך דער חתן געראַטעוועט דורך דעם וואָס דזשאָו פּאָול האָט אים געגעבן אַ וויזע. דערנאָך האָט ער פֿאַר דעם יונגן מאַן, קאַרל גרינוואַלד, געקראָגן אַרבעט און געהאָלפן דורך אַ וויזע אַריבערברענגען זיין כלה, אַנאַ בעק־מאַן, פון דייטשלאַנד.

„אַלע מחותנים צו דער חתונה, אַלע געסט, דער חזן און מסדר קי־דושין שמעון קריגסמאַן, די כלי־זמרים — אַלע זענען געווען פליכטלינ־גען, וועלכע זענען אַריבערגעקומען קיין אַמעריקע אַדאַנק דער שתדלנות און וויזעס פון דזשאָו פּאָול.

„די באַלעבאַטים פון הויז האָבן נישט נאָר אַליין סערווירט און באַ־דינט די געסט, ווי אויף אַ רייכן חתונה־באַנקעט מיט משקאות, מיט טאָרטן און שטרודלס, — ביי אַלע אונדזערע ליבסטע דאָס צו זען! — נאָר מען האָט ממש געפילט, אַז זיי קומט צו אַ גרויס שטיק נחת דערפון וואָס זיי האָבן דערלעבט צו פאַראייניקן אַ יונג יידיש פּאָרל, און וואָס אַדאַנק דזשאָוס באַמיאונגען געפינען זיי זיך אין דער פרייער אַמעריקע.

„די חופּה־צערעמאָניע איז דורכגעפירט געוואָרן זייער רירנדיק און איינדרוקספול. דער גאַנצער עולם האָט דערשטיקט אַ טרער, נישט צו פאַרשטערן די שמחה.

„ווייסן מיר דאָך וויפל אומגליק דער היטלעריזם האָט געבראַכט אויף דער וועלט, און דער עיקר — אויף יידישע קינדער אין איראָפּע... אָבער ווען איר ווילט אונטערציען דעם סך־הכל פון דער הצלת־נפשות־אַרבעט פאַר פליכטלינגען, וואָס דזשאָו פּאָול האָט געטאָן, ווייזן די רעקאָרדס, אַז ער, אַ יחיד, האָט אייגער אַליין צו זיין קרעדיט דאָס ראַטעווען פון דריי הונדערט יידישע פליכטלינגען, וואָס ער האָט געהאָלפן אַרויסרייסן פון די נעגל פון היטלער־בעסטיעס."

ווען גרינוואַלד איז געקומען קיין אַמעריקע, האָט אים דזשאָו גע־לערנט קצבות און שפּעטער באַקומען פאַר אים אַ שטעלע ביים זעלביקן בען גרייזלער. קאַרל גרינוואַלד האָט זיך פון אַ מוזיקער איבערגעשטעלט אויף אַ קצב און ביי דעם פאַך אַרבעט ער ביזן היינטיקן טאָג.

יעדן פרייטיק־צו־נאַכטס פלעגט דזשאָו איינאָרדענען ביי זיך אין הויז עונג־שבתדיקע מאָלצייטן פאַר די ניי־געקומענע. נישט קאָנענדיק אַריינגעמען מיטאַמאָל אַלע, פלעגט יעדן פרייטיק קומען צו אים אַן אַנ־

דערע גרופע מענטשן. די פרייטיק־צו־נאַכטסן אין זיין היים זענען גע־וואָרן אַ טראַדיציע ביי אים.

אין דער פילאַדעלפיער „יידישע וועלט" לייענען מיר: „מיר האָבן שוין אַ פּאָר מאָל געשריבן וועגן אַ פילאַדעלפיער יידישן תושב, וועלכער האָט זיך געשטעלט פאַר זיין לעבנס־אויפגאַבע צו ראַטעווען יידישע פאַ־מיליעס פון היטלערס גיהנום און זיי ברענגען קיין אַמעריקע. ער האָט זיי געהאָלפן קריגן דזשאַבס, איינאָרדענען זיי פאַרשיידענע ביזנעס־אונ־



אַ חתונה פון אַ פּליטים־פּאָרל ביי דזשאָו פּאָול אין הויז

טערנעמונגען, און אויב דאָס איז נאָך ווייניק — האָט ער פאַר דער לעצטער צייט שוין דורכגעפירט אַ פּאָר חתונות, ברענגענדיק צוזאַמען פליכטלינג־פּאָרלעך אין אַ פאַמיליען־בונד. דער נאָמען פון דעם דאָזיקן יידן איז דזשאָו פּאָול."

צווישן די היטלער־קרבנות, וואָס פלעגן אָנקומען קיין אַמעריקע, זע־נען געווען אַ סך געמישטע פּאָרלעך. איין מאָל איז צו דזשאָון געקומען אַ ווינער ייד, אַ דאָרטיקער שירם־פאַבריקאַנט, וואָס איז געווען פאַרהיי־ראַט מיט אַ קריסטלעכער פרוי. זיי האָבן געהאַט אַן איינציקן זון, וועל־כער האָט געקריגן אין ווין אַ יידישע דערציאונג. ווען היטלער האָט אין

יאָר 1938 פֿאַרכאַפּט עסטרייך, איז דער יידישער פֿאַבריקאַנט אַנטלאָפֿן קיין אַמעריקע, איבערלאָזנדיק אין ווין זיין קריסטלעכע פֿרוי מיטן זון.

מיט טרערן אין די אויגן האָט ער געבעטן דזשאָון אַרויסצוראַטעווען פֿון דאָרט זיין זון, וואָרעם דער פֿרוי, וועלכע איז אַ קריסטין, דראָט נישט קיין שום געפֿאַר. דזשאָו האָט גלייך אויסגעאַרבעט אַן אַפֿידייוויט און אַראָפּגעבראַכט דעם פֿאַבריקאַנטס זון קיין אַמעריקע. די פֿרוי, וועלכע איז פֿאַרבליבן אין ווין, האָט ווייטער אָנגעפֿירט מיט דער פֿאַבריק. נאָך דער מלחמה האָבן זיי זיך פֿאַראייניקט.

אין יאָר 1935 האָט זיך אין פֿילאַדעלפֿיע געגרינדעט אַ קלוב פֿון דייטש־עסטרייכישע יידן א״נ: „דייטשישער יידישער קלוב״. ווען די צווייטע וועלט־מלחמה איז אויסגעבראָכן, האָבן זיי געביטן דעם נאָמען אויף „צענטראַל־קלוב פֿון פֿילאַדעלפֿיע״. דזשאָו איז, אין אָנערקענונג פֿאַר זיינע אויסערגעוויינלעכע פֿאַרדינסטן פֿאַר די דייטש־עסטרייכישע פּליטים, דערווײלט געוואָרן אַלס לעבנסלענגלעכער ערן־מיטגליד פֿונעם קלוב. דזשאָו איז טעטיק אין אים ביזן היינטיקן טאָג.

ווען איך האָב דזשאָון געזאָגט:

— איר קאָנט שטאָלץ זיין, דזשאָו, מיט דער שיינער אַרבעט וואָס איר האָט געטאָן פֿאַר די פּליטים, — האָט ער געענטפֿערט:

— איך וואָלט מער שטאָלץ געווען ווען יעדער צענטער ייד אין אַמעריקע וואָלט זיך אַביסל מער אינטערעסירט מיטן גורל פֿון אונדזערע אומגליקלעכע ברידער און שוועסטער. מיר וואָלטן דעמאָלט באַוויזן אַרויסצוראַטעווען פֿון היטלערס נעגל הונדערט מאָל אַזויפֿיל יידן...

# אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט-מלחמה

נאָך דעם ווי די דייטשן האָבן, אין יאָר 1938, פאַרנומען עסטרייך און נאָך דעם ווי זיי האָבן דורכגעפירט די מיליטערישע אָקופּאַציע פון טשעכאָסלאָוואַקיע, איז געקומען די ריי אויף פּוילן. דעם 1טן סעפּטעמבער 1939 האָט די היטלער־אַרמיי אָנגעהויבן דעם מאַרש אויף פּוילן.

פון די ידיעות, וואָס עס האָבן געבראַכט די פּליטים פון דייטשלאַנד און עסטרייך וועגן די אכזריותן איבער יידן, האָט מען געקאָנט פאָראויס־זען, אַז דאָס דריי און האַלב מיליאָניקע פּוילישע יידנטום שטייט פאַר אַ גרויסער סכנה. קיינעם האָט זיך אָבער נישט געחלומט, אַז די סכנה קאָן דערגיין צו אַזאַ חורבן — אויסראָטונג פונעם גאַנצן פּוילישן יידנטום.

דזשאָו פּאָול האָט געמאַכט די גרעסטע אָנשטרענגונגען צו ראַטע־ווען זיין איבערגעבליבענע משפחה און פריינט אין פּוילן. עס איז אים אָבער נישט געלונגען קיין איינציקן מענטשן פון דאָרט אַרויסצוראַטעווען. אייניקע פון זיי, וואָס האָבן זיך פריער געפונען אויפן דייטשישן געביט, האָט ער נאָך באַוויזן אַראָפּצוברענגען קיין אַמעריקע. פון פּוילן איז עס אָבער געווען אוממעגלעך.

דזשאָו האָט נישט געפונען קיין רו. ער האָט אויסגענוצט אַלע מעג־לעכקייטן. געקלאַפּט אין אַלע טירן. איצט איז נישט געווען קיין פראַגע פון געלט. די פראַגע איז נאָר געווען: ווי אַזוי קריגט מען אַרויס אַ ייד פון פּוילן?! און דעם דאָזיקן פּראָבלעם איז געווען נישט לייכט צו לייזן, צוליב דער פאַרוויקלטער לאַגע און צוליב דעם, וואָס די פאַראייניקטע שטאַטן זענען אַריין אין קריג. האָט זיך דזשאָו מיט מסירת־נפש אַריינ־געוואָרפן אין דער אַרבעט צו ראַטעווען און צו העלפן די יידן, וואָס גע־פינען זיך אויסער די גרענעצן פון פּוילן.

אין יאָר 1939 איז צו דזשאָו פּאָול געקומען, צווישן אַנדערע, אַ יונ־גער דייטשישער פּליט, מיטן נאָמען אַלעקס יאַקאָבסאָן און געבעטן צו

פאַרשאַפן אים אַרבעט. דער דאָזיקער ביז גאָר איידעלער יונגערמאַן האָט געמאַכט אויף דזשאָון אַן אויסערגעוויינלעכן איינדרוק. דזשאָו האָט אים תיכף פאַרשאַפט אַ פּאָסטן אַלס בוכהאַלטער אין אַ פילאַדעלפיער פירמע. דער יונגערמאַן פלעגט אָפט אַריינקומען צו דזשאָון אין שטוב און זיך געפילט דאָרט גאַנץ היימיש. ער איז געווען צופרידן מיט זיין נייער לאַגע. עס האָט אים אָבער גענאָגט, ווי אַ וואָרעם דער געדאַנק, אַז זיינע עלטערן געפינען זיך נאָך אַלץ אין בערלין און ער האָט געציטערט איבער זייער גורל. ער פלעגט נישט אויפהערן צו רעדן און צו דערציילן דזשאָון וועגן זיינע עלטערן און זייער היים אין בערלין. דזשאָו איז גערירט געוואָרן פון דער גרויסער ליבע, וואָס דער יונגער יאַקאָבסאָן האָט אַרויסגעוויזן צו זיינע עלטערן.

— פאַרוואָס ברענגסטו זיי נישט אַראָפּ קיין אַמעריקע? — האָט אים דזשאָו געפרעגט.

—איך האָב זיי אַרויסגעשיקט פּאַפּירן. די דייטשן פאָדערן אָבער פון זיי דאָלאַרן פאַר די רייזע־בילעטן און זיי האָבן נאָר דייטשישע מאַרקן...

— האָט ער געענטפערט.

— טאָ פאַרוואָס האָסטו מיר וועגן דעם פריער נישט דערציילט?! — האָט אים דזשאָו אויסגעמוסרט.

דזשאָו האָט זיך תיכף פאַרשטענדיקט מיטן אַנפירער פונעם פילאַ־דעלפיער „האַיאַס״, מאַרי לעווין, וועמען ער האָט איינגעצאָלט דאָס געלט אויף די רייזע־הוצאות, און, דורך פאַרשיידענע וועגן, האָט מען די מענטשן באַזאָרגט מיט דער נייטיקער סומע געלט אין בערלין. אין אַ קורצער צייט אַרום — דאָס איז געווען אין יאָר 1940 — זענען די יאַקאָבסאָנס שוין געווען ביי דזשאָו פאָול אין הויז, וווּ זיי זענען איינגעשטאַנען אייניקע וואָכן, ביז מען האָט איינגעאָרדנט פאַר זיי אַ דירה.

די יאַקאָבסאָנס זענען געקומען צופאָרן מיט אַן איטאַליענישער שיף, וואָס האָט געבראַכט פּאַסאַזשירן פון אייראָפּע קיין אַמעריקע. אין דער צייט האָבן די דייטשן שוין נישט אַרויסגעלאָזט פונעם „דריטן רייך״ קיין יידן. דזשאָו האָט אָבער דאָס פאַראויסגעזען און אַלץ אַזוי אויסגערעכנט און צוגעגרייט, אַז דאָס פאָרפאָלק יאַקאָבסאָן האָט באַוויזן צו פאַרלאָזן די דייטשישע ערד.

די יאַקאָבסאָנס זענען געווען רוסישע יידן, וועלכע זענען אַנטלאָפן פון רוסלאַנד בעת דער רעוואָלוציע. דער אַלטער יאַקאָבסאָן איז געווען אַ באַקאַנטער אַדוואָקאַט, געבוירן אין פּעטערבורג (היינטיקער לעני̈נגראַד). זיין פרוי איז געווען די טאָכטער פונעם באַרימטן פּעטערבורגער כעמיקער, אַלעקסאַנדער רויטמאַן.

אָנהייב 1941 איז, צווישן אַנדערע, געקומען צו דזשאָון אַ יונגער־מאַן, מיטן נאָמען הערי בראַנדשטעטער, מיט זיין יונגערן ברודער זעליג. זיי זענען, צוזאַמען מיט זייערע עלטערן, אַנטלאָפן פון לוקסעמבורג. די עלטערן זענען פאַרבליבן אין באַרצעלאָנע, שפּאַניע. קודם־כל האָט דזשאָו פאַרשאַפט אַרבעט פאַר די יונגע בראַנדשטעטערס און דערנאָך האָט ער זיך גענומען וואָס גיכער אַראָפּצוברענגען זייערע עלטערן קיין אַמעריקע.

אין אַ פּאָר חדשים אַרום איז געלונגען אַראָפּצוברענגען די עלטערע בראַנדשטעטערס פון שפּאַניע קיין פילאַדעלפיע, און טאַקע — צו דזשאָו פּאָול אין שטוב אַריין.

די משפחה בראַנדשטעטער האָט געשטאַמט פון טאַרנאָוו (טורנע), מערב־גאַליציע, ווו זיי זענען געווען פאַבריקאַנטן פון מענער־קליידער. בעת דער שווערער עקאָנאָמישער צייט, וואָס האָט געהערשט אין פוילן, זענען די בראַנדשטעטערס אַוועק קיין לוקסעמבורג, ווו זיי האָבן געעפנט אַ גרויסע פאַבריק פון מענער־קליידער. אויסער די צוויי זין, וואָס זענען געקומען קיין אַמעריקע, האָבן די בראַנדשטעטערס געהאַט נאָך אַ זון — דער עלטסטער — יאַנעק, וועלכער האָט חתונה געהאַט מיט אַ טאָכטער פון אַ טוך־פאַבריקאַנט אין לאָדזש, יעקב יאַשינאָווסקי.

ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן, האָט די משפחה יאַשינאָווסקי דורכאויס געוואָלט צוריקפאָרן קיין לאָדזש. זיי האָבן געהאַלטן, אַז די דייטשן וועלן ניט שוינען די נייטראַליטעט פון לוקסעמבורג, און איידער צו זיין אין אַ פרעמד לאַנד אונטער דער דייטשישער הערשאַפט, ווילן זיי שוין בעסער זיין אין זייער היימשטאָט לאָדזש, וווהין זיי זענען, צוזאַמען מיט זייער איידעם, יאַנעק בראַנדשטעטער, צוריקגעפאָרן. זיי האָבן שטאַרק צוגערעדט די איבעריקע מיטגלידער פון דער בראַנדשטעטער־משפחה מיטצופאָרן מיט זיי קיין לאָדזש. צום גליק זענען יענע פאַרבליבן אין לוקסעמבורג און אַזוי אַרום געהאַט די מעגלעכקייט זיך צו ראַטעווען.

יאַנעק מיט זיין פרוי און די גאַנצע משפחה יאַשינאָווסקי זענען אומ־געקומען.

י. בראַנדשטעטער האָט געהאַט אַ שוואַכקייט צום טעאַטער. ער האָט געהאַט אַ גרויסן אַקטיאָרישן טאַלאַנט, און, אַחוץ דעם, איז ער געווען באַשאָנקען מיט אַן אימפּאָזאַנטער פיגור. ער האָט געהערט צום אַרטיסטן־קלוב „מוזע" איז טאַרנאָוו און ער איז געווען פאַררעכנט צו די בעסטע אַקטיאָרן פון דער גלענצנדיקער גרופּע. ווען יאַנעק בראַנשטעטער וואָלט זיך געווידמעט דער אַקטיאָרישער פּראָפעסיע, וואָלט ער זיכער פאַרנומען גאָר אַ בכבודיק אָרט אין טעאַטער.

ווי נאָר אַמעריקע איז צוגעטראָטן צום קריג, איז די לאַגע פון די יידן אין פּוילן, וואָס איז די גאַנצע צייט געווען זייער אַ שלעכטע, גע־וואָרן גאָר געפערלעך. אויך פון די אַנדערע לענדער, ווי דייטשלאַנד, עסט־רייך, טשעכאָסלאָוואַקיע, האָלאַנד און פראַנקרייך, האָט מען אָנגעהויבן אַראָפּצוברענגען יידן קיין פּוילן, אין די געשאַפענע קאָנצענטראַציע־לאַ־גערן, פון וואַנען די מערסטע זענען געגאַנגען צו אויסראָטונג.

אין אַמעריקע האָט מען אַ לאַנגע צייט נישט געוווסט וועגן דעם טראַגישן גורל פון די יידן אין אייראָפּע, בפרט — אין פּוילן. און אַפילו ווען עס האָבן אָנגעהויבן צו דערגיין די גרויזאַמע ידיעות וועגן די גאַז־קאַמערן און יידן־אויסראָטונג, האָט מען עס מיטן געדאַנק פּשוט נישט געקאָנט תופס זיין. מען האָט נישט געוואָלט גלייבן, אַז אַזאַ זאַך איז גאָר מעגלעך. ווען די מלחמה האָט זיך אָבער געענדיקט און מען האָט אונטער־געצויגן דעם טרויעריקן סך־הכל, האָט מען זיך דערוווסט דעם שוידער־לעכן אמת.

די געראַטעוועטע פון די גאַז־קאַמערן און קרעמאַטאָריעס האָבן צו־ביסלעך זיך אָנגעהויבן צו זאַמלען אין די לאַגערס פון דייטשלאַנד, עסט־רייך און איטאַליע — אין די אַזוי גערופענע די־פּי־קעמפּס. אַרבעטנדיק פאַר דער „דזשויש פעמילי סוירוויס", האָט דזשאָו פּאָול, וואָס האָט שטאַרק דורכגעוויטיקט דעם חורבן פונעם אייראָפּעישן יידנטום, אָנגעהויבן אַ ברייט־פאַרצווייגטע אַקציע אַראָפּצוברענגען יידן פון די לאַגערס קיין אַמעריקע.

די גרויסע שוועריקייטן, וועלכע דזשאָו האָט געהאַט פריער ביים

אַראָפּבריִנגען די הונדערטער אַנטלאָפענע פון דייטשלאַנד און עסטרייך, זענען פאַרשוווּנדן, נאָך דעם ווי די פאַראַנטוואָרטלעכקייט האָט, אַחוץ דזשאָון, איבערגענומען די גאַנצע „פעמעלי סוירוויס". און עס איז געלונגען אַראָפּצובריִנגען קיין פילאַדעלפיע זעקס טויזנט מענטשן און באַזאָרגן זיי אַלע מיט מעדיציניִשער און פינאַנציעלער הילף און מיט באַשעפטיקונג. דזשאָו פאָול האָט אַלץ געטאָן, כּדי די היטלער־קרבנות צו פאַרלייכטערן זייער לעבן.

נאָך דער מלחמה האָט די גרויסע אַמעריקאַנער זינגערין סאָפיע טאָקער געשיקט צו דזשאָו פאָול אַ פּאָרל וועלט־באַרימטע טענצערס, כּאָזע און מאַדעלען לינדער פון בודאַפּעסט, וועלכע האָבן איבערגעלעבט היטלערס יידן־אויסראָטונג.

עס איז כּדאַי צו זאָגן אַ פּאָר ווערטער וועגן דער גרויסער לידער־אויסטייטשערין סאָפיע טאָקער, אָדער — ווי מען רופט זי אין אַמעריקע — „די רעד האָט מאַמאַ" („די פלאַם־פייערדיקע מאַמאַ").

סאָפיע טאָקער, וואָס איז, נישט געקוקט אויף איר הויכער עלטער, נאָך היינט איינע פון די בעסט־באַצאָלטע בינע־קינסטלערינס, האָט אָנגעהויבן צו ציען אויף זיך די אַלגעמיינע אויפמערקזאַמקייט מיט איר אייגנאַרטיקן אופן פון זינגען, ווען זי איז נאָך געווען אַ קינד.

איר מוטער האָט געהאַט אַן אָרעם רעסטאָראַנדל אין האַרטפאָרד, און די קליינע סאָפיע האָט איר געהאָלפן מיט וואַשן דאָס געשיר אין קיך, אונטערזינגענדיק דערביי פאַרשיידענע לידער מיט עפּעס אַ מאָדנעם וואַרעמען געפיל.

מען האָט דעם קליינעם יידישן מיידעלע, וואָס איז געבוירן געוואָרן אויפן וועג פון רוסלאַנד קיין אַמעריקע — איר פאָטער האָט געהייסן אין רוסלאַנד קאַליש — פאָראויסגעזאָגט, אַז זי וועט אויסוואַקסן אַ גרויסע זינגערין. און זי האָט נישט אַנטוישט.

מיט יאָרן שפּעטער, ווען זי איז שוין געווען די „קעניגין פון די נאַכט־קלובן", האָט סאָפיע טאָקער קיינמאָל נישט פאַרגעסן די צייטן ווען זי און איר משפּחה האָבן געליטן הונגער און נויט. מיטן גאַנצן האַרצן האָט זי זיך אַריינגעוואָרפן אין פאַרשיידענע הילפס־אַרבעטן. זי רופט זיך תּמיד אָפּ אויף יעדן אָפּיל און זי איז באַליבט און פאַרערט ביי מיליאָנען




סאָפיע טאָקער



דאָס טענצער־פּאָרל ראָזע און מאַדעלען לינדער

נישט נאָר ווי אַ זינגערין, נאָר אויך ווי אַ מענטש מיט אַ וואַרעם, איידל יידיש האַרץ, וואָס איז תמיד גרייט צו העלפן מענטשן, וועלכע געפינען זיך אין אַ נויט.

אירע ביישטייערונגען צו פאַרשיידענע יידישע און נישט־יידישע אינסטיטוציעס דערגרייכן משמעותדיקע סומעס אין די הונדערטער טויזנטער דאָלאַרן.

סאָפיע טאָקער, וועלכע האָט נאָך אַלץ אַ נישט דורכשניטלעכע וויטאַליטעט, קאָן זיך באַין אופן נישט שיידן מיט די בינע־ברעטער. די „פלאַם־פייערדיקע מאַמאַ" זאָגט וועגן זיך:

— איך וועל נישט פאַרברענט ווערן אין פייער... איך וועל אַוועק מיטן רויך...

סאָפיע טאָקער האָט געבעטן דזשאָון העלפן די לינדערס צו פאַרבלייבן אין לאַנד און אַזוי אַרום זיי געבן אַ מעגלעכקייט צו אַרבעטן דאָ. דזשאָו האָט, פאַרשטייט זיך, דערפילט סאָפיע טאָקערס בקשה.

צווישן די פיל דאַנק־בריוו, וואָס ער האָט באַקומען דערפאַר פון פאַרשיידענע מענטשן, וועלכע זענען געווען פאַראינטערעסירט אין דעם גורל פונעם יידיש־אונגאַרישן פאָרל טאַנץ־קינסטלער, איז כאַראַקטעריסטיש צו ברענגען דעם בריוו, וואָס ער האָט באַקומען פון אונגאַרן, פון מאַדעלענס מוטער, האַנאַ שעקעלי:

„איך האַלט פאַר מיין חוב צו דאַנקען אייך פאַר דעם אַלעם וואָס איר האָט געטאָן פאַר מיין טאָכטער מאַדעלען לינדער און איר מאַן. מיינע קינדער האָבן מיר פיל מאָל געשריבן וועגן דער גרויסער הילף, וואָס איר האָט זיי געגעבן. דאָס איז דאָך אַזוי וויכטיק, ווייל דאָס האָט דערמעגלעכט זיי אַנצוגיין מיט זייער אַרבעט און גלייכצייטיק זענען זיי, אַדאַנק דעם, אימשטאַנד אויך אונדז צו העלפן. איך שיק אייך דריבער מיין טיפסטן און האַרציקסטן דאַנק און איך פאַרזיכער אייך, אַז איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן אייער גוטסקייט."

די ניי־געקומענע, וואָס האָבן, צוליב פאַרשידענע סיבות, נישט געקאָנט זיך איינאָרדענען אין די שטעט און געוואָלט לעבן אויפן לאַנד, זענען אַוועק אויף די פאַרמס. מען האָט זיי אַרויסגעהאָלפן נישט נאָר מיט געלט, נאָר אויך מיט פּראַקטישע עצות.

אין וויינלאַנד, ניו דזשוירזי, האָבן איבער 300 פּליטים־משפּחות

געקויפט הינער־פאַרמס. נאָך די ערשטע פאַר יאָר, וואָס זענען געווען גוטע פאַר די הינער־פאַרמערס, זענען געקומען זייער שווערע צייטן. די זיבן מאָגערע קי האָבן אויפגעגעסן די זיבן זאַטע. עס האָבן זיך געשאַפן נייע פּראָבלעמען, וועלכע מען האָט געמוזט לייזן.

די היטלער־געשעענישן האָבן אויף די ניי־געקומענע געלאָזט גענוג שטאַרקע שפּורן. עס האָבן זיך אָנגעהויבן קראַנקייטן און מען האָט געדאַרפט אָרגאַניזירן פאַר די מענטשן מעדיצינישע הילף און קיין געלט איז צו דעם צוועק נישט געווען.

דזשאָו האָט נישט גערוט. ער האָט מאָביליזירט פאַר די קראַנקע ניי־געקומענע די בעסטע דאָקטוירים, וואָס פילאַדעלפיע פאַרמאָגט. די דאָקטוירים — יידן און נישט־יידן — האָבן באַהאַנדלט די קראַנקע מיט דער גרעסטער זאָרגפעליקייט און אינגאַנצן בחינם. ווען מען האָט געדאַרפט, האָט דזשאָו אַראָפּגעבראַכט די קראַנקע אין שפּיטאָל.

צווישן די קראַנקע, וואָס האָבן זיך גענייטיקט אין מעדיצינישער הילף און נישט געקאָנט באַצאָלן די רעכענונג פאַרן שפּיטאָל און פאַר דער באַהאַנדלונג, האָבן זיך געפונען אַזעלכע, וואָס האָבן פאַרמאָגט גרויסע פאַרמס, אין דער ווערט פון צענדליקער טויזנטער דאָלאַרן, אָבער צוליבן שווערן קריזיס האָבן זיי נישט געהאַט קיין געלט אין מזומן.

געווען פאַלן ווען די ניי־געקומענע פאַרמערס האָבן געמוזט דורכפירן ערנסטע אָפּעראַציעס, האָט זיי דזשאָו איינגעאָרדנט אין די פילאַדעלפיער שפּיטאָלן און די אָפּעראַציעס האָבן דורכגעפירט די גרעסטע דאָקטוירים־ספּעציאַליסטן, וועלכע האָבן דזשאָון קיינמאָל נישט אָפּגעזאָגט.

עס וואָלט פאַרנומען צופיל פּלאַץ אויסצורעכענען די אַלע פאַלן פון קראַנקע פאַרמערס און אַנדערע ניי־געקומענע, וואָס האָבן זיך געפונען אין די שטעט און וועלכע האָבן זיך גענייטיקט אין מעדיצינישער הילף און באַהאַנדלונג און געמוזט דורכמאַכן גאַנץ שווערע אָפּעראַציעס.

עס איז באַוווסט, אַז די אַלע וואָס האָבן דורכגעמאַכט דעם היטלער־חורבן און איבערגעלעבט פאַרשיידענע קאָנצענטראַציע־לאַגערן, אָדער אויסבאַהאַלטן זיך אין די וועלדער, אָדער אויף דער אַרישער זייט, זענען אין אַ געוויסער מאָס אַרויס פונעם חורבן האַלבע אינוואַלידן. קיין איינציקער פון די געראַטעוועטע צווישן די היטלער־קרבנות, איז נישט ביים

פוילן געזונט. אַ חותם פון די אַלע איבערלעבונגען איז געבליבן ביי יעדן איינעם. דאָס דריקט זיך אויס ביי יעדן איינעם אויף אַן אַנדערן אופן. די סטאַטיסטיק, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן אין די פּאַראייניקטע שטאַטן, איבער די ניי־געקומענע, האָט באַוויזן, אַז פופציק פּראָצענט פון זיי זענען אין פאַרשיידענע פּעריאָדן, שוין נאָך דער באַפרייאונג, געשטאָרבן.

דער גרויסער, ממש איבערמענטשלעכער ווילן איבערצולעבן די מל־חמה און צו זען היטלערס מפּלה, האָט צוגעגעבן די מענטשן כוח און מוט אויסצוהאַלטן די פאַרשיידענע עינויים. דאָס איז אָבער געווען אַן אויפ־געבלאָזענע, נישט נאַטירלעכע אָנשטרענגונג, וואָס האָט ביים אָנהייב פון אַ נאָרמאַל לעבן, אָן שרעק און אָן מורא פאַר פיזישער עקזיסטענץ, גע־מוזט — ביי ווערמען פריער, ביי וועמען שפּעטער — פּלאַצן. די פיזישע אָדער גייסטיקע דעפעקטן, וואָס זענען פאַרבליבן ביי די לעבנגעבליבענע פון די געטאָס, קאַצעטן, וועלדער און פון דער אַרישער זייט, האָבן זיך שנעל געלאָזט פילן און זיי זענען מיט דער גאַנצער קראַפט געקומען צום אויסדרוק.

איך וויל זיך דאָ אָפּשטעלן אויף איינעם אַזאַ פאַל. עס האַנדלט זיך דאָ וועגן אַ געראַטעוועטן יידן, מיטן נאָמען יצחק מיכניק. ער שטאַמט פון ביעלסק (ביליץ), שלעזיע. באַלד ביים אָנהייב קריג האָבן אים די דייטשן פאַרשלעפּט אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער, פון דאָרט — אין אַ צווייטן לאַגער, און אַזוי ווייטער, און ער האָט אַזוי אָפּגעשמאַכט זעקס יאָר. די גאַנצע צייט האָט ער נישט געוווּסט וואָס עס איז געשען מיט זיין פרוי און קינדער, ווי אויך מיט זיינע עלטערן, וועלכע זענען פאַרבליבן אין ביעלסק. ערשט אין יאָר 1945, ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט, האָט זיך יצחק מיכניק דערוווּסט, אַז זיין גאַנצע משפּחה איז אומגעקומען.

אין יאָר 1947 האָט מיכניק צום צווייטן מאָל חתונה געהאַט און די פרוי האָט אים געבוירן אַ זון. קומענדיק קיין פילאַדעלפיע, האָט מען אים געהאָלפן איינאָרדענען זיך אין אַ פאַרם, וואָס ער האָט געקויפט אין ניו־פילד, ניו דזשוירזי. אין אַ צייט אַרום איז יצחק מיכניק, אין רעזולטאַט פון די שבעה מדורי גהינום וואָס ער האָט דורכגעמאַכט בימי היטלער, שווער קראַנק געוואָרן און מען האָט אים תיכף געמוזט אָפּערירן. די אָפּע־ראַציע איז נישט געלונגען. האָט מען אים נאָכאַמאָל אָפּערירט און נאָך

אַמאָל. הקיצור — אין משך פון איין יאָר צייט איז ער געוואָרן אָפּערירט ניין מאָל. ער איז אָפּגעלעגן אין שפּיטאָל גאַנצע דריי יאָר.

יצחק מיכניק, וועלכן איך האָב באַזוכט אין שפּיטאָל אין פילאַדעלפיע און דערנאָך אין זיין היים, אין פאַרם פון ניו־פילד, האָט מיר דערציילט וועגן דזשאָו פּאָול און וועגן זיין באַקאַנטשאַפט מיט אים. ער האָט ממש נישט קיין ווערטער פון לויב פאַר אים.

— אין אַ געוויסן טאָג — זאָגט ער — איז צו מיר אין שפּיטאָל געקומען אַ מענטש און זיך פאָרגעשטעלט פאַר מיר: „איך בין דזשאָו פּאָול. איך וויל אייך העלפן...“ פון דעמאָלט אָן פלעגט ער קומען צו מיר טאָג־אויס טאָג־איין און ברענגען מיר צייטונגען צו לייענען און אַנדערע זאַכן, וועלכע איך האָב נישט געקאָנט קריגן אין שפּיטאָל. ער האָט זיך באַמיט ביי דער פאַרוואַלטונג אין שפּיטאָל מען זאָל מיר געבן די בעסטע באַדינונגען און יעדע נייטיקע הילף. ער האָט געזען, אַז די בעסטע דאָקטוירים פון שטאָט זאָלן האָבן איבער מיר אויפזיכט און זיי זאָלן טאָן אַלעס מעגלעכע כדי מיך צו ראַטעווען. דאָס אַלץ האָט מיך נישט געקאָסט קיין סענט. אַחוץ דעם פלעגט דזשאָו פּאָול העלפן מיין ווייב און קינד, וועלכע זענען געבליבן אָן מיטלען צום לעבן. איך מיין, אַז מיר פאַרמאָגן נישט אַ סך אַזעלכע גוטהאַרציקע מענטשן. זאָל אים גאָט געבן אַ סך געזונטע יאָרן, ער זאָל ווייטער קאָנען אָנגיין מיט זיין וווּנדערלעכער אַרבעט — האָט פאַרענדיקט זיין דערציילן יצחק מיכניק.

ווען איך האָב מיט דזשאָון גערעדט וועגן יצחק מיכניק, האָט ער מיר געזאָגט:

— דער דאָזיקער מענטש פאַרדינט אַ ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט. ער האָט דורכגעמאַכט אייניקע שווערע קאָנצענטראַציע־לאַגערן. ס'איז גאָרנישט צו פאַרשטיין ווי אַזוי ער איז געבליבן לעבן... מענטשן, וואָס זענען געווען מיט אים צוזאַמען אין די לאַגערן און האָבן זיך על פּי נס אויך געראַטעוועט, האָבן מיר דערציילט, אַז מיכניק האָט, איינשטעלנדיק זיין אייגן לעבן, געראַטעוועט פון טויט אַנדערע יידן. די דייטשן האָבן אים מערדערלעך געשלאָגן און איינמאָל צעבראָכן אים זיין רעכטע האַנט. עס איז פאַר מיר אַ זכיה צו קאָנען העלפן אַזאַ מענטשן.

הענרי קייזמאַן פון וואַרשע, וואָס האָט זיך געראַטעוועט און געקו־

מען קיין פילאַדעלפיע, האָט מיר איבערגעגעבן, אַז דער ערשטער, וואָס האָט אים אויסגעשטרעקט אַ האַנט מיט הילף, איז געווען דזשאָו פּאָול.

— ער האָט מיך אַריינגענומען צו זיך, — דערציילט קייזמאַן — דערנאָך מיר פאַרשאַפט אַ פּאָסטן ביי אַ קצב און ווען איך האָב באַשלאָסן צו ווערן זעלבסטשטענדיק, האָט מיר דזשאָו פּאָול געבאָרגט 6.000 (זעקס טויזנט) דאָלאַר. איך האָב זיך געעפנט אַן אייגענע יאַטקע.

איצט איז קייזמאַן אַליין אַ רייכער קצב אין פילאַדעלפיע און אַחוץ דעם האָט ער אַ גרויסע פאַרם אין ווײַנלאַנד, ניו דזשוירזי.

דזשאָו האָט פאַר די נייע פאַרמערס געזאָרגט נישט נאָר פאַר זייער גוף, ער האָט זיי אויך באַזאָרגט מיט גייסטיקע שפּייז. ער, דער קצב, האָט געשאָנקען די היטלער־קרבנות — די נייע פאַרמערס — אַ גרויסע ביבליאָטעק מיט יידישע ביכער, וועלכע זיי האָבן געעפנט אין דאָראָטי, לעבן ווײַנלאַנד.

ס׳איז כדאַי צי צוטירן וואָס אשר פּען שרייבט, צווישן אַנדערן, וועגן דזשאָו פּאָול אין ניו־יאָרקער „טאָג":

...נישט ווילנדיק איז מיר געקומען אויפן געדאַנק די יידישע געשיכטע מיט די פאַרבאָרגענע צדיקים. בײַטאָג זענען אָט די צדיקים באַשעפטיקט מיט פאַרשיידענע מלאכות און פאַרבאָרגענערהייט האָבן זיי אַ מיסיע צו לערנען תורה, אויפצוהאַלטן דאָס אייביקע ליכט. אָט אַזוי, האָב איך אַ טראַכט געטאָן, איז אָט דער דזשאָו פּאָול.

אויפן ערשטן שטאָק, דאָרטן אונטן, שטייט ער און האַקט פלייש, יאָגט זיך, האַוועט, שמאַיעט, און דאָ פון אויבן — קומט אַרויס דער פאַרבאָרגענער מענטש פונעם זעלביקן מענטשן און באַווייזט זיך מיט אַן אויסדרוק פאַר קונסט, פאַר שיינקייט, פאַר איידעלע שאַפונגען. דערצו נאָך ווען דער מענטש איז איבער אַלעם אַזוי ברייטהאַרציק, אַזוי גרייט צו העלפן און שטרעקט אויס אַ פעסטע האַנט צו הונדערטער און הונדערטער מענטשן אין גרויסן נאַציאָנאַלן אומגליק אונדזערן — אַזאַ מענטש, אין דער „פּראַקטישער", טרוקענער אַמעריקאַנער סביבה, איז באמת אַ וווּנדערלעכער אויסנאַם. „מען דאַרף נאָר צולייגן אַביסעלע האַרץ" — דערקלערט דזשאָו פּאָול אויף זיין שטייגער דעם סוד פון זיין אַרבעט לטובת די פליכטלינגען. „אַביסעלע האַרץ — דאָס איז דער עיקר!" —

און ווען איר גיט אַ קוק אויף דזשאָו פּאָול, זעט איר אַז ער דאַרף האָבן אַ האַרץ פון אַ גיבור. און פּונקט ווי איר לייענט אַמאָל אין די מעשה־ביכלעך וועגן מענטשן מיט גרויסע הערצער, אַזוי דוכט זיך אייך, אַז איינער פון זיי איז געקומען צום לעבן אין דער פּערזאָן פון דעם פילאַדעלפיער דזשאָו פּאָול."



דזשאָו פּאָול ביי דער אַרבעט.

דער פּאָרזיצער פונעם פּאַרבאַנד פון די ניי־געקומענע אין פילאַדעלפיע, אברהם גערסטעל, אַ געוועזענער אונטערערדישער טוער, וועלכער שטאַמט פון קראָקע, פוילן, האָט מיר איבערגעגעבן, אַז לויט די אינפאָרמאַציעס, וואָס דער פּאַרבאַנד פון ניי־געקומענע אין פילאַדעלפיע באַזיצט, האָט דזשאָו פּאָול געראַטעוועט און איינגעאָרדנט אַליין אָדער מיט דער הילף פון זיינע איבערגעגעבענע פריינט, ביז 6000 אייראָפּעישע „רעפיודזשיס" (פּליטים) פון היטלער־עקזאָדוס.

## דזשאָו ווערט באַערט פון דער שטאָט פילאַדעלפיע

יאָר־אויס, יאָר־איין פלעגט מען אין פילאַדעלפיע צוטיילן כבוד צו אַ פאַרדינסטפולן בירגער, וואָס האָט זיך אַממייסטן אויסגעצייכנט מיט זיין געזעלשאַפטלעכער און הילפס־אַרבעט.

אין יאָר 1949 האָט די דאָזיקע ערן־אויסצייכענונג באַקומען אונדזער דזשאָו פאָול. ער האָט פון דער דריי און אַ האַלב מיליאָניקער שטאָט פילאַדעלפיע באַקומען אַ גאָלדענעם מעדאַל אַלס אָנערקענונג פאַר זיין אומדערמידלעכער אַרבעט לטובת די אַרעסטאַנטן אָן אונטערשייד פון גלויבן, קאָליר און ראַסע. גלייכצייטיק איז ער באַערט געוואָרן מיט אַ סערטיפיקאַט אַלס „מאַן פון חודש", אונטערגעשריבן פונעם טשערמאַן פון קאָמיטעט, פיורי עליס.

די פרעזענטאַציע איז פאָרגעקומען אין „בעלוויו סטאַטפאָרד־האָטעל" דעם 14טן פעברואַר 1949, בעת אַ גרויסער פייערונג, אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט: פאָרשטייער פון דער שטאָט, דער פרעזידענט פון פענסילוועניער אוניווערזיטעט — הערעלד סטאַסען, וויצע־פרעזידענט פון די „בעל טעלעפאָן־קאָמפּאַניע" — אַרטור דאַק וויליאַמס, פאָרשטייער פון דער תפיסה־פאַרוואַלטונג, פאָרשטייער פון געריכטס־וועזן, וויצע־פרעזידענט פון בני ברית — וויליאַם גוירבער, פאָרשטייער פון דער „דזשואיש טיימס" — פיליפּ קליין און פיל אַנדערע וויכטיקע און אָנגעזעענע מענטשן פון פילאַדעלפיע.

ביים איבערגעבן דזשאָו פאָול דעם גאָלדענעם מעדאַל פון דער שטאָט און דעם סערטיפיקאַט אַלס „דער מאַן פון חודש", האָט דער וויצע־פּרעזידענט פון „בעל טעלעפאָן־קאָמפּאַניע", אַרטור דאַק וויליאַמס, געהאַלטן אין נאָמען פון דער שטאָט, פאָלגנדיקע רעדע:

„עס איז מיין טיפסטע איבערצייגונג, אַז דער אָפּנעמער פון דער אויסצייכענונג, וועלכן מיר גיבן זי היינט איבער, אַנטשפּרעכט פאָלקאָם

# Man of the Month



Certificate of Award

To Joe Paull

In recognition of his outstanding service rendered his fellow man in need of assistance.

Dated at Philadelphia this fourteenth day of February

אַלע פֿאַדערונגען, וואָס זענען פֿאָרגעזען אין קאָדעקס פֿון אויסצייכע־
נונגען.

דער מאַן, וועלכן מיר באַערן היינט, איז נישט באַקאַנט צו אַלע דאָ
אַנוועזנדיקע. דער דאָזיקער מאַן איז פֿון פֿאַך אַ בוטשער. ער נעמט אַוועק
אַ סך צייט פֿון זיין באַשעפֿטיקונג, כדי צו קאָנען עפּעס טאָן פֿאַר זיינע
מיטבירגער; ער זאָרגט פֿאַר זיי און טוט עפּעס ממשותדיקעס פֿאַר זיי.
ער געהער צו די מענטשן, וואָס ווערן באַטראַכט ווי דער רוקנביין פֿון
אַמעריקע, און אַלס אַזעלכן דאַרפֿן מיר אים באַערן און אויסדריקן אָנער־
קענונג.

אונדזער אויסוואַל פֿאַר דעם „מאַן פֿון חודש"־אויסצייכענונג שענקט
אַוועק אַ סך צייט און אָנשטרענגונג צו העלפֿן רעהאַביליטירן די באַ־
פֿרייטע אויף „פּאַראָל" (אויף ערן־וואָרט) פֿון „איסטערן סטייט־פּעני־
טענשערי" (תפיסה).

דער דאָזיקער מענטש פֿירט אָן די וועכנטלעכע פֿאַרזאַמלונגען אויפֿן
צווייטן שטאָק פֿון זיין „בוטשער־שאַפּ", יעדן פֿרייטיק נאָך מיטאָג. אין
די צוזאַמענטרעפֿן באַטייליקן זיך אַ סך פּראָמינענטע און פֿאַרדינסטפֿולע
בירגער פֿון פֿילאַדעלפֿיע. די דאָזיקע גרופּע דיסקוטירט וועגן פֿאַרשיידענע
אופֿנים און מיטלען ווי אַזוי סאָציאַל און פֿינאַנציעל צוריקצושטעלן אויף
די פֿיס די מ'יט אַ תנאַי־באַפֿרייטע תפֿיסהניקעס.

פֿיל פֿון אונדז מיינען, אַז מיט פֿינאַנציעלע ביישטייערונגען צו פֿאַר־
שיידענע סאָציאַלע אינסטיטוציעס, האָבן מיר שוין געטאָן אונדזער חוב.
עס קאָן אָבער אַ סך מער געטאָן ווערן — ווי עס האָט געוויזן דער דאָזי־
קער מענטש, וואָס גיט אַוועק זיין צייט, ווילן און ענערגיע צו העלפֿן די,
וועלכע זענען אין אַ געוויסער מאָס אָפּהענגיק פֿון אַנדערע מענטשן.

עס איז פֿאַר מיר דעריבער אַ כבוד און פֿאַרגעניגן צו פּרעזענטירן
די היינטיקע אויסצייכענונג פֿון „מאַן פֿון חודש" צו איינעם, וואָס פֿאַר־
דינט אַזויפֿיל קרעדיט. און מיט דער גרעסטער און אויפֿריכטיקסטער
פֿאַרערונג און גליקוונטשן, גיב איך איבער די אויסצייכענונג צו מר.
דזשאָו פּאָול."

עס איז באמת שווער זיך פֿאָרצושטעלן די באַגייסטערונג פֿונעם
גאַנצן פֿאַרזאַמלטן עולם, בעת דער דאָזיקער פֿייערלעכער צערעמאָניע. פֿון



פון רעכטס: פראַנק טאָקער, רעוו. ד״ר ליין באומאַן, וואלטער טיס, דזשאָו פּאָול, טאָמאַס קאַלען און ס. בורקע.

אַלע זייטן האָט מען געהערט: נישטאָ קיין צווייטער דזשאָו פּאָול!... קיין בעסערן אויסוואַל האָט פילאַדעלפיע נישט געקאָנט מאַכן!...

הונדערטער טעלעגראַמעס און באַגריסונגען זענען אָנגעקומען פון די גרעסטע פּערזענלעכקייטן. כדי אונטערצושטרייכן די גרויסע פאַרערונג און כבוד, וואָס מען האָט אָפּגעגעבן דזשאָו פּאָול, וויל איך דאָ ברענגען אייניקע באַגריסונגען, וועלכע זענען צוגעשיקט געוואָרן אין שייכות מיט דער דאָזיקער פייערונג.

איינער פון די גרעסטע כירורגן אין אַמעריקע, פּראָפעסאָר ד״ר וו. וועין בעבקאָק, שרייבט:

„מיר אַלע זענען שטאַרק צופרידן, אַז איר זענט „דער מאַן פון חודש״. איר, דזשאָו, האָט באמת פאַרדינט דעם כבוד. אָבער מיר ווייסן, אַז איר זענט נישט נאָר דער „מאַן פון חודש״, נייערט דער „מאַן פון יאָרן״, וועלכער דינט דער מענטשהייט. זאָל אייך באַשערט זיין אויסצופירן אייער גוטע אַרבעט נאָך לאַנגע יאָרן.״

דער הויפּט־ריכטער עדריען באָנעלי שרייבט אין זיין באַגריסונג:

„איך בין געווען זייער גליקלעך צו לייענען אין דער טעגלעכער פּרעסע, אַז איר זענט באַשטימט געוואָרן פאַרן „מאַן פון חודש״. איך קען קיינעם נישט אין דער שטאָט פילאַדעלפיע, וואָס זאָל מער פאַרדינען דעם גרויסן כבוד. דעם „באָרד אָוו טראָסטיס״ פונעם „מאַן פון חודש״ דאַרף מען גראַטולירן פאַר אַזאַ וווּנדערבאַרן אויסוואַל. זאָל אייך גאָט בענטשן און געבן אייך גוט געזונט צו קאָנען אָנגיין אין אייער גרויסער און נאָבעלער אַרבעט נאָך לאַנגע יאָרן.״

דער טשערמאַן פון „באָרד אָוו פּאַראָלס״ אין האַריסבורג, פּענסילווועניע, ה. ד. הילל, שרייבט:

„איך בין געווען צופרידן צו לייענען אין „פילאַדעלפיער ביולעטין״, פונעם 14טן פעברואַר, אַז איר זענט באַשטימט געוואָרן פאַרן „מאַן פון חודש״ פאַר אייער אַרבעט אין דער רעהאַביליטאַציע פון געוועזענע תּפיסהניקעס פון „איסטערן סטייט־פּעניטענטשערי״. דאָס איז זייער אַ שיינע אָנערקענונג, פאַר וועלכער איך גראַטוליר אייך״.

דער וועלט־באַרימטער כירורג, פּראָפעסאָר ד״ר ע. שפּיגעל פון ווין, הויפּט פונעם דעפּאַרטאַמענט פון עקספּערימענטאַלער נעוראָלאָגיע ביים

„טעמפל יוניווערזיטי־האָספּיטאַל“, שרייבט אין זיין באַגריסונג צו דזשאָו פּאָול:

„מיין פרוי און איך האָבן שטאַרק געוואָלט קומען צו דער פייערונג, וואָס ווערט איינגעאָרדנט פאַר אייער כבוד. צום באַדויערן האָב איך געמוזט זיין אין מאָנטרעאָל (קאַנאַדע), כדי דאָרט צו אַדרעסירן די „מאָנטרעאָלער נעוראָלאָגישע געזעלשאַפט“. בעט איך אייך אָנצונעמען אויף דעם וועג אונדזערע האַרציקסטע גליקוווּנטשן צו דער אויסצייכענונג, וועלכע איר האָט אַזוי ווירדיק פאַרדינט. איך ווייס וויפל מענטשן איר האָט געהאָלפן, און די דאָזיקע פייערונג איז בלויז אַ קליינע טייל פון דאַנקבאַרקייט וואָס קומט אייך. מיט די בעסטע ווונטשן פון אונדז ביידן.“

אין אָפיציעלן אָרגאַן פון הר סיני לאָדזש פון בני ברית „הר סיני־בוסטער“, שרייבט דער רעדאַקטאָר, מעטיו קרעימער, אין אַפּריל־נומער 1949, פאָלגנדיקעס:

„מיר פון „הר סיני לאָדזש“ זענען אומגעהויער שטאָלץ צוליב דער לעצטער אויסצייכענונג פון אונדזער אייגענעם ברודער דזשאָו פאָול. ער איז באמת דער לעבעדיקער סימבאָל פון די פּרינציפּן און אידייען, וועלכע כאַראַקטעריזירן אונדזער גרויסן אָרדער פון „בני ברית“ וווילטעטיקייט, ברודערלעכע ליבע און האַרמאָניע.

זאָל אונדזער ברודער דזשאָו פּאָול געגעבן ווערן לאַנגע יאָרן, כדי ער זאָל קענען פאַרזעצן זיין הערלעכע אַרבעט לטובת די נויטבאַדערפטיקע.“

דער וויצע־פּרעזידענט פון דיסטריקט נומער 3 פון הר סיני לאָדזש, אַלבערט מ. קאָהען, שרייבט:

„טייערער דזשאָו, — מיט אַ גרויסער מאָס פון צופרידנהייט האָב איך אויפגענומען די ידיעה, אַז איר זענט אויסגעקליבן געוואָרן ווי דער „מאַן פון חודש“ אַלס אָנערקענונג פאַר אייער דינסט פאַר די פאַראָל־תּפיסה־זיקעס פון איסטערן סטייט פּעניטענטשערי. איך קען נישט קיין אַנדערן מענטשן וואָס זאָל מער פאַרדינען די דאָזיקע אויסצייכענונג, וואָרעם איר האָט באמת אָפּגעגעבן אייער גאַנץ לעבן נישט נאָר צו העלפן די אומגליקלעכע אַרעסטאַנטן, נאָר אויך די נישט־פריווילעגירטע און קראַנקע. איך האָף, אַז איר וועט זיין געבענטשט מיט גוט געזונט, כדי ווייטער צו קאָנען דינען אייערע מיטבירגער. מיינע בעסטע גרוסן אייער ווייב, וועלכע פאַרדינט צו טיילן די אויסצייכענונג.“

אין „פעדעראַל פּראָביישן" — אָפיציעלער אָרגאַן פון יוסטיץ־דעפּאַרטאַמענט אין וואַשינגטאָן, איז געווען אָפּגעדרוקט פּאָלגענדיקס:

„מיט 35 יאָר צוריק איז אַ פילאַדעלפיער בוטשער, דזשאָו פּאָול, איינגעלאַדן געוואָרן אין פילאַדעלפיער תפיסה, כדי דאָרט אויפצוטרעטן ווי אַ „שטאַרקער מאַן". אין משך פון זיינע באַזוכן אין דער תפיסה האָט דזשאָו דערפילט אַ באַדערפעניש צו באַווייזן זיין כוח נישט נאָר אין בייגן אייזן און שטאָל, נאָר אויך אין העלפן איבערצושטעלן דעם אַרעסטאַנט אויף אַ געזעץ־געבערישן, זעלבסט־רעספּעקטפולן בירגער.

דזשאָו פּאָול איז נישט געגאַנגען אויפן וועג פונעם לייכטסטן ווידערשטאַנד. ער האָט זיך אויסגעקליבן איינעם פון די האַרטסטע אַרעסטאַנטן. ער האָט אין אים דערזען די גוטע זייטן און ער איז געוואָרן זיין אונטערשטיצער. ער האָט אים אַרויסגענומען פון תפיסה אויף פּאַראָל. היינט איז דער דאָזיקער מענטש איינער פון די בכבודיקסטע סוחרים אין פילאַדעלפיע.

דער דאָזיקער דערפאָלגרייכער פּרווו פון רעהאַביליטאַציע האָט סטימולירט דזשאָון צו פיל אַנדערע באַמיאונגען אין דער ריכטונג. ער האָט געהאָלפן איבער 200 אָרעסטאַנטן אָנצוהייבן אַ נאָרמאַל לעבן. ער האָט זיי געשפּייזט, געגעבן זיי אַ פּאָר דאָלאַר און געפונען פאַר זיי אַלע געהעריקע באַשעפטיקונג. זיין וווּנדערבאַרע אַרבעט אויף דעם געביט האָט אים פאַרשאַפט אַ פּלאַץ אינעם ראַט פון פערזענלעכן הילפס־ביוראָ פון יידישן „פאַמיליע־סוירוויס", וואָס האָט אין זיין פּראָגראַם די אויפגאַבע צו העלפן מענטשן, וועלכע געפינען זיך אין שוועריקייטן מיטן געזעץ.

אַלס אָנערקענונג פאַר זיין אומדערמידלעכער הומאַניטאַרער אַרבעט, האָט דזשאָו פּאָול באַקומען פיל אויסצייכענונגען, איינשליסלעך פילאַדעלפיעס „מאַן פון חודש", אין יאָר 1949."

אינעם זעלביקן יאָר איז דזשאָו פּאָול געוואָרן אויסגעצייכנט אויך פון דער אָרגאַניזאַציע „בני ברית". ער האָט באַקומען אַ גאָלדענעם טאַפּל אין אָנערקענונג פאַר זיין פיל־פּאַרצווייגטער ארבעט אויפן געזעלשאַפטלעכן געביט. די פייערונג איז פאָרגעקומען אין „מאַדזשעסטיק האָל" דעם 28סטן אַפּריל.

דער פּרעזידענט פון הר סיני לאָדזש בני ברית, מר. טאָמאַס א. מאָריס, האָט אין זיין רעדע אונטערגעשטראָכן די גרויסע אַרבעט פון דזשאָו





אַ טייל פֿון די פֿיל אויסצייכענונגען פֿון דזשאָו פּאָול.

פּאָול אויפן געביט פון העלפן רעהאַביליטירן די געוואָונדעטע אַרעסטאַנטן; אויפן געביט פון העלפן איינאָרדענען די נײַ־געקומענע, ווי אויך זײַן גרויסע און וויכטיקע אַרבעט פאַר די אַלטע לײַט, וואָס געפינען זיך אין „אָפּטאָון מושב זקנים". עס ווערן אויסגערעכנט אַלע גאָלדענע מעדאַלן און אויסצייכענונגען, וואָס דזשאָו פּאָול האָט דערהאַלטן אין די לעצטע 25 יאָר: אַלע אָרגאַניזאַציעס, אין וועלכע דזשאָו פּאָול באַטייליקט זיך אין דער אַרבעט, האָבן צוגעשיקט זייערע פאָרשטייער צו באַשיינען די שמחה.

דער וויצע־פּרעזידענט פונעם הויפּט־לאָדזש פון „בני ברית", געוועזענער ראַטגעבער פון דער אַמעריקאַנער אָפּטיילונג פון די פאַראייניקטע פעלקער־אָרגאַניזאַציע און מיטגליד פון דער „יונעסקאָ", וויליאַם מ. גוירבער, האָט אָפּגעדרוקט אין „סיני־בוסטער" אַן אָפענעם בריוו, אין וועלכן ער שרייבט:

„איך בין העכסט צופרידן צו הערן, אַז „הר סיני לאָדזש" האָט אָנערקענט און אויסגעצייכנט זיינס אַ פאַרדינסטפולן מיטגליד, דעם אויסערגעוויינלעכן הומאַניטאַר דזשאָו פּאָול. כבוד און אָנערקענונג זענען נישט קיין פנים חדשות פאַר דזשאָו פּאָול. אַלס אויסדרוק פון אָנערקענונג האָט ער פון דער פילאַדעלפיער געמיינדע שוין באַקומען די אויסצייכענונג ווי „דער מאַן פון חודש".

זיינע אייגענע ביזנעס־חברים האָבן אים אויסגעקליבן אַלס פּרעזידענט פונעם „פאַראיין פון הורט־סוחרים פון פלייש און שפּייז" און איינגעאָרדנט אים אַ וואַרעמען שיינעם באַנקעט, אויף וועלכן ער איז פּרעזענטירט געוואָרן מיט אַן ערן־אויסצייכענונג (דאָס איז געשען מיט אַ יאָר פריער, ד"ה אין יאָר 1948. — י. ט.).

איך בין אָבער זיכער, אַז וואָס דזשאָו פּאָול שעצט אַממייסטן איז די ליבע, אַכטונג און רעספּעקט, וואָס זיינע טויזנטער פריינט ווייזן אים אַרויס. דזשאָו פּאָול איז אַ גוטהאַרציקע, פריינטלעכע נשמה, איבערגעפולט מיט רחמנות און פאַרשטענדעניש, און זיין באַלוינונג באַשטייט אין דער אינערלעכער צופרידנקייט, וואָס דרינגט אַרויס פון זיין גלויבן, אַז ער איז אַ נוצלעכער מענטש פאַר אַנדערע.

אָפּגעבנדיק זיין צייט, ענערגיע און פעאיקייטן אויף זיין באַשיידענעם אופן, סימבאָליזירט ער מיט דעם דעם אמתן זון פון פליכט — דעם ריכטיקן בני ברית. איך באַגריס „הר סיני לאָדזש" פאַר אָפּגעבן כבוד



אין צענטער דזשאָ פּאָול און זיין פרוי.

דזשאָו פּאָול, ווייל דערמיט פאַרשאַפט „הר סיני לאָדזש" כּבוד און אָנער־קענונג זיך אַליין און אַלע פון בני ברית."

אין שייכות מיט דער פייערלעכער באַערונג פון דזשאָו פּאָול, וואָס איז אָראַנזשירט געוואָרן דורך דער פילאַדעלפיער „בני ברית", שרייבט מעטיו קרעמער אין זיין אַרטיקל א"נ „אַ פשוט וואָרט פון פריינטשאַפט איז מוזיק פאַר דער נשמה", פאָלגענדיקס:

„ווען קאָן עס פאַרגעסן אונדזער פרעכטיקע באַגעגעניש דעם לעצטן חודש? ביי די אַלע, וואָס האָבן בייגעוווינט דעם „הר סיני"־מיטינג און ביי די וועלכע זענען געווען אָפּוועזנד, אָבער וואָס האָבן זיכער געהערט וועגן דעם, פרעגן מיר פאַרטרוילעך: — איז עס נישט געווען גרויסאַרטיק?

די אויסצייכענונג פאַר דזשאָו פּאָול, וואָס דער פּרעזידענט טאַמי מאָריס האָט אים איבערגעגעבן אין נאָמען פון „הר סיני", איז געווען באמת אַ פּרעזענטאַציע צו איינעם פון גאָטס אויסדערוויילטע קינדער און צו איינעם פון די איבערגעגעבענע טוערס פאַר ישראל. און ווער קאָן עס פאַרגעסן דזשאָוס וואַרעם־האַרציקן, באַשיידענעם, פול מיט טרערן און געלעכטער, ענטפער אין דעם גוטן און אַלטן מאַמע־לשון?

— גלויבט מיר, — האָט דזשאָו געענטפערט — מיין פילאַנטראָפּי־שע און מיין הילפס־אַרבעט פאַר דער תפיסה איז אַ גרויסער דערפאָלג אַדאַנק מיין פאַרשטענדלעך און געדולדיק ווייב. ווי וואָלט אייער ווייב געפילט, ווען מענטשן האַלטן איר אין איין פרעגן: „ווו איז אייער מאַן? — און זי מוז כסדר ענטפערן: — ער איז אין תפיסה..."

**
*

אין יאָר 1952 האָבן די ניי־געקומענע אָראַנזשירט פאַר דזשאָו פּאָול אַ דאַנק־אָוונט, וואָס איז פאָרגעקומען אין פליישערס אוידיטאָריום פון דער „וואַי". 1500 מענטשן האָבן זיך פאַרזאַמלט, כּדי צו באַערן דזשאָו פּאָול און אויסצודריקן אים דאַנקבאַרקייט פאַר דעם וואָס ער האָט פאַר זיי געטאָן, און פאַר דער הילף וואָס ער האָט זיי געגעבן ביים איינאָרדע־נען זיך אין זייער ניי־אַדאָפּטירט לאַנד, אין דער פרייער אַמעריקע. דער פאָרזיצער פונעם אָוונט איז געווען דער פילאַדעלפיער מענעדזשער פון „פאָרווערטס", ה. בערגער. ער האָט אָנגעוויזן אויף די גרויסע פאַרדינסטן וואָס דזשאָו פּאָול, דער פאָלקסמענטש מיטן גרויסן האַרץ, האָט געטאָן



דזשאָו פּאָולס אייניקל, שיינדל אַראָנאָוויץ.

פֿאַר די ניי־אָריבערגעקומענע, וועלכע ער האָט אויפֿגענומען מיט אָפֿענע אָרעמס און זיי געהאָלפֿן זיך איינאָרדענען אין זייער נייער היים. דער ראַבאַי ה. ב. קעלמאַן, וועלכער איז אַליין אַ ניי־געקומענער, האָט אין זיין באַגריסונג געזאָגט, אַז פֿיר טעג נאָך דעם ווי ער איז געווען אין לאַנד, האָט ער געקראָגן זיין ערשטן פּאָסטן אַדאַנק דער הילף פֿון דזשאָו פּאָול.

דער באַוווּסטער פֿילאַדעלפֿיער כירורג, פּראָפֿעסאָר ד״ר בעבקאָק, רעדט וועגן די גרויסע פֿאַרדינסטן פֿון דזשאָו פּאָול, מיט וועלכן ער איז — ווי ער האָט געזאָגט — באַפֿריינדעט שוין פֿיל יאָרן. ער לויבט אים שטאַרק און שטעלט אים אַרויס ווי אַ מוסטער פֿאַר אַנדערע.

פּרענסיס העריסאָן, עקזעקוטיוו־דירעקטאָר פֿון דער יידישער צדקה־פֿעדעראַציע; טעס קאָרנס, עקזעקוטיוו־דירעקטאָר פֿון נאַציאָנאַלן קאָנסיל פֿון יידישע פֿרויען; בענדזשאַמין ספּראַווקין, עקזעקוטיוו־דירעקטאָר פֿון „פֿעמילי סירוויס״; וויליאַם מ. גוירבער; אַלבערט קאָהן, פֿון בני ברית; מאָרי לעווין, עקזעקוטיוו־דירעקטאָר פֿון „האַיאַס״; סעמועל סאָסין, פּרע־זידענט פֿון דער בעקער־יוניאָן — אַלע האָבן אָנגעוויזן אויף דער וויכטי־קער ראָל, וואָס דזשאָו פּאָול שפּילט אינעם היגן יידישן לעבן, און אויף דער הילף, וואָס זיי איז אויסגעקומען צו געבן ביים אַהערברענגען און איינאָרדענען יידישע פּליטים, אויף דער אָנווייזונג און פֿאַרלאַנג פֿון דזשאָו פּאָול.

דער פֿאַרבאַנד פֿון ניי־געקומענע אין פֿילאַדעלפֿיע האָט פּרעזענטירט דזשאָון מיט אַ גאָלדענעם טאַפּל, אויף וועלכן עס געפֿינט זיך פֿאָלגנדיקע אויפֿשריפֿט:

„פּרעזענטירט מיט טיפֿער דאַנקבאַרקייט צו דזשאָו פּאָול, וועמענס פֿירנדיקע האַנט, וואַרעם האַרץ און פּערזענלעכע קרבנות־גרייטקייט האָט אונדז דערמעגלעכט איינצואָרדענען אונדזערע היימען און צוריק אויפֿ־בויען אונדזער לעבן אינעם לאַנד פֿון פֿרייהייט.״ אונטערגעשריבן — „ניי־געקומענע אין פֿילאַדעלפֿיע״.

דער פֿאָרזיצער פֿונעם אָוונט, הערי בערגער, האָט רעדנדיק וועגן דזשאָו פּאָול, געזאָגט צווישן אַנדערן:

„זיין גבורה איז גרויס, אָבער זיין גייסטיקע גבורה — נאָך גרע־סער און שטאַרקער דערמיט, וואָס ער העלפֿט מענטשן, איז אַ מכניס־

אורח, האַלט אָפּן די טיר פאַר יידישע שרייבער און קינסטלער, שטיצט דאָס יידישע בוך און אַלץ, וואָס איז יידיש. דער יום־טוב לכבוד דזשאָו פּאָול איז אַ פּאַרדינטער. דער בעסטער סימן — דער ריזיקער עולם, וואָס איז געקומען אים באַערן.״

דזשאָו פּאָול — דאָס איז אַן אייגנאַרטיקע, פילפאַרביקע און זעלבסט־שטענדיקע אינסטיטוציע.

## דזשאָו פּאָול — דער גיבור מיט אַ גרויסער נשמה

אַזוי האָט אים אָנגערופן דער פאַרשטאָרבענער יידישער דיכטער פון מעקסיקע יצחק בערלינער, ווען ער האָט דערציילט ווי אַזוי ער האָט זיך באַגעגנט און באַקאַנט מיט דעם זעלטענעם ייד און מענטשן — דזשאָו פּאָול.

— די באַגעגעניש — האָט געזאָגט בערלינער — האָב איך צו פאַר־דאַנקען מיין גוטן און ליבן פריינט ד״ר וואָלף ניימאַן, וועלכער האָט ווי אַ ברודער געוואַכט ביי מיין קראַנקן־בעט און איז נישט אָפּגעטראָטן פון מיר ביז איך בין אַרויס פון שפּיטאָל.

יצחק בערלינער האָט דורכגעמאַכט אַ שווערע אָפּעראַציע אין פילאַ־דעלפיע, אין יאָר 1947. דער פאַרשטאָרבענער דיכטער, וועלכער איז געווען רעדאַקטאָר פון דער ליטעראַרישער ביילאַגע פון דער יידישער צייטונג אין מעקסיקע „די שטימע״, באַשרייבט זיין אויפהאַלט אין פילאַ־דעלפיער שפּיטאָל.

„עס האָט זיך געעפנט די טיר פון מיין קראַנקן־צימער און לעבן מיין בעט האָט זיך אָוועקגעשטעלט אַ הויכער און פעסט־געבויטער מאַן און ברייט אַ שמייכל געטאָן. מיט אַ זאַפטיקן פּוילישן יידיש האָט ער אָנגע־הויבן רעדן צו מיר בזה הלשון: „וואָס מאַכסטו עפּעס, יצחק? איך בין יוסף פּאָול. דאָ, אין פילאַדעלפיע, רופט מען מיך דזשאָו. וועלוול (ד״ר ניימאַן) האָט מיר אַ סך דערציילט וועגן דיר. איך — ווי דו זעסט — בין אַ געוויינלעכער ייד, נאָר איך האָב ליב אַלע מענטשן, וואָס שאַפן און טוען עפּעס פאַרן אויפהאַלט פון אונדזער יידישקייט און יידישן פאָלק. די שאַפנדיקע יידישע מענטשן זענען מיר נאָענט און טייער און — אויב מען באַהאַנדלט דיך דאָ נישט אַזוי גוט, דאַרפסטו נאָר געבן צו מיר אַ פּיפּס און דו וועסט באַהאַנדלט ווערן דאָ אין שפּיטאָל, ווי אַ פּרינץ...״

דזשאָו פּאָול האָט נאָך אַלץ גערעדט צו מיר און איך — ליגנדיק אין

בעט — האָב באַטראַכט דעם דאָזיקן מערקווירדיקן מענטש, וועלכער זעט מיך דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן און רופט מיך שוין ביי מיין ערשטן נאָמען און רעדט צו מיר אויף „דו" מיט אַזאַ גוטברודערישקייט, ווי ער וואָלט מיך געקענט אַ שאָק מיט יאָרן... אָבער דער פּשוטער צוגאַנג און אויפריכטיקע אָפנהאַרציקייט האָבן מיך גלייך דערנענטערט צו דעם דאָזיקן מענטש און מיך אינטריגירט צו דערקענען אים פון דער נאָענט.

צומאָרגנס, נאָך דער דאָזיקער באַגעגעניש, האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן אין מיין צימער — אַחוץ מיינע, שוין פון פריער באַשטימטע דאָקטוירים — נאָך אַנדערע אָנגעזעענע דאָקטוירים פון שפּיטאָל, מיך אַרומגערינגלט מיט וואַרעמקייט, מיך אויסגעפרעגט וועגן מיין צושטאַנד און צום סוף מיר געזאָגט, אַז דזשאָו פּאָול — זייער גרויסער פריינט — האָט גערעדט מיט זיי וועגן מיר... איך בין געוועזן דערשטוינט צו הערן מיט וויפל יראת־הכבוד אָט די גרויסע, אָנגעזעענע מעדיקער — צווישן זיי ד"ר דזשאָנאַס און ד"ר וייסיס — האָבן גערעדט וועגן דזשאָו פּאָול.

מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער איז דזשאָו ווידער געקומען מיך מבקר־חולה זיין און מיט דער זעלביקער צוגעלאָזנקייט זיינער האָט ער מיך אַ פרעג געטאָן:

— ווען אָפּערירט מען דיך?

— אין דריי טעג אַרום.

— אויב דו וועסט דאַרפן בלוט, יצחק, זיי וויסן, אַז איך גיב בלוט!...

און אין איין איינציקער רגע האָב איך געפילט, אַז איך בלייב אַן לשון פאַר געוואַלדיקער דערשטוינונג. איך האָב געפּלעפט — ווי קומט דער מענטש, וואָס האָט מיך קיינמאָל פריער ניט געקענט און האָט נאָך אַזוי ווייניק גערעדט מיט מיר, צו טאָן אַזאַ זאַך? — אָבער אַריינקוקנדיק אין זיין ערנסט און אָפענעם פּנים, האָב איך באַמערקט, אַז איך קען נישט זאָגן ניין, ווייל מיט מיין ניין־זאָגן וואָלט איך דעם דאָזיקן גוטהאַרציקן און ערלעכן מענטש ווייי־געטאָן ביז אין דער טיפעניש פון זיין נשמה. פאַר מיר איז געשטאַנען, אין זיין גאַנצער הויך און ברייט, אַ שטייף־אַקסלדיקער מענטש־ריז. זיין פיזישער שטעל האָט דערמאָנט אין די אַטלעטן־פיגורן פון די געטער אין דער גריכישער מיטאָלאָגיע. אָבער די נשמהדיקייט פון דעם דאָזיקן מענטש און ייד, האָב איך געטראַכט, איז

געוויס גובר זיין אויסערגעוויינלעכע פיזישע גבורה. און איך האָב זיך נישט אָפּגענאַרט.

...דזשאָו פּאָול האָט פון קינדווייז אָן געלעבט שטענדיק פון שווע־רער אַרבעט. זיין קצבישע מלאכה און זיין איינגעבוירענע פיזישע גבורה האָבן אים געגעבן אַ ריזיקן גופיקן כוח און, גלייכצייטיק, אים געמאַכט זען דאָס נישט־גלייכקייט אויף דער וועלט און דאָס אומרעכט, וואָס ווערט באַגאַנגען פון מענטש צו מענטש...״

אין אָקטאָבער 1952 האָט דזשאָו פּאָול דערהאַלטן אַ בריוו פון יצחק בערלינער פון מעקסיקע, און ער האָט אים געבעטן צו טאָן אַלעס מעג־לעכע, אַז דער פאַרדינסטפולער יידישער קולטור־טוער פון מעקסיקע, יעקב אייבראַמס, זאָל קאָנען קריגן אַ וויזע אַריינצוקומען קיין אַמעריקע. איי־בראַמס האָט געהאַט אַ קאַנסער אין האַלדז און ס׳איז פּשוט געווען אַ לעבנס־פראַגע פאַר אים.

אייבראַמס האָט געהערט אין מעקסיקע צו די פּאָפּולערסטע געזעל־שאַפטלעכע טוערס און איז געווען איינער פון די פּיאָנערן פונעם יידישן לעבן אין מעקסיקע.

פאַרוואָס האָט מען אייבראַמסן אָפּגעזאָגט די אַמעריקאַנער וויזע?

מיט איבער דרייסיק יאָר צוריק איז אייבראַמס פאַרמשפּט געוואָרן אין די פאַראייניקטע שטאַטן צו 20 יאָר תּפיסה פאַר אַנאַרכיסטישער טע־טיקייט. נאָכן אָפּזיצן דריי יאָר האָט מען אים געגעבן אַ ברירה: אָדער אָפּזיצן דעם גאַנצן תּפיסה־אורטייל, אָדער דעפּאָרטירט ווערן מיטן תּנאי, אַז ער וועט קיינמאָל מער נישט צוריקקומען אין די שטאַטן.

די דאָזיקע רעוואָלוציאָנערע זינד איז אים שוין נאָכגעגאַנגען זיין גאַנץ לעבן. גראָד איז דער בריוו פון בערלינערן אָנגעקומען אין אַ צייט, ווען עס האָט געבושעוועט אין לאַנד דער ״מעק־אַרטיזם״... האָט מען אייבראַמסן באַין אופן נישט געוואָלט געבן די דערלויבעניש צו קומען קיין אַמעריקע.

פאַר דזשאָון עקזיסטירט אָבער נישט קיין אוממעגלעכעס. ער איז גלייך אַוועק צו איינעם פון די גרעסטע קאַנסער־ספּעציאַליסטן פונעם ״טעמפּל־שפּיטאָל״ אין פילאַדעלפיע, ד״ר שעוואַליע דזשעקסאָן. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ד״ר דזשעקסאָן האָט שוין אַמאָל באַהאַנדלט אייב־ראַמסן. דזשאָו האָט אים געבעטן, ער זאָל תּיכף אַרויסשיקן אַ בריוו צום

אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר אין מעקסיקע. דער בריוו, מיט פאָלגנדיקן אינהאַלט, איז באַלד אַוועקגעשיקט געוואָרן.

„צו דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדע אין מעקסיקאָ סיטי, מעקסיקאָ.

זייער חשובער הער אַמבאַסאַדאָר:

איך וואָלט אייך דאַנקבאַר געווען, ווען איר וואָלט דערלויבט מר. יעקב אייבראַמס נאָכאַמאָל צו קומען אין די פאַראייניקטע שטאַטן, כדי דורכצומאַכן אין פילאַדעלפיע אַ גרינטלעכע אונטערזוכונג פון זיין האַלדז. מר. אייבראַמס איז שוין אַמאָל געווען אונטער מיין אָבסערוואַציע אין שפּיטאָל פונעם „טעמפּל־אוניווערזיטעט", פון דעם 5טן יוני ביזן 10טן יולי 1952. פאַרשטייט זיך, אַז מיר וועלן אויף יעדן אופן קאָאָפּערירן מיט די אינסטרוקציעס, וואָס מיר וועלן באַקומען פון אייך.

מיר פאַרזיכערן אייך, אַז מיר וועלן ווי געהעריק אָפּשאַצן אייער דערמעגלעכן אונדז פאָרצוזעצן די מעדיצינישע באַהאַנדלונג פון מר. אייבראַמס.

אייער איבערגעגעבענער (—) שעוואַליע ל. דזשעקסאָן."

גלייכצייטיק האָט דזשאָו פּאָול דערהאַלטן פון ד"ר דזשעקסאָן פאָל־גנדיקן בריוו:

„איך שיק אייך איבער אַ קאָפּיע פונעם בריוו, וואָס כ'האָב אַוועק־געשיקט מיט אַ פּאָר טעג צוריק צום אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר אין מעק־סיקאָ. איך האָב געבעטן ווי אַמשנעלסטן צו דערליידיקן די וויזע פאַר מר. אייבראַמס. איך האָף, אַז איר, דזשאָו, וועט קענען צוהעלפן צוצואיילן דעם דאָזיקן ענין. אייער איבערגעגעבענער (—) שעוואַליע דזשעקסאָן."

און דזשאָו האָט דעם ענין טאַקע צוגעאײַלט.

עס האָט גענומען נאָך אַ פּאָר טעג און אייבראַמס איז אָנגעקומען קיין פילאַדעלפיע.

— איך האָב ביים לופט־פּאָרט — דערציילט דזשאָו פּאָול — אָפּ־געוואַרט אייבראַמסן, זיין פרוי און דעם באַגלייטער, וואָס איז מיט אים געפלויגן פון דער מעקסיקאַנער גרענעץ אָן, כדי אכטונג צו געבן, אַז אייבראַמס זאָל, ח"ו, נישט רופן צו קיין רעוואָלוציע...

אייבראַמס האָט געליטן פון אַ האַלדז־קאַנסער און מען האָט אים דאָס מאָל געמוזט באַזייטיקן די שטים־בענדער.

און יצחק בערלינער שרייבט וועגן דעם אין דער מעקסיקאַנער „שטימע":

„דער כלל־טוער און זעלטענער מענטשן־פריינט דזשאָו פּאָול — אַ מענטש מיט אַ גרויסער נשמה, האָט אַ סך געהאָלפן צו אייבראַמס אַריינפּאָר אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון צפון־אַמעריקע... ער האָט דעם קראַנקן אַרומגערינגלט מיט ברודערלעכער גוטסקייט און געטאָן אַלץ, כדי גרינגער צו מאַכן זיינע ליידן. אָבער — מען קאָן נישט גיין קעגן גורל — מיט אַ יאָר שפּעטער, ד"ה אין 1953, איז אייבראַמס אַוועק פון דער וועלט."

— יאָ, — זאָגט דזשאָו פּאָול, דערמאָנענדיק די געשיכטע מיט אייבראַמסן — דאָס איז געווען איינע פון די שרעקלעכסטע טראַגעדיעס, וואָס איך האָב געזען. דער מענטש, וואָס האָט מיט זיין שטורעמדיקן וואָרט אַמאָל אָנגעצונדן און מיטגעריסן מאַסן, האָט פאַרלוירן ס'לשון... מען האָט אים צוגענומען זיין טייערסטן אינסטרומענט... דאָך איז דער ווילן צום לעבן ביי אים געווען זייער גרויס. אָט ליגט פאַר מיר זיין בריוו, אין וועלכן ער האָט מיך געבעטן אויסצואַרבעטן פאַר אים די דערלויבעניש צו קומען קיין אַמעריקע.

„עס איז שוין אַ פּאָר יאָר" — שרייבט ער — „ווי איך לייד אויף מיין האַלדז. איך האָב שוין באַזוכט כמעט אַלע דאָקטוירים אין מעקסיקע, אָבער אַלץ — אָן רעזולטאַטן. דער איינציקער דאָקטאָר, וואָס ווייס באמת פון מיינע האַלדז־ליידן איז ד"ר דזשעקסאָן פון פילאַדעלפיער „אוניווערזיטעט־שפּיטאָל". איך בין דאָרט געווען אַ פּאָר וואָכן אונטער זיין אויפזיכט, אָבער לײדער האָט מען מיך געצוווּנגען צו פאַרלאָזן דעם שפּיטאָל פריער ווי איך האָב געדאַרפט...

היינט האָבן זיך מיינע ליידן אַזוי פאַרשטאַרקט, אַז איך בין גרייט אַלץ איבערצולאָזן און אַהינצוקומען אויף ווי לאַנג עס וועט נאָר נייטיק זיין. מיין איינציקע צרה איז, וואָס איך האָב שוועריקייטן צו קריגן אַ וויזע פון די פאַראייניקטע שטאַטן. דער איינציקער מענטש, וואָס קאָן אין דעם פּרט עפּעס העלפן, איז ד"ר דזשעקסאָן. אויב ער וועט אַריינשיקן דירעקט קיין וואַשינגטאָן אַ בקשה און דערקלערן, אַז עס איז פּשוט אַ פראַגע וועגן לעבן און טויט, וועט וואַשינגטאָן אפשר געבן די וויזע. ד"ר דזשעקסאָן איז געווען אַזוי פריינטלעך און מ'ר אַריינגעשיקט אַ

בריוו צום היגן קאָנסולאַט, אָבער דאָס איז נישט געגוג. דער קאָנסול האָט מיר געזאָגט, אַז דער בריוו דאַרף ווערן אַדרעסירט דירעקט צו די אינס־טאַנצן אין וואַשינגטאָן.

צי וואָלט איר געוואָלט מיר טאָן די גרויסע טובה — זי איז אַ סך גרעסער ווי איר קענט זיך עס גאָר פאָרשטעלן — און איבעררעדן וועגן מיר מיט ד״ר דזשעקסאָן? אויב ד״ר דזשעקסאָן געפינט זיך נישט אין שטאָט, קאָנט איר רעדן מיט ד״ר נאָריס, וועלכער האָט מיך באַהאַנדלט ווען איך בין געווען אין „אוניווערזיטעט־שפיטאָל״.

איך דאַנק אייך פאָראויס אַ מיליאָן מאָל און בעט אייך, זייט מיר מוחל, וואָס איך באַומרואיק אייך אַזוי. אָבער פון דעם וואָס איך ווייס



דער פאַרשטאָרבענער יעקב אייבראַמס און פרוי, צוזאַמען מיט דזשאָו פאָול, אין זיין הויז

וועגן אייך, זענט איר פון דעם סאָרט מענטש, וואָס וועט טאָן אַלץ וואָס עס איז אין אייער קראַפט צו העלפן אַן אַנדערן מענטשן.

מיט די בעסטע גרוסן, אייער (—) י. אייבראַמס.״

דזשאָו האָט אַלץ אַמבעסטן דערליידיקט. אייבראַמס האָט באַקומען די וויזע, ער איז געקומען קיין פילאַדעלפיע און יעדע צוויי וואָכן האָט זיך וואַשינגטאָן געווענדעט צו ד״ר ש. ל. דזשעקסאָן, ער זאָל באַנייען אייבראַמס וויזע.

— ליידער — פאַרענדיקט דזשאָו פּאָול — האָבן אַלע באַמיאונגען שוין גאָרנישט געהאָלפן. אייבראַמס האָט זיך געמאַטערט נאָך אַ גאַנץ יאָר. דער זעלטן איידעלער מענטש, וואָס האָט געשטרעבט צו אַ בעסערער וועלט און אַ גליקלעכערער מענטשהייט, האָט אויסגעהויכט זיין טיף־צאַרטע נשמה...



מ אַ ר ט י ן  ג אָ ל ד

כדי בולטער צו מאַכן די באַדייטונג פון דזשאָו פּאָולס הילף, וואָס ער גיט אויך צו אינדיווידועלע מענטשן, וואָס פאַרנעמען ניט קיין פּראָמינענטע פּאָזיציעס; וואָס האָבן נישט קיין גרויסע נעמען און זענען נישט באַקאַנט אין דער עפנטלעכקייט, וויל איך, צווישן די פיל הונדערטער פאַלן, ברענגען בלויז איינעם, וואָס האָט אַ שייכות מיט אַ יונגן בחור. איך וועל אָנהייבן מיט אַ בריוו, וועלכן ער האָט געשריבן צו דזשאָו פּאָול:

„טייערער מר. פּאָול! — איך וויל אייך האַרציק באַדאַנקען פאַר העלפן מיר און דערמעגלעכן צו באַקומען דעם סקאַלערשיפּ (סטיפּענדיע). איך שעץ הויך אייער הילף, וואָס איר האָט מיר געגעבן. אייער (—) מאַרטין גאָלד.״

דער דאָזיקער פילאַדעלפיער יונגערמאַן, מיטן נאָמען מאַרטין גאָלד, איז אַ פּאָליאָ־קראַנקער. ער איז פּאַראַליזירט געוואָרן אַלט זייענדיק 12

יאָר. מער ווי פיר יאָר האָט ער פאַרבראַכט אין פאַרשיידענע שפּיטאָלן. זיין מיטלשול־בילדונג האָט ער באַקומען בעת זיין פאַרברענגען אין שפּי־טאָל.

זייענדיק פאַראינטערעסירט אין ביאָ־כעמיע, האָט ער שעהן־לאַנג פאַרבראַכט, יעדן טאָג, אין דער לאַבאָראַטאָריע, וועלכע די שפּיטאָל־פאַר־וואַלטונג האָט אים דערמעגלעכט איינצואָרדענען אין זיין שפּיטאָל־צימער. מיט אַן אומבאַשרייבלעכן דורשט נאָך וויסן און מיט אַן אייזערנעם ווילן האָט דער כמעט אינגאַנצן פּאַראַליזירטער מאַרטין נישט אויפגעהערט צו אַרבעטן און שטודירן, ביז ער האָט באַקומען אַ מאַגיסטער־דיפּלאָם פון וויסנשאַפט אין מעדיקל־סקול (מעדיציניש שול) אין האַנעמאַן, דער־נאָך — אַ דיפּלאָם אַלס פאַרמאַצעווט און אַ מעדאַל פון אַמעריקאַנער אינסטיטוט פאַר כעמיע.

מאַרטין גאָלד, דער ביז גאָר פעאיקער יונגערמאַן, האָט נישט איבער־געריסן זיין שטודיום. ער גרייט זיך צו ווערן אַ דאָקטאָר פון פילאָזאָפיע אין ביאָ־כעמיע; אַ פאָרשער אין ענזימאָלאָגיע און אַ לערער.

אין שייכות מיט דער הילף, וואָס ער האָט געגעבן דעם יונגן באַ־גאַבטן בחור, האָט מיר דזשאָו פאָול געזאָגט:

— ווען עס האַנדלט זיך וועגן שאַפן געלט פאַר אַן אינסטיטוציע, קומט עס אָן אַ סך לייכטער. מען דאַרף נאָר מאַכן אַ געלט־זאַמלונג און ס׳פליסן אַריין גרויסע סומעס געלט, וואָרעם די נעמען פון די געלט־געבער ווערן פאַרעפנטלעכט און באַקאַנט געמאַכט אין דער ברייטער וועלט. פאַר אַ יחיד אָבער איז שווערער צו מאַכן „קאַמפּיינס“. איז ווער זאָל זיי העלפן? ווער זאָל די איינצלנע, פאַרלאָזענע און טיילמאָל ביז גאָר באַגאַבטע יחידים, העלפן אַרויפצוקלעטערן אויף דעם לייטער פון דערפאָלג? ווער זאָל העלפן מענטשן צוריקצושטעלן זיך אויף די פיס?

איז עס דען נישט אונדזער הייליקסטער חוב צו רעהאַביליטירן די דאָזיקע מענטשן?

ווער ווייס וויפל פאַרבאָרגענע טאַלאַנטן, וועלכע וואָלטן געקאָנט אַ סך נוצן ברענגען דעם לאַנד און דער מענטשהייט, גייען לאיבוד, ווייל זיי האָבן נישט די געהעריקע שטיצע. אויסצוזוכן די דאָזיקע אומבאַקאַנטע מענטשן — פאַרענדיקט דזשאָו פאָול — האַלט איך פונקט אַזוי וויכטיק, ווי שטיצן און אַרבעטן לטובת גוט־עטאַבלירטע אינסטיטוציעס.

## קראַנקע אין ישראל האָבן אַן אַדרעס אין פילאַדעלפיע — דזשאָו פּאָול

סוף אַפּריל 1954 האָט דזשאָו פּאָול דערהאַלטן פונעם ישראל גענע־ראַל־קאָנסולאַט אין ניו־יאָרק, פאָלגנדיקן בריוו:

„חשובער מר. פּאָול,

מר. ריינהערץ, אַ מלחמה־וועטעראַן פון ישראל, האָט אונדז איבער־געגעבן וועגן אייער זאָרג און גרויסמוטיקייט, וועלכע איר האָט אים אַרויסגעוויזן די גאַנצע צייט בעת זיין קראַנקייט אין פילאַדעלפיע.

מיר בעטן אייך אָנצונעמען אונדזער האַרציקן דאַנק פאַר אייער פאַר־אינטערעסירונג מיט מר. ריינהערץ. דאָס איז פאַר אים געווען ספּעציעל וויכטיק, ווייל ער האָט נישט געהאַט אין פילאַדעלפיע קיין קרובים אָדער באַקאַנטע, וואָס זאָלן זיך מיט אים פאַרנעמען אין דעם, פאַר אים, פיינ־לעכן פּעריאָד.

מיר דריקן אייך נאָכאַמאָל אויס אונדזער דאַנקבאַרקייט.

אייער (—) משה אופיר, וויצע־קאָנסול.“

און איצט, ווער איז מרדכי ריינהערץ?

עס איז כדאַי צו ברענגען אַ פּאָר פּרטים פון זיין לעבן, ווייל נישט געקוקט אויף זיין יונגן עלטער, האָט שוין ריינהערץ באַוויזן דורכצומאַכן און דורכצוגיין אַלע שבעה מדורי גהינום.

ווען ס׳איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה איז מרדכי ריינ־הערץ אַלט געווען קוים 13 יאָר. צוזאַמען מיט זיין משפחה און אַנדערע טויזנטער יידן פון קראָקע — ער שטאַמט פון דער דאָזיקער שטאָט — האָט ער דורכגעמאַכט די שווערע און אומענדלעכע וואָגלענישן איבער געטאָס און קאָנצענטראַציע־לאַגערן.

אין פּלאַשאָווער לאַגער האָט ער פאַרלוירן זיין מוטער, שוועסטער און ברידער. מרדכין האָט מען, צוזאַמען מיט זיין פאָטער, אַוועקגעשיקט

קיין דייטשלאַנד, ווו זיי האָבן געשמאַכט אין פאַרשיידענע קאָנצענטראַ־ציע־לאַגערן, ביז זיי זענען אָנגעקומען קיין בוכענוואַלד. אין דעם דאָזיקן שרעקלעכן לאַגער האָט מרדכי פאַרלוירן זיין פאָטער, מיט וועלכן ער האָט זיך ביז דעמאָלט געהאַלטן די גאַנצע צייט צוזאַמען.

אין משך פון די זעקס יאָר איז מרדכי ריינהערץ אויסגעקומען דורכ־צומאַכן אַ שווערן און פיינפולן וועג, — אַ וועג מיט איבערמענטשלעכע ליידן, וועלכע האָבן זיך צום גליק געענדיקט דעם 8טן מאַי 1945, ווען ער איז באַפרייט געוואָרן דורך דער רוסישער אַרמיי.

מרדכי ריינהערץ האָט זיך אומגעקערט אין זיין היימשטאָט קראָקע, — אפשר וועט ער דאָך געפינען עמיצן פון זיינע קרובים. לאַנג איז אים אָבער נישט אויסגעקומען צו זיין אין קראָקע. עס איז דאָרט אויסגעבראָכן אַ פּאָגראָם אויף יידן און ער איז ווידער געלאָפן, דאָס מאָל מיטן ציל — עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל. ערשט אין יאָר 1947 איז אים געלונגען צו קומען קיין מאַרסעל, פראַנקרייך, און מיט דער באַרימט־געוואָרענער שיף „יציאת אורופה תשי״ז״, אָדער ווי זי איז אין דער בריטער וועלט באַ־קאַנט געוואָרן אַלס: „עקזאָדוס״, האָט ער זיך געלאָזט צום יידישן היים־לאַנד. די ענגלענדער האָבן, ווי באַוווסט, פאַרכאַפּט די שיף. עס איז גע־קומען צו אַ צוזאַמענשטויס. צווישן די וועלכע האָבן געשטעלט די ענג־לענדער אַ ווידערשטאַנד, איז געווען אויך מרדכי ריינהערץ. די ענגלענ־דער האָבן די שיף צוריקגעבראַכט קיין האַמבורג, דייטשלאַנד, און דעם גאַנצן עולם אַריינגעזעצט אין אַ דערביי־ליגנדיקן לאַגער, עמדען.

מרדכי ריינהערץ איז, צוזאַמען מיט נאָך אַ חבר פון די עולים, אויס־געוויילט געוואָרן אַלס פאַראַנטוואָרטלעכער פאַר די פאַרפלעגונג פון די 4,500 מעפּילים.

זייענדיק אין דעם לאַגער האָט זיך ריינהערץ פרייוויליק מאָבילי־זירט אין דער „הגנה״, ווו ער האָט אין משך פון 4 חדשים דורכגעמאַכט, אין געהיים, מיליטערישע איבונגען.

אין אַפּריל 1948 האָט ער זיך צום צווייטן מאָל געלאָזט קיין ישראל — דאָס מאָל אויף פאַלשע פּאַפּירן, אַלס טוריסט. נישט באַוויזן אַראָפּ־צוגיין פון שיף, איז ער גלייך אַריין אין מיליטערישן מונדיר און אַוועק אויפן פראָנט צום קאַמף. ער האָט אָנטיילגענומען אין פאַרשיידענע שווע־רע שלאַכטן און זיך שטאַרק אויסגעצייכנט אין די קאַמפן פון עמק הירדן.

בעת איינער פון די שלאַכטן איז ער פאַרוווּנדעט געוואָרן אין לינקן שול־טער. נאָכן דורכמאַכן אַן אָפּעראַציע און אויסהיילן די וווּנד, איז ער ווי־דער אַוועק צום צה״ל (אַרמיי). אין אַפּריל 1949 איז ער באַפרייט געוואָרן פון מיליטער־דינסט.

אַלס מלחמה־וועטעראַן איז ער אויפגענומען געוואָרן אין „חברת החשמל״, ווו ער אַרבעט ביזן היינטיקן טאָג. אין יאָר 1956 האָט ער חתונה געהאַט מיט אַ קראַנקן־שוועסטער פון שפּיטאָל אין חיפה. איר נאָ־



מרדכי ריינהערץ אין טאָג פון זיין חתונה.

מען איז ראַלאַ גורפינקעל און זי שטאַמט פון וואַרשע. זי האָט אים גע־בוירן אַ טעכטערל און זיי פירן אַ רואיק און גליקלעך לעבן.

באַקענענדיק זיך מיטן לעבן פונעם העלדישן מרדכי ריינהערץ, קאָ־נען מיר שוין איבערגיין צום עצם־ענין.

איך האָב דעם אויבנדערמאָנטן מרדכי ריינהערץ באַגעגנט אין יאָר

1955 אין ישראל, בעת מיין דאָרטיקן באַזוך. רעדנדיק וועגן דזשאָו פּאָ־ל, האָט מיר מרדכי רײנהערץ געזאָגט:

— עס פעלן מיר פשוט ווערטער איבערצוגעבן וועגן דער וואַרעמער באַציאונג, וואָס דער ליבער דזשאָו פּאָול האָט מיר אַרויסגעוויזן, בעת מיין זיין אין פילאַדעלפיע, נאָך אַ שווערער אָפּעראַציע. איך ווייס נישט צי עס וועט גאָר מעגלעך זיין צו באַצאָלן דעם הייליקן חוב, וועלכן איך בין שולדיק דעם טייערן ייד און מענטש — דזשאָו פּאָול... ליגנדיק דאָרט אין שפּיטאָל אַ לענגערע צייט, האָב איך געהערט ממש לעגענדעס וועגן דער איבערמענטשלעכער גוטסקייט פון דזשאָו פּאָול.

ווען איך האָב רײנהערצן, צווישן אַנדערס, געזאָגט, אַז איך גרייט זיך צו שרייבן אַ בוך וועגן דזשאָו פּאָול, האָט ער מיך געבעטן דורכאויס צו דערמאָנען זיינע „אַמעריקאַנער איבערלעבונגען", וואָס זענען פאַר־בונדן מיט דזשאָו פּאָול. ביי דער געלעגנהייט גיב איך שוין איבער אויך זיינע איבערלעבונגען, וואָס זענען פאַרבונדן מיט דעם טראַגישן קאַפּיטל פון אונדזערע יידישע קינדער פון דער צייט פון דער היטלער־תקופה — ביזן אָנהייב פון אַ ניי, העלדיש קאַפּיטל: באַפרייאונגס־מלחמה אין ישראל.

מיט אַ צייט צוריק האָב איך פון מרדכי רײנהערץ דערהאַלטן אַ בריוו פון ישראל, וועלכן איך גיב דאָ איבער וואָרט ביי וואָרט:

„זייער געערטער מר. יאָנאַס טורקאָוו,

איך וועל אייך זייער דאַנקבאַר זיין, אויב איר וועט באַאַרבעטן מיין מאַטעריאַל, וועלכן איך שיק אייך צו וועגן דזשאָו פּאָול און איר וועט זאָרגן, אַז מיין חלק אין בוך זאָל ווי אַמבעסטן פיגורירן.

איך האָב זיך באַקענט מיט דזשאָו פּאָול נישט אויף קיין חתונה אָדער „פּאַרטי", נאָר אין זייער נישט קיין פריילעכן פּלאַץ — אין שפּיטאָל אין פילאַדעלפיע.

אין יאַנואַר 1954 האָט מען מיך געשיקט פון ישראל אין די פאַר־אייניקטע שטאַטן, כדי דורכצופירן איבער מיר אַן אָפּעראַציע. ווי אַזוי איך בין געקומען אין די פאַראייניקטע שטאַטן איז נישט וויכטיק. וויכ־טיק איז ווי אַזוי איך האָב זיך באַקענט מיט דזשאָו פּאָול.

אין חודש מערץ 1954 בין איך אָפּערירט געוואָרן אין „טעמפּל יוני־ווערזיטי־האָספּיטאַל" דורך פּראָפעסאָר ד"ר ע. שפּיגעל און ד"ר הענרי

וייסיס, באַלד צומאָרגנס, נאָך דער אָפּעראַציע, ווען איך בין נאָך געווען באַרוישט פון די נאַרקאָטיקס, האָט זיך פּלוצים באַוויזן פאַר מיין בעט אַ מאַן, וואָס האָט זיך פאַר מיר פאָרגעשטעלט:

— איך בין דזשאָו פּאָול. האָסט זיך נישט וואָס צו זאָרגן. איך וועל שוין טראַכטן וועגן דיר. איך האָב שוין געהערט וועגן דיר און איך ווייס, אַז דו ביסט פון ישראל, אַ מלחמה־וועטעראַן. היות דו האָסט דאָ קיינעם נישט, וואָס זאָל זיך מיט דיר פאַרנעמען, וועל איך שוין זאָרגן וועגן דיר. זיי איינגאַנצן רואיק און קום נאָר צו זיך. אַלץ וועט זיין „אָ־קעי!״...

פון דעמאָלט אָן איז דער דאָזיקער מענטש געקומען צו מיר יעדן טאָג און מיטגעבראַכט פאַר מיר זאַכן, וועלכע איך האָב נישט געקאָנט האָבן אין שפּיטאָל, ווי אויך עברית־צייטונגען. עס איז גראָד געווען אין צייט, ווען ס׳איז אויסגעפאַלן פּורים, האָט ער מיר געבראַכט, אויסער אַנדערע זאַכן, קרעפּלעך מיט יויך. דערביי האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— דאָס וועסטו דאָך אין שפּיטאָל נישט קריגן. איבעריקנס, ס׳איז דאָך היינט דיין יום־טוב: המן הרשע ליגט אין דרערד, און דו, מרדכי, ביסט ווידער אויפן פערד!... קומט דאָך דיר אַוודאי און אַוודאי קרעפּלעך... אָן קרעפּלעך איז נישט קיין פּורים... אַז עס קומט פּורים, גוטער ברודער, מוז מען פאַרגעסן אין אַלע יסורים!... ט׳עס און זאָל עס דיר זיין צו געזונט...

אויפן עלפטן טאָג נאָך דער אָפּעראַציע האָבן פּראָפעסאָר שפּיגעל און ד״ר וייסיס מיר געזאָגט, אַז איך קאָן שוין אַרויס פון שפּיטאָל. אַ שרעק איז מיך באַפאַלן... וווהין וועל איך גיין? — האָב איך מיר געטראַכט... אָבער באַלד האָט זיך באַוויזן דזשאָו פּאָול און געזאָגט צו מיר, ווי אַ פאָטער רעדט צו אַ קינד: — מרדכי, מאָרגן אין דערפרי זיי גרייט, מירן פאָרן אין קאָנוואַלעסצענטן־היים (אָפּרו־הויז)...

דעם אמת געזאָגט, האָט מיך די ידיעה איבעררעאַשט. איך האָב זיך אויף אַזאַ זאַך נישט געריכט... וואָס הייסט: איך וועל פאָרן אין קאָנוואַלעסצענטן־היים?... איך בין דאָך געווען איינגאַנצן אָן געלט... כ׳האָב אפילו נישט געקאָנט חלומען וועגן דעם...

באַמערקנדיק מיין פאַרלעגנהייט, האָט מר. פּאָול, פּונקט ווי ער וואָלט אויסגעלייענט מיינע געדאַנקען, אַ זאָג געטאָן צו מיר:

— וועגן געלט האָסטו זיך נישט וואָס צו זאָרגן... אויף דעם בין איך דאָ...

דזשאָו פּאָול איז צו מיר געקומען אין דער ריכטיקער צייט, פּשוט ווי אַ מלאך פונעם הימל... איך בין דעמאָלט געווען זייער קראַנק. באַך דער שווערער אָפּעראַציע האָב איך נאָך נישט געזען גוט. דער נערוו פון גלייכגעוויכט איז געווען צעשטערט. איך האָב נישט געקאָנט באַוועגן מיט דער לינקער זייט פונעם קערפּער...

צוזאַמען, פּינקטלעך צו דער מינוט, איז נאָך מיר געקומען דזשאָו פּאָול און מיט זיין אויטאָמאָביל מיך אַוועקגעפירט אין קאָנוואַלעסצענטן־היים „ווילאָו־קריסט", נישט ווייט פון פילאַדעלפיע.

אין משך פון די פינף וואָכן, וואָס איך האָב זיך געפונען אין „ווי־לאָו־קריסט" איז דזשאָו פּאָול געשטאַנען מיט מיר אין כסדרדיקער פאַר־בינדונג. טאָג־טעגלעך האָט ער זיך טעלעפאָניש אינפאָרמירט וועגן מיין געזונט־צושטאַנד און יעדן פרייטיק איז ער צו מיר געקומען, מיטברענ־גענדיק מיט זיך ריינע וועש פאַר מיר און צונעמענדיק דאָס שמוציקע — צום וואַשן. מיט איין וואָרט — ער האָט פאַר מיר געזאָרגט פון „א" ביז „ת". דעם גאַנצן חשבון אין קאָנוואַלעסצענטן־היים האָט מר. פּאָול באַ־צאָלט פאַר מיר.

אויף דער זעקסטער וואָך, ווען איך האָב זיך שוין געפילט אויף אַזוי־פיל גוט, אַז כ'האָב געקאָנט פאַרלאָזן די אָפּרו־היים, האָט מיך דזשאָו — אַזוי האָט ער מיר געהייסן אים רופן — גענומען צו זיך אַהיים, אין פי־לאַדעלפיע.

די גאַנצע צייט, וואָס איך בין איינגעשטאַנען אין מר. פּאָולס היים, האָב איך זיך דאָרט געפילט ווי אַן אייגענער. אויך זיין ליבע פרוי האָט מיך זייער שיין אויפגענומען און ביז גאָר האַרציק באַהאַנדלט. זיי האָבן זיך באַצויגן צו מיר ווי איך וואָלט געווען זייערס אַן אייגן קינד — אַזאַ וווּנדערבאַרע באַהאַנדלונג האָבן זיי מיר געגעבן.

דזשאָו פלעגט מיך אָפט אַרויסנעמען אויף שפּאַצירן איבער דער שטאָט. געוויזן מיר פילאַדעלפיע, מיט אַלע אירע זעענסווירדיקייטן; אַרויסגעפאָרן מיט מיר צום ים, קיין אַטלאַנטיק סיטי, געפירט מיך אויף פאַרשיידענע פאַרוויילונגען. איך האָב אויך באַזוכט זיין מושב זקנים און

די צוויי גרויסע פילאַדעלפיער תפיסות, וווהין ער איז אַריין מיט מיר, פונקט ווי מען גייט אַריין אין אַ פּריוואַט־הויז, נישט ווערנדיק לעגיטי־מירט, אָדער רעווידירט. נישט געווען קיין מענטש, וועלכן איך האָב באַ־געגנט בעת די אַלע באַזוכן און גערעדט מיט אים, ער זאָל נישט דערמאָ־נען דזשאָוס נאָמען מיטן גרעסטן יראת־הכבוד.

ווען ס'איז געקומען מיין צייט צוריקצופאָרן קיין ישראל, איז דזשאָו פּאָול אַוועק מיט מיר צום פּראָפעסאָר שפּיגעל און ד״ר ווייסיס, כדי דורכצופירן די לעצטע מעדיצינישע אונטערזוכונג. באַזאָרגנדיק מיך מיט אַלערליי מעדיקאַמענטן, וואָס ער האָט פאַר מיר געקויפט און מיטגעבנדיק מיר פאַרשיידענע מתנות, האָט ער מיך באַגלייט צום באַן קיין ניו־יאָרק. פון דאָרט בין איך אָפּגעפלויגן קיין ישראל.

ביז היינט איז פאַר מיר אומפאַרשטענדלעך דזשאָו פּאָולס ממש אי־בערמענטשלעכע באַציאונג צו מיר — אַ פרעמדן מענטש, וואָס איז גע־ווען פאַר אים אינגאַנצן אומבאַקאַנט. זיין פאַראינטערעסירונג מיט מיר האָט אויך געווירקט אויף מיין זעלישן צושטאַנד, וואָס האָט זיך אויף אַזויפיל פאַרבעסערט, אַז אין אַ קורצער צייט אַרום בין איך געוואָרן אַ גאַנץ אַנדערער מענטש.

דריי יאָר איז אַוועק פון דער צייט ווען איך בין געווען אין די פאַר־אייניקטע שטאַטן. אונדזער פריינטשאַפט איז נישט איבערגעריסן גע־וואָרן. איך האָב כסדר פון אים בריוו. נישט קענענדיק מיין פרוי און קינד, שיקט ער זיי כסדר שיינע מתנות. ער פאַרגעסט אויך נישט צו שיקן שמאַלץ אויף פסח...

מר. טורקאָוו, — אַלץ וואָס איך האָב אייך געשריבן איז אַ צענטל פון דעם וואָס דזשאָו פּאָול האָט פאַר מיר געטאָן און ווי אַזוי ער האָט מיך באַהאַנדלט בעת מיין זיין אין פילאַדעלפיע. איך קען ליידער נישט אויסשרייבן אַלץ. עס פעלן מיר פשוט ווערטער איבערצוגעבן דאָס אַלץ, וואָס מר. פּאָול האָט געטאָן פאַר מיר, — דעם פרעמדן פאַר אים מענטש.
איך גריס אייך און אייער ליבע פרוי, דיאַנאַ בלומענפעלד, זייער האַרציק און מיט אַ וואַרעמען שלום, פאַרבלייב איך,

אייער מרדכי ריינהערץ, 72 אַלענבי־סטריט, חיפה, ישראל.״

אין שייכות מיטן ענין מרדכי ריינהערץ האָט דזשאָו פּאָול דערהאַלטן

אַ בריוו פון „וועד עובדי חברת החשמל לא״י״, אין וועלכן עס ווערט גע־שריבן:

„מיר ווילן אייך אויסדריקן אונדזערע הייסטע געפילן פון דאַנקבאַר־קייט פאַר דער גרויסמוטיקער גאַסטפריינטלעכקייט, וועלכע איר האָט אַרויסגעוויזן צו אונדזער קאָלעגע מרדכי ריינהערץ אין משך פון דער גאַנצער צייט, וואָס ער האָט זיך געפונען אונטער מעדיצינישער באַהאַנד־לונג אין פילאַדעלפיע.

מר. ריינהערץ איז פשוט נישט אימשטאַנד אויסצודריקן אַלע זיינע געפילן פון באַוווּנדערונג פאַר אייער ברודערלעכער אויפזיכט און באַציאונג צו אים. מיר זענען צופרידן צו קאָנען אייך איבערשיקן אונדזער דאַנק פאַר אַלעס וואָס איר האָט פאַר אים געטאָן. מיט די בעסטע ווונטשן,

פאַר דעם קאָמיטעט פון אָנגעשטעלטע פון דער פּאַלעסטינער עלעק־טרישער קאָרפּאָראַציע (—) ל. סטאַווסקי, סעקרעטאַר.״

***

די הילף, וואָס דזשאָו פּאָול גיט אין אַ גרויסער מאָס די אַלע מענטשן, וועלכע קומען פון ישראל קיין פילאַדעלפיע אויף מעדיצינישער באַהאַנד־לונג, האָט זיך אָנגעהויבן פשוט דורך אַ צופאַל, וואָס איז פאַרבונדן מיט אַ פרוי פון בענדין, וועלכע וווינט שוין לאַנגע יאָרן אין ישראל.

די דאָזיקע פרוי — איר נאָמען איז חנה פעלדמאַן — איז געקומען מיט איר מוטער קיין פילאַדעלפיע דורכצופירן איבער איר אַן ערנסטע ביינער־אָפּעראַציע. זי האָט אין פילאַדעלפיע געהאַט אַ פעטער, וועלכער האָט זי אַוועקגעפירט צו אַן אָרטיקן אָנגעזעענעם כירורג. דער דאָקטאָר האָט געפאָדערט פאַר דער אָפּעראַציע אַ גרויסע סומע געלט. היות פעלד־מאַן האָט נישט געהאַט קיין געלט און דער פעטער אירער האָט אויך נישט געהערט צו די פילאַדעלפיער גבירים, האָט מען באַשלאָסן צו גיין צו זייערס אַן אָנגעזעענעם לאַנדסמאַן פון בענדין — דזשאָו פּאָול — און אים בעטן ער זאָל זיך איינשטעלן פאַר זיי ביים דאָקטאָר.

דזשאָו האָט זיך תיכף פאַרשטענדיקט מיט צוויי באַוווּסטע כירורגן פון פילאַדעלפיע, ד״ר דזשאָן ראָיעל מאָר און דזשאַני לאָטמאַן, וועלכע האָבן אָדאַנק דזשאָוס אינטערווענץ, דורכגעפירט די זייער ערנסטע און קאָמפּליצירטע אָפּעראַציע אינגאַנצן אומזיסט.

נאָך דער אָפּעראַציע האָט חנה פעלדמאַן געמוזט ליגן אין אַ „קעסט״ (גיפּס) עלף חדשים אין „טעמפּל יוניווערזיטי־האָספּיטאַל״. דזשאָוס אַ פריינט פון דער מאַסאַנישער לאָזשע, דזשאַן מעסענדזשער, אַ באַקאַנטער פאַבריקאַנט אין פילאַדעלפיע, האָט געדעקט אַלע הוצאות, וואָס זענען געווען פאַרבונדן מיט חנה פעלדמאַנס אויפהאַלטן זיך אין משך פון 11 חדשים אין שפּיטאָל. דאָס האָט באַטראָפן 2,500 דאָלאַר. אַ צווייטער פריינט פון דזשאָו פאָול — אַ באַוווּסטער כלל־טוער און פּרעזידענט פון „אַלבערט איינשטיין מעדיקל־סענטער״ — סעם דאַראָף, האָט זיך באַמיט, אַז די צוויי פרויען זאָלן קאָנען צוריקפאָרן קיין ישראל.

דער דאָזיקער פאַל, וואָס איז געווען דער ערשטער הילף־בייטראָג, האָט געבראַכט מיט זיך וויכטערדיקע ישראלים צו דזשאָו פאָול און אַזוי אַרום האָט זיך געשאַפן אַ שטענדיקער אַדרעס אין פילאַדעלפיע — דזשאָו פאָול.

עס וואָלט פאַרנומען צופיל פּלאַץ אויסצורעכענען אַלע פאַלן — און אַזעלכע זענען געווען אין די צענדליקער — אין וועלכע דזשאָו פאָול האָט דירעקט אָדער אומדירעקט געהאָלפן און אינטערווענירט. איך וויל זיך דאָ בלויז אָפּשטעלן אויף צוויי בריוו פון נתן להב, סעקרעטאַר פון דער מפא״י אין חיפה, וועלכער האָט, נאָכן פאַרענדיקן זיין שליחות אין די לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער, באַזוכט די פאַראייניקטע שטאַטן.

אין פילאַדעלפיע האָט זיך געפונען זיינער אַ פריינט פון ישראל, ד״ר יצחק האַבער, וועלכער האָט פּראַקטיצירט אין „אַלבערט איינשטיין מעדיקל־סענטער״ אַלס איינער פון די הויפּט־כירורגן. היות נתן להב האָט געליטן אויפן מאָגן, האָט אים ד״ר האַבער אַריינגענומען צו זיך אין „מעדיקל־סענטער״, ווו ער איז געווען אונטער זיין אָבסערוואַציע ביי צוויי וואָכן.

ד״ר האַבער, וועלכער האָט אגב זייער אַ סך געטאָן פאַר די ביי־געקומענע קיין פילאַדעלפיע און אַ סך פון זיי אָפּערירט אָן אַ גראָשן געלט, איז אַ נאָענטער פריינט פון דזשאָו פאָול. ער האָט אים באַקענט מיט זיין ישראל־חבר נתן להב. דזשאָו האָט אים באַזוכט יעדן טאָג אין שפּיטאָל און אַזוי אַרום זיך אויך באַפריינדעט מיט אים.

אין איין בריוו, פון ניו־יאָרק, שרייבט נ. להב צו דזשאָו פאָול:

„איך דאַנק אייך האַרציק פאַר אייער גאַסטפריינטלעכקייט. איר זענט אַ זעלטענער טיפּ פון אַ ייד. ס'איז נישט מיין טבע צו מאַכן קאָמ־פּלימענטן. אַ יישר־כּוח פאַר אַלץ. אַ גרוס פאַר אייער ליבער פרוי. גריסט ד"ר האַבער. אייער פריינט באמת (—) נתן להב."

אין אַ צווייטן בריוו פון חיפה, דאַטירט דעם 1956/8/8, שרייבט נתן להב:

שוין אַ וואָך צייט ווי איך בין אָנגעקומען אַהיים קיין חיפה, צו מיין פאַמיליע און חברים, נאָך אַ לאַנגער רייזע איבער ווייטע ימים.

ביי דער ערשטער געלעגנהייט האָב איך דערציילט מיינע פריינט וועגן אייך און וועגן אייער איבערגעגעבנקייט צו ישראל. אַלע באַוווּנדערן אייער געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט אויף אַלע געביטן. איך דאַנק אייך האַרציק פאַר אייער מענטשלעכער באַציאונג צו מיר און צו אַלע אַנדערע.ליידער האָב איך ביז היינט נאָך נישט געטראָפן דעם חבר ריינהערץ. איך האָב אים מודיע געווען ער זאָל קומען צו מיר און איך דערוואַרט אים יעדן טאָג. אייערע מתנות האָט מיין ליבע פרוי מיט גרויסן דאַנק דער־האַלטן און מ'יך געבעטן גריסן אייער ל'. פרוי. גריסט אונדזער ד"ר האַבער. מאָרגן וועל איך זיין אין תל־אביב און איבערגעבן אַ גרוס צו זיין פרוי.

מיט ציונס גרוס, אייער פריינט באמת (—) נתן להב."

צוליב דזשאָ פּאָולס פילפאַרצווייגטער הילף־טעטיקייט און זיינע מעשים־טובים, איז ער באַקאַנט נישט נאָר אין אַמעריקע און אין ישראל, נייערט איבער דער גאָרער וועלט, ווו מען ווייסט, אַז קומענדיק קיין פי־לאַדעלפיע געפינט מען נישט נאָר אַן אַדרעס מיט אָפענע טירן, נאָר אויך אַ גרויס, אָפן, וואַרעם האַרץ, וואָס געהערט צו דזשאָ פּאָול.



דזשאָו פּאָול בעת זיין באַזוך ביי זיינע ברידער אין דער שווייץ (יאָר 1947). שטייענדיק, פון רעכטס: דזשאָוס ברודער אַנרי, דזשאָו, הענרי; זיצנדיק: דזשאָוס שוואָגער, אַנריס פרוי מיטן קינד, דזשאָוס שוועסטער.

# דער מענטש — דזשאָו פּאָול

דזשאָו, וועלכער האָט אין זיינע קינדער־יאָרן אָנטיילגענומען אין פאַרשיידענע פאַרזאַמלונגען און פּאָליטישע אַרויסטרעטונגען, וואָס זענען פאָרגעקומען אין בענדין און אין סאָסנאָוויעץ, האָט זיך מיט די פּראָבלע־מען לגמרי נישט אינטערעסירט. זיינע אויערן זענען געווען פאַרמאַכט פאַר די אַלע ענינים. ער איז ליבערשט געשטאַנען אויף דער „וואַך" פון יענער זייט טיר און אַכטונג געגעבן, אַז רוסישע זשאַנדאַרן זאָלן זיך נישט באַ־וויזן און אַרעסטירן אַלע אָנטיילנעמער פון די אומלעגאַלע פאַרזאַמלונ־גען, אָדער שטאָט־כוליגאַנעס זאָלן נישט אויפרייסן קיין מיטינג.

אין יענע יאָרן איז דזשאָו נאָך געווען „יאָסעלע דער שטאַרקער", וואָס זיין „לשון" איז געלעגן אין פיזישן כוח... אָבער שוין אַפילו דע־מאָלט האָט ער אַרויסגעוויזן אַ וואַרעם געפיל פאַר באַעוולטע און פאַר די, וואָס האָבן זיך געבייטיקט אין זיין הילף. דזשאָו האָט געוווסט איינס: מען דאַרף העלפן דעם שוואַכערן, דעם אָרעמערן, דעם געקריוודעטן — מעג ער זיין אַ ייד אָדער נישט־ייד. פאַר זיי זענען זייערע אויערן און זיין האַרץ תמיד געווען אָפן.

אין עצם־ענין פון פּאָליטישע אָדער געזעלשאַפטלעכע געשעענישן איז ער נאָך דעמאָלט נישט אַריינגעדרונגען. ער האָט זיי נישט באַנומען און דערפאַר נישט געשאַנקען זיי קיין שום אויפמערקזאַמקייט.

דאַקעגן בעת זיין יוגנט, אין דער שווייץ, האָט ער שוין אָנגעהויבן אַרויסצווייזן מער פאַראינטערעסירונג פאַר פּאָליטישע ענינים. דאָרט האָט ער געהאַט אַ געלעגנהייט צו טרעפן זיך דירעקט מיט די אָנפירער פון פאַרשיידענע פּאָליטישע גרופּירונגען, צווישן זיי אויך מיט די מנהי־גים פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע. ער פלעגט שוין באַזוכן זיצונגען פון ציוניסטישן קאָנגרעס, גוט זיך צוהערן צו די באַהאַנדלטע דאָרט פּראָבלעמען, וואָס האָבן צוביסלעך אָנגעהויבן צו וועקן זיינע סענ־

טימענטן און אַרויסגערופן אַ גרעסערן אינטערעס פאַר אַ יידישער מדינה. ער האָט זיך אָנגעהויבן אָפּגעבן אַ דין־וחשבון וועגן די גרויסע באַמיאונגען וואָס ווערן געמאַכט צו שאַפן אַן אייגענע היים פאַר יידן.

זיין אַקטיווע אַרבעט פאַר ישראל האָט זיך אָבער פאַקטיש אָנגעהויבן, ווען דער פאַרשטאָרבענער פּראָפעסאָר ד״ר חיים ווייצמאַן, ערשטער פּרע־זידענט פון מדינת ישראל, האָט באַזוכט פילאַדעלפיע. זיין באַרימטער אַפּיל צו די פילאַדעלפיער יידן האָט געמאַכט אויף פּאָולן גאָר אַ שטאַרקן איינדרוק. דאָס איז געווען אין יאָר 1923. פּראָפעסאָר חיים ווייצמאַן איז דעמאָלט געווען דער פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַני־זאַציע.

ווען ד״ר חיים ווייצמאַן, וועלכן דזשאָו האָט געהערט נאָך אויפן ציוני־סטישן קאָנגרעס אין דער שווייץ, איז געקומען קיין פילאַדעלפיע, איז שוין דזשאָו פּאָול געווען טעטיק אויף פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע גע־ביטן. זיין הילפס־אַרבעט איז אָבער נאָך אַלץ געווען, אַזוי צו זאָגן, מער אַן אַלמענטשלעכע... ד״ר ווייצמאַן האָט מיט זיין דעמאָלטיקן אַרויסטריט געמאַכט אויף דזשאָון אַן אומבאַשרייבלעכן איינדרוק און געגעבן אים אַ שטאַרקן שטויס צו ווערן מער אַקטיוו אין דער אַרבעט פאַר דעם אויפ־בוי פון אַ יידישער היים אין פּאַלעסטינע.

— פאַרוואָס זאָל יאָן דער פויער קאָנען האָבן אַן אייגענע היים — האָט ער געטענהט — און דער יידישער נע־ונדניק זאָל זיך נישט קאָנען אומקערן אין לאַנד פון זיינע אבות, פון וועלכן מען האָט אים פאַרטריבן מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק?! ווו איז יושר פון דער וועלט?!

פון דעמאָלט אָן האָט דזשאָו פּאָול זיך ווייניקער פאַרלאָזט אויפן יושר פון דער וועלט און אַליין זיך שטאַרקער אָנגעהויבן צו אינטערעסירן מיט די געשעענישן אינעם יידישן לעבן, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות צום ווידער־אויפבוי פונעם יידישן לאַנד.

די פּאָגראָמען אין רוסלאַנד און אין פּוילן, די אַנטיסעמיטישע שטי־מונגען, וואָס האָבן אָנגעהויבן צו בושעווען אַפילו אין די פרייע לענדער, צווישן די ציוויליזירטע פעלקער אין דער וועלט, וואָס האָבן זיך געענדיקט מיט דער אויסראָטונג פון אַ דריטל פון אונדזער פאָלק, האָבן נאָך מער געשטאַרקט דזשאָוס געפילן פאַר אַ זעלבסטשטענדיקער יידישער מדינה.

דזשאָו האָט זיך מיטן גאַנצן ברען אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט פאַר ישראל. די דאָזיקע אַרבעט, וועלכע ער טוט אויף אַ באַשיידענעם אופן ביזן היינטיקן טאָג, דריקט זיך אויס נישט נאָר אין אינדיווידועלער הילף, וועלכע ער גיט פאַר די ישראלים, וואָס קומען קיין פילאַדעלפיע, נאָר — אין ממשותדיקער אַרבעט פאַר מדינת ישראל.

ער איז אַ פירנדיקער מיטגליד פון יידישן נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד אין פילאַדעלפיע, אַ מיטגליד פון „הסתדרות" אין פילאַדעלפיע, פונעם יידישן נאַציאָנאַל־פאָנד, פון „יונאַיטעד דזשואיש אַפּיל" (פאַראייניקטן קאַמפּיין) און פון „באָנד־דראַיוו".

דעם 9טן יאַנואַר 1954 האָט דער שטאָט־קאָמיטעט פונעם יידישן נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד אין פילאַדעלפיע איינגעאָרדנט אַ פייערלעכע מלוה־מלכה לכבוד דזשאָו פּאָול, אַלס אויסדרוק פון אָנערקענונג פאַר זיינע לייסטונגען. דער הויפּט־רעדנער פונעם אָוונט איז געווען דער ערן־פאָרזיצער פונעם פאַרבאַנד שטאָט־קאָמיטעט אין פילאַדעלפיע, ב. פרידמאַן, און דער טשערמאַן פונעם אָוונט — דער פאָרזיצער פונעם שטאָט־קאָמיטעט ב. סילווער. אַ גרויסער עולם האָט זיך פאַרזאַמלט, כדי צו באַערן און אָפּצוגעבן כבוד דעם באַליבטן פילאַדעלפיער תושב, דזשאָו פּאָול.

צווישן זיינע וויכטיקע אויפטוען אין שייכות מיט דער הילף פאַר ישראל, וואָס איז ווערט אונטערצושטרייכן, איז געווען דער „טעסטימאָניאַל־דינער", וועלכן ער האָט אין יאָר 1957 געהאָלפן איינאָרדענען פאַר דעם באַקאַנטן פילאַדעלפיער אַדוואָקאַט אַרטור עדוואַרד דעניס. דער דאָזיקער אָנגעזעענער אַדוואָקאַט אַרבעט צוזאַמען מיט דזשאָו פּאָול אין „אַפּטאָון מושב זקנים" און העלפט אים זאַמלען גרעסערע סומעס געלט, אַדאַנק די גאָר גרויסע באַקאַנטשאַפטן, וועלכע דעניס האָט אין שטאָט.

היות אַרטור ע. דעניס גיט אויך אַליין גרעסערע סומעס געלט פאַר ישראל, האָט אים דער פילאַדעלפיער קאָמיטעט פאַר ישראל־באָנדס באַשלאָסן איינצואָרדענען אַ „טעסטימאָניאַל־דינער". דעניס האָט דאָסמאָל געבעטן דזשאָון מיטצוהעלפן אים שאַפן ביי דעם אָוונט אַ גרעסערע סומע פאַר די „באָנדס".

דזשאָו איז איינגעפאַלן אַ געדאַנק אויסצונוצן זיינע קריסטלעכע געשעפטסלייט, מיט וועלכע ער שטייט אין כסדרדיקער פאַרבינדונג.



קאָנגרעסמאַן דזשעימס רוזוועלט און דזשאָו פּאָול.

— פאַרוואָס זאָלן זיי נישט קויפן קיין ישראל־באָנדס? — האָט ער געזאָגט — נישקשה, זיי שטייען אין געשעפטלעכע באַציאונגען מיט יידן, פאַרדינען פון זיי גאַנץ שיין, מעגן זיי אויך עפּעס טאָן פאַר מדינת ישראל...

נישט לאַנג געטראַכט און ער האָט זיך, אויף זיין שטייגער, גענומען צו דער אַרבעט. ער האָט געבראַכט אַ ריי פון זיינע געשעפטסלייט צום באָנד־באַנקעט, וואָס מ'האָט איינגעאָרדנט לכבוד זיין פריינט אַרטור ע. דעניס און פון וועלכן ער, דזשאָו, איז געווען דער קאָ־טשערמאַן. די קריסטלעכע פריינט זיינע האָבן ביי דעם דאָזיקן אָוונט געקויפט ישראל־באָנדס פאַר שיינע טויזנטער דאָלאַרן.

דער גאַסט־רעדנער פונעם באַנקעט איז געווען דער קאָנגרעסמאַן דזשעימס רוזוועלט — אַ זון פונעם פאַרשטאָרבענעם אַמעריקאַנער פּרע־זידענט פראַנקאָ דעלאַנאָ רוזוועלט. ער האָט געהאַלטן אַ מייסטערהאַפטע רעדע און אַזוי באַאיינפלוסט דעם עולם פאַר ישראל, אַז עס איז אויפן אָרט געשאַפן געוואָרן אַ סומע פון 175 טויזנט דאָלאַר. אין די געלטער געפינט זיך אַ גרויסער טייל, וואָס דזשאָוס קריסטלעכע פריינט פון דער פלייש־בראַנזשע האָבן געגעבן.

קאָנגרעסמאַן רוזוועלט האָט, הערנדיק וועגן דעם זעלטענעם מענטשן דזשאָו פּאָול און וועגן זיינע לייסטונגען אויף אַלע געביטן, געמאַכט אים עפנטלעך גרויסע קאָמפּלימענטן.

איך האָב דאָ פריער דערמאָנט וועגן דזשאָוס קריסטלעכע פריינט פון דער פלייש־בראַנזשע, — אַגב האָט ער אַזעלכע פריינט אויך פון אַנדערע קרייזן אין גאָר אַ גרויסער צאָל — איז כדאַי אונטערצושטרייכן, אַז בעת זיי האָבן מיט אַ פּאָר יאָר פריער אַראַנזשירט פאַר דזשאָו פּאָול אַ באַנ־קעט, כדי אים צו באַערן און צו באַגריסן מיט דער אויסצייכענונג, וואָס ער האָט באַקומען פון דער שטאָט פילאַדעלפיע, אַלס דער „מאַן פון חודש", האָט איינער פון די באַגריסער זיך אויסגעדריקט:

— אונדזער פּרעזידענט דזשאָו פּאָול איז אַן אמתער הומאַניטאַר. ער איז דער קעמפער און פאַרטיידיקער פון די אומגליקלעכע, פון די נישט־פּריווילעגירטע, פון די פאַרפאָלגטע און נויט־באַדערפטיקע. ער איז באַ־ליבט ביי אַלע: סיי ביים פּשוטן פאָלק, סיי ביי די בכבודיקסטע בירגער און העכסטע שטאָט־באַאַמטע. פאַר זיין גרויס־האַרציקער גוטסקייט ווערט ער פון אַלע באַוואונדערט און רעספּעקטירט.

דזשאָו האָט שפּעטער געענטפערט אויף די באַגריסונגען. זיין רעדע האָט ער אָנגעהויבן אויף יידיש. ווען מען האָט אים אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז נישט אַלע אין זאַל פאַרשטייען יידיש, האָט ער געענטפערט:

— אַז איך בין אַ ייד, ווייסן אַלע. זאָלן זיי אויך וויסן, אַז איך בין אַ ייד, וואָס שטאָלצירט מיט זיין לשון און אַנטלויפט נישט פון אים...

און אַלע האָבן זיין רעדע אויפגענומען מיט דער זעלביקער וואַרעמקייט, מיט וועלכער זי איז געוועזן דורכגעדרונגען. מיט אוממיטלבאַרע, נישט געקינצלטע ווערטער באַווייזט ער צו דערגרייכן אַלעמענס הערצער, וואָס עפענען זיך פאַר אים, פונקט ווי זיינס — פאַר זיי. דזשאָו רעדט וואָס ער מיינט און ווייסט נישט פון קיין מליצות.

***

אין שייכות מיטן 45־יאָריקן יובל פון דעם „אַפּטאַון מושב זקנים" איז דעם 9טן מערץ 1958 איינגעאָרדנט געוואָרן אַ „טעסטימאָניאַל־דינער" (באַנקעט) פאַרן טשערמאַן פון „באָרד אָוו דירעקטאָרס" — דזשאָו פּאָול.

דער זאַל פון בראַדוווד־האָטעל אין פילאַדעלפיע האָט נישט געקאָנט אַריינגעמען די גרויסע מאַסן מענטשן, וועלכע האָבן געשטראָמט פון אַלע זייטן, כדי אָפּצוגעבן כבוד און אויסדריקן דאַנקבאַרקייט דעם פאַרדינסטפולן און באַליבטן הומאַניטאַר, דזשאָו פּאָול.

1200 מענטשן — פאָרשטייערס פון פאַרשיידענע אינסטיטוציעס און אַנשטאַלטן האָבן זיך פאַרזאַמלט, כדי צו באַערן דעם מענטש, וועלכער האָט אין פאַרלויף פון 40 יאָר געדינט יעדן איינעם, וואָס האָט זיך נאָר געניייטיקט אין זיין הילף.

איבער 200 מענטשן — די פראָמינענטסטע שטאָטישע אָנפירער — זענען געוועזן די „ספּאָנסאָרס" (פּאַטראָנען) פונעם באַנקעט, מיטן הויפּט־ריכטער עדריען באָנעלי — טשערמאַן פונעם אָוונט.

עס האָבן זיך דאָרט צוזאַמענגעטראָפן פאָרשטייערס פון דער פעדעראַלער און פון דער סטייט־רעגירונג פון האַריסבורג מיט פאָרשטייערס פון אַרבעטער־יוניאָנס (פאַראיינען) און סאָציאַלע אָרגאַניזאַציעס; פאָרשטייערס פון סאָסייעטיס, פאַרבאַנדן און סאָציאַלע אינסטיטוציעס —

מיט פאַרשטייערס פון פאַרשיידענע רעגירונגס־אַגענטורן; פאַרשטייערס פון די פליטים, וועלכע דזשאָו האָט אַראָפּגעבראַכט קיין אַמעריקע — מיט פאַרשטייערס פון די יידישע פאַרמערס פון ווייַנלאַנד; פאַרשטייערס פון די שפּיטעלער, ריכטער, אַדוואָקאַטן, דאָקטוירים, ווי אויך יונגע פּראָמינענטע אַמעריקאַנער, מיט וועמענס עלטערן דזשאָו פּאָול האָט מיטגעאַרבעט אויפן סאָציאַלן געביט מיט צענדליקער יאָרן צוריק.

אַלע אָפּשניטן פונעם יידישן און נישט־יידישן לעבן אין פּענסילוואַניע־סטייט זענען געווען פאַרטראָטן אויף דער אייגנאַרטיקער שמחה. אַ יום־טובדיקע שטימונג האָט געהערשט אין זאַל. דער טאָסטמייסטער פונעם אָוונט איז געווען דער באַקאַנטער פילאַדעלפיער געשעפטסמאַן לואיס סאָוועל, וועלכער האָט געמאַכט אַ קווערשניט איבער דעם זעלטן מערקווערדיקן לעבן פון דזשאָו פּאָול — איינעם פון די וווּנדערבאַרסטע מענטשן־פריינט, וואָס פילאַדעלפיע האָט אַרויסגעגעבן.

צווישן די פיל באַגריסונגס־רעדעס, וואָס זענען געהאַלטן געוואָרן, האָט די פּרעזידענטין פונעם „אַפּטאַון מושב זקנים", עליזאַבעט בלעקמאַן, איבערגעגעבן ווי אַזוי דזשאָו פּאָול האָט מיט זיין אומדערמידלעכער און אומפאַרגלייכלעכער ענערגיע און אַרבעט פאַרוואַנדלט דעם „אַפּטאַון מושב זקנים" אין אַ מאָדערנער אינסטיטוציע. דאָס זעלביקע האָבן אונטערגעשטראָכן די באַאַמטע פון דער „האָום", די אָנגעזעענע געשעפטסלייט פון שטאָט — לעאָן זאַק און טעאָדאָר גאָלדבלום.

די הויפּטרעדע האָט געהאַלטן דער פּראָמינענטער ראַבאַי ד"ר סידני גרינבערג פון „טעמפּל סיני", וועלכער האָט געשילדערט דעם ערן־גאַסט, דזשאָו פּאָול, ווי אַן אמתן אוהב־ישראל און אינספּירירנדיקן גייסט פאַר אַלע כלל־טוערס.

ביי גרויסע אָוואַציעס האָט דוד רודאָלף פּרעזענטירט דזשאָו פּאָול מיטן אַן ערן־אַטעסטאַט, וואָס איז ספּעציעל באַשטעלט און אויסגעאַרבעט געוואָרן אין ישראל. דער אַטעסטאַט איז געמאָלן פון אַ ישראל־קינסטלער אויף פּאַרמעט. די פייערלעכע צערעמאָניע האָט נישט ווייניק געווירקט צום גרויסן פינאַנציעלן דערפאָלג. איבער 30.000 דאָלאַר איז געשאַפן געוואָרן אויפן נאָמען פון דזשאָו פּאָול פאַר דעם „אַפּטאַון־האָום" — פאַר די 180 זקנים און זקנות.

— דעם היינטיקן אָוונט — האָט אין זיין רירנדיקער רעדע אונטער־

עוסק בצרכי צבור באמונה

AND ALL THOSE WHO OCCUPY THEMSELVES IN FAITHFULNESS WITH THE WANTS OF THE CONGREGATION

*The Officers and Directors*

*of the*

**UPTOWN HOME FOR THE AGED**

*of*

*Philadelphia, Pennsylvania*

*affectionately present this Scroll of Honor*

*to*

**JOSEPH PAUL**

*Chairman of the Board of Directors*

*Civic leader, Humanitarian, Patron of the Arts, who through a Decade of Devotion helped make this Home an outstanding sanctuary for the Aged of our Community*

PRESENTED AT A TESTIMONIAL DINNER
IN HIS HONOR AT THE BROADWOOD HOTEL
MARCH 8 1950

Ray Koenig — HONORARY PRESIDENT

Elizabeth Blackman — PRESIDENT

Joseph is a fruitful bough
even a fruitful bough by a well
whose branches run over the wall

בן פרת יוסף
בן פרת עלי עין
בנות צעדה עלי שור

GENESIS 49. 22

געשטראָכן דער בעל־שמחה, דזשאָו פּאָול — באַטראַכט איך ווי די גרעס־טע באַלוינונג פאַר די טעג, נעכט און יאָרן, וואָס איך האָב אָפּגעגעבן לטובת די אַלטע לייט. דער הייַנטיקער אָוונט גיט מיר צו מוט און כוח ווייַטער אָנצוגיין מיט מייַן אַרבעט.

***

אומקערנדיק זיך צו זייַן איבערגעגעבענער און וואַרעמער באַציאונג צו ישראל, וויל איך באַמערקן, אַז יעדע ידיעה, וואָס קומט פון ישראל פאַרכאַפּט אים. אין די גורלדיקע טעג, פול מיט נסיונות, וואָס ישראל האָט איבערגעלעבט, איז ער מיט האַרץ און נשמה געווען דאָרט. יעדע פריידיקע שעה פון ישראל, איז אויך זייַן פּערזענלעכע פרייד אוז יום־טוב. ער אינטערעסירט זיך מיט אַלע דערשיינונגען אינעם ישראל־לעבן. יעדע נייַע דערגרייכונג רופט אַרויס אין אים אַ פריידיקן ציטער. ישראל האָט אין דזשאָו פּאָול אַ גרויסן פרייַנט. ער האָט אָבער דאָרט אויך אַ סך, גאָר אַ סך פרייַנט, פאַר וועלכע ער געפינט תמיד צייַט צו שרייַבן בריוו און צו ענטפערן אויף זייערע בריוו. ער ווערט כסדר פאַרבעטן קיין ישראל.

אַחוץ דער דירעקטער פאַרבינדונג, וועלכע ער האָט מיט ישראל און זייַן אַרבעט לטובת דער מדינה, איז ער פול מיט אידייען און פּראָיעקטן, מיט וועלכע ער טיילט זיך מיט די באַטרעפנדיקע אָרגאַנען פון דער ייִדי־שער מדינה.

אויף איינער אַזאַ אידייע איז זיך כדאַי אָפּצושטעלן. אין חודש אָק־טאָבער 1956, גראָד אַ פּאָר טעג פאַר דער סיני־אַקציע, האָט זיך דזשאָו פּאָול געווענדט צום פּרעמיער־מיניסטער פון מדינת ישראל, דוד בן־גוריון, מיט אַ פאָרשלאַג, אַז ישראל זאָל אַרויסלאָזן אַ פּאָסט־מאַרקע מיטן בילד פון עמיל זאָלאַ. דאָס דאַרף זייַן אַן אויסדרוק פון אנערקענונג פון דער ייִדישער מדינה פאַר דעם גרויסן קעמפער פאַר יושר און גערעכטיקייט.

אין זייַן בריוו צו בן־גוריון שרייַבט דזשאָו פּאָול, אַז עס איז מער ווי רעכט, אַז די ייִדישע מדינה זאָל מיט דער עמיל זאָלאַ־פּאָסטמאַרקע באַ־ערן דעם אָנדענק פון דעם גרויסן פראַנצויזישן שרייַבער, וואָס האָט אין אַ צייַט, ווען עס האָט געבושעוועט דער שווידערלעכער אַנטיסעמיטיזם אין פראַנקרייַך, געהאַט דעם מוט צו גיין קעגן שטראָם און מיט זייַן באַ־

רימטן „איך באַשולדיק” („זשאַקיס!”), אויפגעטרייסלט דאָס געוויסן פון דער וועלט. נישט געקוקט אויף דעם וואָס זאָלאַ איז צוליב זיין געוואַגט־קייט פאַרשיקט געוואָרן פון פראַנקרייך, האָט אָבער זיין שטים אַרויסגע־קלונגען ווי אַ העלער גלאָק, וואָס האָט געמאָנט גערעכטיקייט און יושר. זאָלאַ האָט פאַרטיידיקט די מענטשלעכע ווירדע, וואָס איז אַזוי ברוטאַל באַשמוצט און באַפלעקט געוואָרן, מיטן פאַרמשפּטן קאַפּיטאַן דרייפוס — דעם ייד — אין מלוכה־פאַראַט.

עמיל זאָלאַס קאַמף מיט דער רשעות פון דער וועלט איז נישט גע־ווען אומזיסט. די גערעכטיקייט האָט געזיגט. קאַפּיטאַן דרייפוס איז רע־האַביליטירט געוואָרן און ממילא אויך דער יידישער כבוד.

מיטן אַרויסלאָזן אַן עמיל זאָלאַ־פּאָסטמאַרקע וואָלט די יידישע מדינה געוויזן דער וועלט, אַז דאָס יידישע פאָלק פאַרגעסט נישט די גרויסע גייס־טער, וואָס האָבן אין דער פאַרגאַנגענהייט זיך איינגעשטעלט און געקעמפט פאַרן יידישן כבוד.

נאָך דער סיני־אַקציע, אין דעצעמבער 1956, האָט דזשאָו פּאָול דער־האַלטן פון ישראלס פּרעמיער־מיניסטערס קאַנצעלאַריע, פאָלגנדיקן בריוו:

„טייערער מר. פּאָול,

איך דאַנק אייך פאַרן בריוו פונעם 16טן אָקטאָבער ה״י, אַדרעסירט צום פּרעמיער־מיניסטער און פאַר דער פאַראינטערעסירונג מיט דעם דורך אייך אַרויסגעבראַכטן ענין. אייער פאָרשלאָג ווערט נאָך אַלץ באַהאַנדלט.

מיט אויפריכטיקע ווונטשן, אייער

ס. שורש.”

דער דאָזיקער קליינער עפּיזאָד מיטן בריוו צום פּרעמיער־מיניסטער פון ישראל באַווייזט בולט ווי טיף איינגעוואָרצלט עס איז ביי דזשאָו פּאָול דאָס מענטשלעכע געפיל פאַר יושר און גערעכטיקייט. ער רופט זיך תמיד אָפּ און לאָזט נישט דורך דעם מינדסטן פּרט, וואָס האָט אַ שייכות צו אַלע אָפּשניטן פון אונדזער לעבן. תמיד זוכט ער, תמיד נישטערט ער און תמיד האָט ער אַ נייעם געדאַנק, — און אַלץ מיטן ציל צו העלפן, צו פאַרבעסערן, צו פאַרשענערן דאָס לעבן — אויב נישט מיט טאַט, איז מיט ראַט.

דזשאָו פּאָול, דער פּשוטער פאָלקסמענטש, וואָס האָט אָנגעהויבן זיין לעבן אין בענדין, באַקומען זיין דערציאונג כמעט אויף דער גאַס און איז

דורכגעגאַנגען פאַרשיידענע וועגן, מיט די שמאָלסטע, פינצטערע סטעזשקעס, אויף וועלכע עס איז לייכט געווען געשטרויכלט צו ווערן, איז אַרויס נישט נאָר גאַנץ און שטאַרק, נאָר מאָראַליש דערהויבן. מיט דער איינגעבוירענער אינטעליגענץ און וווּנדערלעכער אינטואיציע, האָט ער זיך אויסגעטראָטן אַן אייגענעם, אייגנאַרטיקן וועג, איבער וועלכן ער איז געגאַנגען פון שטאַפּל צו שטאַפּל — ביז ער איז דערגאַנגען צו אַ מדרגה, וואָס נאָר געציילטע, נאָר אַ יחיד בדורו, קאָן דערגרייכן, — אַ מדרגה מיט וועלכער מען קאָן אים נאָר מקנא זיין, צוליב דעם פולווערטיקן און נוצלעכן לעבן וואָס ער פירט.

און ווען מען נעמט אין באַטראַכט, אַז דזשאָו פּאָול איז נישט קיין מיליאָנער און ווייט נישט קיין גביר, מוז מען נאָך מער באַוווּנדערן די ברייטקייט פון זיין האַרץ און די גרויסקייט פון זיין נשמה.

די מעשׂיות, וועלכע גייען אַרום וועגן אים, קלינגען פּשוט ווי לעגענדעס, הגם זיי זענען אויף אַ האָר נישט איבערגעטריבן.

עס איז פּשוט נישט צום גלייבן, אַז „יאָסעלע דער שטאַרקער", וועלכן מען האָט פּאָראויסגעזאָגט, אַז ער וועט שוין קיין לייט נישט זיין און אַז ער וועט זיכער אויסוואַקסן אַ שמדניק, אַ הפקר־יונג, איז מגולגל געוואָרן, צו־להכעיס אַלע פּאָראויסזאָגונגען, אין אַ פּערזענלעכקייט, מיט וועלכער מיר אַלע קאָנען שטאָלצירן; אַ פּערזענלעכקייט, וואָס אַדאַנק זיינע מעשׂים, וועלכע קלינגען ממש פאַנטאַסטיש, איז ער באַשטראַלט געוואָרן מיט אַ וווּנדערלעך ליכט פון גרויסן הומאַניטאַריזם.

דאָס איז דער מ ע נ ט ש נאָך וועלכן מיר בענקען.

דאָס איז דער מ ע נ ט ש, וועלכן מיר זוכן, און עס דוכט זיך, אַז אין אונדזער דור וועלן מיר אַ סך נישט געפינען.

זיין נאָמען איז: ד ז ש אָ ו פּ אָ ו ל.

## בריוו און דאָקומענטן, וועלכע רעדן פאַר זיך אַליין

אין אַ פילאַדעלפיער צייטונג לייענען מיר:

„אַן עלטערער ייד, מיטן נאָמען הערשפעלד, איז אַוועקגעפאַלן אין גאַס און ער איז געשטאָרבן. מען האָט אים אַוועקגענומען אין מתים־שטיבל. היות קיין קרובים האָבן זיך נישט געמאָלדן, האָט מען נישט גע־ווּסט צו וועמען זיך צו ווענדן, אַז מען זאָל אים מקבר זיין.

שמיצער האָט טעלעפאָנירט צום באַקאַנטן געזעלשאַפטלעכן טוער דזשאָו פאָול, וועלכער איז אַלעמאָל גרייט צו לויפן, ווען עס האַנדלט זיך אין אַ גויט־פאַל. דזשאָו איז באַלד געקומען, אַרויסבאַקומען די דערלויבע־ניש אַרויסצונעמען דעם מת און צו ברענגען אים צו קבר ישראל."

---

„איסטערן סטייט־פעניטענטשערי" (פילאַדעלפיער תפיסה).

27סטער אַפּריל, 1948.

„טייערע מר. און פרוי פאָול,

עס איז פשוט שווער צו געפינען ווערטער, כדי אויסצודריקן אונדזער טיפע דאַנקבאַרקייט פאַר אייערע און אייער פרויס אומאויפהערלעכע באַ־מיאונגען לטובת אונדז. עס איז נישט לייכט צו געפינען ווערטער, וואָס וואָלטן געקאָנט אויסדריקן אונדזערע געפילן לגבי אייך. איר האָט אַזוי־פיל געטאָן פאַר אונדז, אַז מיר וועלן זיך שטענדיק פילן בעל־חובות. אפשר וועלן מיר קאָנען אייך אָפּצאָלן דערמיט, וואָס מיר וועלן ווערן אָנשטענ־דיקע בירגער, און אַזוי ווי איר און אייער פרוי, וועלן מיר אויסציען די האַנט צו די וועלכע וועלן זיך נייטיקן אין הילף. מיר דאַנקען אויך די אַלע, וואָס האָבן בייגעשטייערט שפייז און געלט פאַר אונדז. אָבער אייך און אייער פרוי זענען מיר אַממייסטן פאַרפליכטעט.

אין נאָמען פון די תפיסהניקעס,

אונטערשריפט פונעם אַרעסטאַנט 6582."

---

ניו־יאָרק, 20סטער נאָוועמבער, 1949.

„ליבער פריינט דזשאָו פאָול,

איך געדענק נאָך דעם שיינעם אָוונט וואָס מיר האָבן פאַרבראַכט ביי אייך אין אייער זייער אינטערעסאַנטן הויז, און מיר קומט אָפט אויס צו דערציילן פריינט, וואָס פאַר מערקווערדיק אינטערעסאַנטן מענטשן איך האָב געטראָפן אין פילאַדעלפיע, וואָס זיין נאָמען איז דזשאָו פאָול.

דעם בריוו ברענגט אייך אַ יונגער געלערנטער פון ישראל, ווו ער האָט באַקומען דעם ביאַליק־פריז פאַר ליטעראַטור. ער האָט אַ „פעלאָו־שיפ״ אין „דראָפּסי־קאָלעדזש״. זיין פרוי, מיט וועמען ער האָט ערשט געהייראַט, איז אויך פון ישראל. זי האָט ערשט געענדיקט קאָלומביאַ־אוניווערזיטעט אין ניו־יאָרק. ער ווייסט נישט צי ער זאָל וווינען אין פילאַדעלפיע, צי אין ניו־יאָרק. האָב איך אים געזאָגט, אַז ער זאָל פרעגן דזשאָו פאָול — און נעמען אַן עצה.

מט בעסטן גרוס פון מיין פרוי און פון מיר צו אייך און אייער פאַמיליע,

אייער (—) ב. צ. גאָלדבערג.״

---

קעמדען, 10/10, 1950.

„טייערער מר. פאָול,

איך האָב געהערט פון ווייַלאַנד די גוטע נייעס, אין וועלכע עס איז שווער פשוט צו גלייבן. מיר לעבן אין אַ צייט פון „ניסים״, אָבער דעם לעצטן נס דאַרף מען, קודם־כל, צושרייבן צו אייער גרויס האַרץ און אויסערגעוויינלעכע פעאיקייטן.

מיט די בעסטע ווונטשן און פיל דאַנק,

אייער איבערגעגעבענער

(—) ראַבאַי הערי קעלמאַן.״

---

יידישע צדקה־פעדעראַציע אין פילאַדעלפיע. 26סטער יולי 1951.

„טייערער דזשאָו,

ווי איר ווייסט פּלאַנט די יידישע צדקה־פעדעראַציע איינצואָרדענען די גאָלדענע יובל־אויסשטעלונג אין דער ערשטער וואָך פון חודש דעצעמבער. דאָס וועט געבן אַן אומגעווייגלעכע געלעגנהייט צו פאַרשטאַרקן די אייניקייט פון אונדזערע איינוווינער און צו באַווייזן דעם צושטייער, וואָס די יידישע קהילה האָט געגעבן אין משך פון די פאַרגאַנגענע יאָרן, און גיט ווייטער, צו אַלע פילאַדעלפיער אָן אונטערשייד פון ראַסע און גלויבן.

מאָנטיק, דעם 30סטן יולי, 12 אַזייגער נ״מ, רוף איך צונויף אַ פּרעלימינאַרן מיטינג פון אַ קלײנער צאָל פון די אָנפירנדיקע פּערזענלעכקייטן, כדי צו דיסקוטירן די פּלענער פאַר אַקטיוון אָנטייל אין דער אויסשטעלונג. איך וואָלט געוואָלט הערן אייער מיינונג ווי אַזוי דאָס קאָן געטאָן ווערן, ווי אויך האָבן אייער הילף ביים דורכפירן אונדזערע פּלענער.

מיט פריינטשאַפט,

אייער ביל גוירבער,
טשערמאַן פון אָרגאַניזאַציע־קאָמיטעט.״

---

גאָלדענער יובילייַ פון דער יידישער צדקה־פעדעראַציע אין פילאַדעלפיע.
יאַנואַר 3, 1952.

„טייערער מר. פּאָול,

איצט, ווען די גאָלדענע יובל־אויסשטעלונג פון דער יידישער צדקה־פעדעראַציע איז געקומען צום דערפאָלגרייכן סוף, ווילן מיר אויסנוצן די געלעגנהייט צו דאַנקען אייך פאַר אייער מיטהילף אין אונדזער גרויסער געמיינזאַמער אונטערנעמונג. די באַאַמטע און דער באָרד פון דער פעדעראַציע, ווי אויך די מיטגלידער פון דעם גאָלדענעם יובל־קאָמיטעט פילן, אַז דער ציל איז דערגרייכט געוואָרן. עס האָט מיט דערפאָלג דערנענטערט די פעדעראַציע צו די מיטגלידער פון אונדזער ישוב און די מיטגלידער פונעם ישוב — צו דער פעדעראַציע.

די אונטערנעמונג האָט שטאַרק פאַראייניקט אונדזערע מיטבירגער צו דינען איינער דעם צווייטן. עס האָט אָפּגעשפּיגלט די הויכע פאַראינטערעסירונג פון אונדזער גאַנצער געמיינשאַפט. מיט צופרידנקייט ווילן

מיר זיך טיילן מיט אייך מיט די דערגרייכונגען, אַדאַנק אייערע באַמי־אונגען און אונטערשטיצונג.

די אויסשטעלונג איז געווען אַ וויכטיקער שריט פאָראויס אויפן וועג צו בויען אַ שטאַרקערע און בעסערע יידישע קהילה; צו שאַפן אַ געזונ־טערן און גליקלעכערן לעבן פאַר אַלע איינוווינער פון אונדזער שטאָט. מיר ווייסן, אַז מיר קאָנען רעכענען אויף אייער אָנטייל אין פּלאַנירונג און דורכפירונג פון אונדזערע ווייטערדיקע פּראָגראַמען פאַר דעם דאָזיקן הויכן ציל.

מיט פריינטשאַפט,

סעמועל א. גאָלדבערג, יעקב צ. גוטמאַן, פּרעז־סיס ב. העריסאָן, קורט פעיזער, מיסעס דזשאָרדז מ. קאָהן, מיסעס הערי קאָהן, ראָבערט ט. קאָט־לער, וויליאַם מ. גוירבער, דוד מ. לענץ, ראָול ראָזענבאַום, הערי טאַקיף, עדווין וואָלף, דער 2טער."

---

וואַשינגטאָן.

קאָנגרעס פון די פאַראייניקטע שטאַטן, הויז פון רעפּרעזענטאַטיווס.

1952, 4טער פעברואַר.

מר. דזשאָו פּאָול, טשערמאַן פון באָרד פון דירעקטאָרס אין אַפּטאַון מושב זקנים אין פילאַדעלפיע.

"טייערער מר. פּאָול,

איך שרייב אייך אין שייכות מיט דער פרוי א. ה. פון רידזש אַוועניו, וועמענס טאָכטער האָט אַפּעלירט צו מיר, איך זאָל זיך באַמיען איר מו־טער זאָל קאָנען אויפגענומען ווערן אין "אַפּטאַון מושב זקנים". איך קען די משפחה פיל יאָרן און איך וואָלט אייך געווען זייער דאַנקבאַר פאַר אייער באַמיאונג, אַז זי זאָל דאָרט אָנגענומען ווערן. זייט אַזוי פריינט־לעך און שטעלט פאַר מיין פאַראינטערעסירונג מיט דער פרוי ה־ד צום "באָרד אָוו דירעקטאָרס" און, איך בעט אייך, זייט מיר מודיע וועגן אייער באַשלוס.

דאַנקענדיק אייך פאַר אייער קאָאָפּעראַציע, פאַרבלייב איך אייער אי־בערגעגעבענער,

(—) אוירל טשודאָף, קאָנגרעסמאַן."

---

עפנטלעכער דאַנק.

אין דער פילאַדעלפיער פּרעסע פונעם 7טן סעפּטעמבער 1952, געפינען מיר פאָלגנדיקס:

„מיר, די אונטערגעשריבענע, און אונדזער משפחה דריקן אויס אַ האַרציקן דאַנק צו דעם באַוווסטן געשעפטסמאַן און געזעלשאַפטלעכן טוער, יוסף פּאָול, פאַר זיינע גרויסע לייסטונגען אין אַראַנזשירן און דורכפירן די חתונה פון אונדזער איינציקער טאָכטער, ליליען. מר. פּאָול האָט גישט נאָר אַליין אַלץ צוגעגרייט, נאָר אויך געדעקט אַלע אויסגאַבן.

מר. און מיסעס מ. פרידמאַן און פאַמיליע."

---

אַ בריוו פון אַ פּראָטעסטאַנטישן גלח און אָנגעזעענעם געזעלשאַפטלעכן טוער אין פילאַדעלפיע — רעווערענד ד"ר לין באָומאַן:

4 דעצעמבער, 1952.

„מיין טייערער דזשאָו,

איך וויל אויסדריקן מיין גרויסן דאַנק צו אַלע מיטגלידער פונעם פרייטיקדיקן „דזשאָו פּאָול־קלוב" פאַר דעם וואַרעמען בריוו, וואָס איר האָט מיר געשיקט אין שפּיטאָל אַריין.

איך בין אַלעמאָל געווען אַ בעל־חוב צו די בכבודיקע בירגער פונעם קלוב און כ'האָב תמיד געוואָרט מ'יט אומגעדולד אויף דער שעה פון דער באַגעגעניש, וואָרעם די פריינטלעכע באַציאונג און די דיסקוסיעס, וואָס זענען דאָרט געפירט געוואָרן, זענען שטענדיק געווען סטימולירנדיק.

אין אַ קריטישער פאַר מ'ר שעה, האָט מיך דער דאָקטאָר, און מיין משפחה, אַוועקגענומען פון מיין אַרבעט און איבערגעפירט קיין האַריסבורג, נישט אָפּגעבנדיק זיך קיין דין וחשבון וועגן גרויסן שאָדן וואָס איך

האָב געליטן מיטן אַוועקגיין פונעם „דזשאָו פּאָול־סאַנקטואַריום״, אויף דער קאַלאָהיל גאַס.

איך לעב מיט דער האָפענונג, אַז די גרויסע פּריווילעגיע וואָס איז מיר צוגעטיילט געוואָרן, וועט מיר דינען אויף להבא, איך זאָל קאָנען זיין די פּרייטיקן צוזאַמען מיט די מענטשן, וועלכע איך האָב ליב, און זייער געזעלשאַפט פאַרשאַפט מיר פאַרגעניגן. גיט זיי, איך בעט אייך, איבער מיין גרויסע דאַנקבאַרקייט פאַר דער פאַרגאַנגענהייט און מיינע האָפענונגען פאַר דער צוקונפט. אייער געמיינזאַמער בריוו האָט מיך גע־רירט, אָבער נאָך מער — די אינדיווידועלע אונטערשריפטן, וועלכע האָבן געקלונגען ווי ריינע קלאַריאָן־טענער אין דער איינזאַמקייט פון מיין שפּי־טאָל־חדר.

מיט די וואַרעמסטע גריסן נישט נאָר פאַר די מענער, נאָר אויך פאַר אייער פרוי און טאָכטער. איר זאָלט אַלע געבענטשט זיין.

אייער איבערגעגעבענער און געטרייער,

(—) לין באָומאַן.״

---

פילאַדעלפיע. אַלבערט איינשטיין מעדיקל־צענטער.

18טער סעפּטעמבער, 1952.

„טייערער דזשאָו,

ווי תמיד, האָט איר אויך דאָסמאָל בייגעשטייערט אייער חלק פאַר די מענטשן, וואָס נייטיקן זיך אַזוי שטאַרק אין אַזאַ אויפמערקזאַמקייט.

איך וויל אייך באַדאַנקען פאַר די 6 סלאָיעס מיט געפילטע פיש און פאַרן סלאָי מיט זויערע אוגערקעס, וואָס וועט זיין פאַר די קראַנקע אַ טייל פון דער יום־טובדיקער וועטשערע, וואָס פאַלט אויס פרייטיק, דעם 19טן סעפּטעמבער. הלוואַי זאָלט איר אַלעמאָל זיין בכוח צו דינען דער קהילה. מיר ווינטשן אייך און אייער משפּחה אַ גליקלעך און געזונט ניי יאָר.

אייער איבערגעגעבענער

(—) הערמאַן גאָלדבערג, אַדמיניסטראַטאָר.״

---

ניו־יאָרק, 7טער סעפּטעמבער, 1953.

„טייערער דזשאָו פּאָול,

אייער שאַרף אויג באַמערקט אַלץ און איר פאָלגט נאָך אַלץ וואָס גייט אָן אין אונדזער קולטור־וועלט. איר גייט אויך אָן מיט אייער גרויסער אַרבעט פון העלפן דעם יחיד, נישט בלויז טראַכטן וועגן כלל — ווי אַזוי פיל פון אונדז טוען. קורץ, עס איז ווי איך האָב אַמאָל געזאָגט: עס איז דאָ נאָר איין דזשאָו פּאָול!

עס איז ערב ראש השנה, ווינטש איך אייך און אייער פאַמיליע אַ גוט און געזונט יאָר, און אַ סך גוטע און געזונטע יאָרן, וואָרעם די וועלט דאַרף אַזוינע מתעסקים פאַר אָרעמע און ליידנדע, ווי איר.

אייער (—) ב. צ. גאָלדבערג.״

---

י. פאַביאַן שרייבט אין ניו־יאָרקער „וואָכנבלאַט״ — 1953:

„מיר ווייסן פון דערפאַרונג, אַז וואָס מער אַ ייד קהלט זיך, קהלט אים קהל דאָפּלט. געענוג, אַז עס זאָל ווער אַ ריר טאָן מכלומרשט פאַר דער געזעלשאַפט מיט אַ פינגער אין אַ גלאָז וואַסער, און שוין לויפט עס איבער און פאַרגיסט אונדז און דערטרינקט אונדז ביז איבערן האַלדז.

איך בין זיכער, אַז איינער פון די זעלטענע אויסנאַמען איז דער באַקאַנטער טוער אין פילאַדעלפיע יוסף (דזשאָו) פּאָול, וועלכער האָט אָרויפּגעאַרבעט זיינע געזעלשאַפטלעכע מעשים צו אַזאַ הויך, וואָס אַזעלכעס האָט מען געטראָפן נאָר אין דער אַלטער היים. יוסף פּאָול איז גאָרנישט אין סטיל פון אַמעריקע — ער קומט צו אונדז ווי פון אַ פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט.

אויסרעכענען אַלץ וואָס פּאָול טוט, הייסט דערמאָנען די העלפט פון זיינע לעבנסיאָרן. דאָס זענען יאָרן פון אומאויפהערלעכן ראַנגלען זיך פאַר גוטס פון אַ צווייטן, פאַר אַ פריינט, אָדער גאָר פאַר אַ ווילד־פרעמדן. נישט בלויז שענקט פּאָול אַוועק זיך, זיין היים, וואָס איז אין פולן זין פון וואָרט אַ בית של אברהם אבינו.

פרעגט אַלע הונדערטער ניי־געקומענע יידן אין פילאַדעלפיע ווער

ס'האָט זיי געגעבן אַרבעט, געזוכט פאַר זיי אַרבעט, אַ דירה, אויסגעבאָרגט געלט ווען נייטיק, געמוטיקט ווען אַלע הימלען און אַלע מענטשן זענען געווען פרעמד, אויב נישט די אינסטיטוציע וואָס איר נאָמען איז — דזשאָו פּאָול. פרעגט די הונדערטער זקנים וואָס געפינען זיך אין „אָפּט־טאַונער מושב זקנים" אין פילאַדעלפיע ווער עס זאָרגט פאַר זיי, ווער עס קומט צו זיי אין די שפּעטע שעהן פון קאַלטע נעכט, אויב נישט דזשאָו פּאָול. פרעגט די אַרעסטאַנטן פון פענסילווייניער תפיסות ווער עס קומט צו אָט די אַרויסגעשטויסענע פון דער געזעלשאַפט, אויב נישט דזשאָו פּאָול.

רומפּול איז זיין אַרבעט פאַר יידישער קולטור, פאַרן יידישן בוך, פאַר אַלץ וואָס געפינט זיך אין רינג פון יידישער אויפמערקזאַמקייט, פון יידישער נויט סיי דאָ, סיי אין מדינת ישראל.

באַזונדער איז זיין מקריב זיין זיך צו ראַטעווען מענטשן ווען זיי געפינען זיך אין די העכסטע וואַסערן פון סכנה פאַר זייער לעבן. מענטשן, וואָס זוכן אַ האַנט וואָס זאָל נישט דערלאָזן, אַז זי זאָל אָפּגעשווענקט ווערן פון לעבנס־אויבערפלאַך — די האַנט איז תמיד דזשאָו פּאָול."

---

ניו־יאָרק, 1953.

אויסצוגן פון אַ בריוו פון אָשר פען צו דזשאָו פּאָול:

„...מיין שוואָגער, ווען איר געדענקט זיכער פון אַ פריערדיקער באַגעגעניש, טאַקע ביי אייך אין הויז, מיט אייניקע יאָר צוריק, האָט צו אייך אַ בקשה, וועגן וועלכער ער וועט אייך אַליין איבערגעבן. עס האַנדלט זיך וועגן אַרויסהעלפן אַ מענטשן, וואָס געפינט זיך אין אַ קריטישער לאַגע. איך בין זיכער, אַז איר, ליבער פריינט דזשאָו פּאָול, וועט טאָן אַלעס מעגלעכעס כדי בייהילפיק צו זיין דעם דאָזיקן מענטשן, וועלכער איז מיין שוואָגערס אַ פריינט.

איך דאַרף אייך נישט זאָגן, אַז אייער נאָמען און אייער גוטע אַר־בעט וואָס איר טוט לטובת הכלל, גרייכט אַזש קיין ניו־יאָרק און מענטשן ווייסן, ווער דזשאָו פּאָול איז. איך געדענק אייך גוט פון די צייטן ווען

די יידן, וואָס זענען געלאָפן פון היטלעריזם, האָבן אין אייער פריינט־שאַפט געקראָגן אַ גרויסן אָנשפּאַר. טוט דאָס בעסטע וואָס איר קענט.

מיט פיל פריינטשאַפט, אייער

(—) אשר פען."

---

וואַשינגטאָן.

קאָנגרעס פון די פאַראייניקטע שטאַטן, הויז פון רעפּרעזענטאַטיווס.

אויגוסט 26, 1953.

„טייערער מר. פּאָול,

איך דאַנק אייך זייער שטאַרק פאַר אייער בריוו פונעם 26סטן ד. ח. אין שייכות מיט דעם ענין אַדאָלף סטיינער, אין וועלכן איך בין ספּעציעל פאַראינטערעסירט. איך וויל אייך אויסדריקן מיין דאַנקבאַרקייט פאַר אייער פריינטלעכקייט, וועלכע איר האָט מיר אַרויסגעוויזן. איך וועל גע־וויס הויך אָפּשאַצן אייער באַמיאונג אים אַריינצונעמען אין „אָפּטאָון מושב זקנים", ביי דער ערשטער געלעגנהייט.

מיט פריינטלעכע פערזענלעכע גריסן, פאַרבלייב איך אייער איבער־געגעבענער

(—) אוירל טשודאָף, קאָנגרעסמאַן."

---

פילאַדעלפיע.

שטאַט־פאַרוואַלטונג, 3טער דיסטריקט. אָקטאָבער 8, 1954.

„טייערער דזשאָ,

איך שרייב אייך וועגן יוסף לעוויט, וועלכער ליגט איצט אין פילאַ־דעלפיער דזשענעראַל־האָספּיטאַל און ווען איך וואָלט געוואָלט, אויב עס איז מעגלעך, ער זאָל צוגענומען ווערן אין דעם „אָפּטאָון מושב זקנים".

מר. ל־ס זון איז אַ מיטגליד פון „אַמאַלגאַמייטעד קלאָדינג וואָרקערס" פון אַמעריקע, און וואָס איר וועט טאָן פאַר אים וועט ווי געהעריק אָפּגעשאַצט ווערן דורך דער יוניאָן און דורך מיר פערזענלעך.

מיט די בעסטע ווונטשן פאַר אַ גליקלעך ניי יאָר און גרוסן פאַר פרוי פּאָול, פאַרבלייב איך

אייער איבערגעגעבענער,

(—) הערי נאָרוויטש."

---

סידני, אויסטראַליע.

נאָוועמבער 4, 1955.

„מיין טייערער פריינט,

איך דאַנק אייך פאַר אייער בריוו פונעם 27סטן אָקטאָבער און דעם בריוו, געשריבן אין יידיש, פונעם 30סטן אָקטאָבער. איך ענטפער אייך אויף ענגליש, אַזוי אַז איר וועט אים קאָנען ווייזן מיין זון. איר זענט ווי אַ מלאך פאַר אונדז וואָס איר גיט אונדז צו וויסן וועגן אונדזער זונס צושטאַנד, נאָך דער אָפּעראַציע. איך וואַרט אויף אַ בריוו יעדן פרימאָרגן און איר האָט אונדז פאַרשפּאָרט אַ סך צער, געבנדיק אונדז גוטע האָפע־נונגען.

די לעצטע וואָכן זענען געווען פאַר אונדז ווי „יום־כיפור״ — איין לאַנגער טאָג פון מתפלל זיין און וואַרטן אויפן „שופר״, וואָס זאָל אונדז מודיע זיין וועגן סוף פון וואַרטן אויף גוטע ידיעות.

מיר בעטן און האָפן צו גאָט, אַז ער וועט אים שוינען און צוריקשיקן אים צו אונדז אַ געזונטן. איר טוט אַ נאָבעלע אַרבעט און זאָל אייך גאָט געבן כוח ווייטער אָנצוגיין מיט איר און האָבן פון איר באַפרידיקונג. איך האָב נישט גענוג ווערטער אויסצודריקן מיין דאַנקבאַרקייט פאַר אייער הילף, וואָס איר שענקט אונדז און אונדזער זון.

איך לעב נאָר מיט דער האָפענונג, אַז עס וועט קומען דער טאָג און איך וועל האָבן די געלעגנהייט אייך פערזענלעך צו טרעפן און קאָנען אױ־בערגעבן אונדזער דאַנקברקייט צו אייך.

מיט די בעסטע גרוסן פון מיין גאַנצער משפחה, פאַרבלייב איך,

אייער פריינט (—) הערי שאַגלין.״

---

סידני, אויסטראַליע.

21סטער דעצעמבער, 1955.

„טייערער מר. פּאָול,

איך דאַנק אייך האַרציק פאַר אייער בריוו פונעם 9טן ד. ח. איך האָב גערעדט מיט פרוי ש. זי איז, פאַרשטייט זיך, באַזאָרגט אָבער די גוט־האַרציקייט וואָס איר און אייערע פריינט האָבן אַרויסגעוויזן צו איר זון,

איז אַ גרויסע טרייסט פאַר איר. מר. ש. וועט איצט זען מיט זיינע איי־גענע אויגן ווי די לאַגע שטעלט זיך פאָר. איך וועל בעטן צו גאָט פאַר אַ רפואה שלימה פאַר דעם פיינעם יונגמאַן.

איך האָב געהערט וועגן אייך זייער אַ סך. זאָל אייך גאָט בענטשן פאַר אייער גוט האַרץ און פאַר די גרויסע מצוות וואָס איר טוט. די משפחה פון ד״ר ש. איז דאָ זייער הויך געשעצט.

איך דאַנק אייך פאַר אַלצדינג און, איך בעט אייך, גיט איבער אונ־דזער דאַנקבאַרקייט צו אייערע פריינט און צום ד״ר שפיגעל.

הלוואַי זאָלן מיר הערן פון אייך וואָס גיכער גוטע בשורות.

מיט פריינטשאַפט, אייער

(—) ראַבאַי ד״ר י. פּאָרוש.״

---

קאַראַקאַס, ווענעצועלאַ.

31סטער אָקטאָבער, 1955.

„ליבער פריינט דזשאָו פּאָול,

אין לימאַ, פּערו, האָט מען מיר איבערגעגעבן אַ גרוס פון אייך — אַ שוואָגער פון אַ פרוי וועמען איר האָט געהאָלפן. אַ געזונט אויף אייך, פריינט פּאָול, וואָס איר טוט און וואָס איר העלפט אַלע ניי־געקומענע זיך שטעלן אויף די פיס.

האַרציקע גריסן, אייער

(—) יהודה עלבערג.״

---

פילאַדעלפיע.

אַלבערט איינשטיין מעדיקל־צענטער.

דעצעמבער 23, 1955.

„טייערער מר. פּאָול,

אייער פאַראינטערעסירונג מיט אונדזער מעדיצינישער ביבליאָטעק פאַרשאַפט אונדז אַ סך פרייד. מיר שטעלן אַריין אייער צוגעשיקט בוך אין דעם קאַטאַלאָג פון דער היסטאָרישער גרופּע. צוליב זיין זעלטנקייט

וועט דאָס בוך זיין, אָן שום צווייפל, אויסערגעוויינלעך אינטערעסאַנט פאַר די סטודענטן פון מעדיציניִשער געשיכטע.

נעמט צו מיין פערזענלעכן דאַנק און די בעסטע ווונטשן פאַר אַ גליקלעך ניי יאָר.

מיט פריינטשאַפט,

(—) ד״ר מאָריס מושקאַט

טשערמאַן פון ביבליאָטעק־קאָמיטעט.״

---

בוענאָס איירעס, אַרגענטינע.

„דווקא״ (דריי־חדשים שריפט פאַר ליטעראַטור און קריטיק) שלמה סוסקאָוויטש שרייבט צו אַ ניו־יאָרקער פריינט, צווישן אַנדערן:

„דעם פריינט י. פּאָול האָב איך אַרויסגעשיקט 8 עקזעמפּלאַרן, צווישן זיי אויך די נומערן, וואָס זענען געווען געווידמעט ספּינאָזאַ, בערגסאָן, רמב״ם, יהודה הלוי, איינשטיין. הגם דעם רמב״ם־נומער האָב איך שוין נישט, האָב איך דאָך געשיקט פון די לעצטע. עס פרייט מיך זייער וואָס עס זענען ביי אונדז פאַראַן אַזעלכע אינטערעסאַנטע יידן מיט אַזויפיל גוטע מידות, ווי דאָס איז דער פריינט פּאָול. זאָל אים גאָט געבן כוחות ער זאָל אַ סך יאָרן אָנגיין מיט זיין הייליקער אַרבעט.״

---

ניו־יאָרק, 6טער נאָוועמבער, 1956.

„מיין ליבער פריינט דזשאָו,

איך מוז אייך זאָגן, אַז דער אָוונט, וואָס איך האָב פאַרבראַכט מיט די טייערע פּוילישע יידן, האָט זיך מיר טיף איינגעקריצט אין מיין זכרון און איך וואַרט באמת אויף אַ געלעגנהייט, כדי ווידעראַמאָל צו קומען אין אייער שטאָט און אין דער ערשטער ריי, כדי צו קענען מיט אייך פאַר־ברענגען לענגער.

ווי איך האָב שוין געזאָגט, בין איך איבערצייגט, אַז אייערע דער־פאַרונגען פון אַ האַלבן יאָרהונדערט יידיש לעבן און אייערע באַגעגענישן

מיט אַזויפיל קאָלירפולע יידישע פּערזענלעכקייטן, דאַרפן אומבאַדינגט ווערן פאַרפּיקסירט. די מעמואַרן־ליטעראַטור איז ביי אונדז זייער אָרעם און יעדער צושטייער אויף דעם געביט איז ממש אַ פליכט.

איך בעט אייך אומבאַדינגט, אַז בעת אייער באַזוך אין ניו־יאָרק זאָלט איר זיך שטעלן מיט מיר אין פאַרבינדונג, כדי איך זאָל קאָנען כאָטש טיילווייז אייך אָפּדאַנקען פאַר דער פריינטשאַפט, וואָס איר האָט מיר אַרויסגעוויזן.

אייער, ש. ל. שניידערמאַן.״

---

ניו־יאָרק, נאָוועמבער 12, 1956.

„מיין ליבער פריינט דזשאָו פאָול,

דערהאַלטן אייער בריוו. אַ דאַנק. דעם בייגעלייגטן בריוו האָב איך דורכגעלייענט און איך שיק אים אייך דאָ צוריק, אַזוי ווי איר פאַרלאַנגט.

דער בריוו איז אַ דאָקומענט פון אייער איבערגעגעבנקייט צום יידישן שרייבער און אייער ליבשאַפט צום יידישן וואָרט. איבעריקנס, איך פאַר־זענלעך קען אייער עקשנותדיקע געזעלשאַפטלעכע אַרבעט אַפילו אָן דעם דאָזיקן בריוו. איך ווייס וואָס איר האָט געטאָן פאַר די ניי־געקומענע אין פילאַדעלפיע, וועלכע זענען געווען הילפלאָז ווי קינדער, און איך ווייס וואָס איר טוט פאַר זקנים, וואָס זענען אויך הילפלאָז ווי קינדער. איך ווינטש אייך, אַז אייער ענערגיע זאָל נאָך האַלטן לאַנגע, לאַנגע יאָרן.

וואָס שייך אייער אַרבעט לטובת דעם יידישן בוך, איז עס אַ קאַפּיטל פאַר זיך. איר האָט אַ שוואַכקייט צו יידישע שרייבער, אָבער איר דאַרפט וויסן, אַז יידישע שרייבער וואָס קענען אייך, האָבן אויך אַ שוואַכקייט צו אייך. עס איז דאָך דערגאַנגען דערצו, אַז איר זענט דער „שטילער פאָב־לישער״ פון אַלע יידישע ביכער. עס וואָלט גאָרנישט געווען קרום, ווען מ׳זאָל אויפשרייבן אויפן שערבלאַט פון יעדן יידישן בוך — „דזשאָו פאָול — פאַרלאַג״!

איך וויל אייך נישט מאַכן אַזויפיל קאָמפּלימענטן אין איין בריוו, — לאָמיר איבערלאָזן אַביסל פאַר אַן אַנדערן בריוו. איך פאַרלאַנג אָבער, מיין ליבער דזשאָו פאָול, איין זאַך פון אייך: טייטשט נישט אויס, אַז די

דאַנקבאַרע ווערטער וואָס איך שרייב אייך, האָבן אַ צוזאַמענהאַנג דערמיט, וואָס איר העלפט פאַרשפרייטן מיין בוך אין פילאַדעלפיע. אייער נאָמען ווי אַן ערלעכער, האַרציקער, פאָלקסטימלעכער ייד איז פאַר מיר שטאָל און אייזן און איך מעסט אייך נישט מיט דער מאָס פון מיינע ביכער. טאָ לאָמיך הערן פון אייך אָפט. איר האָט אין מיר אַ גוטן פריינט, זאָלט איר וויסן! ווען קומט איר קיין ניו־יאָרק? איך וויל איר זאָלט זיין מיין גאַסט. די בעסטע גרוסן פון מיין פאַמיליע פאַר אייער פאַמיליע.

אייער איבערגעגעבענער,

(—) משה נודעלמאַן."

---

ישיבה ד'פילאַדעלפיע.

פעברואַר 21, 1957.

„דער פאַקולטעט און די סטודענטן פון דער פילאַדעלפיער ישיבה דריקן אייך אויס זייער טיפסטע דאַנקבאַרקייט פאַר דערפילן זייער ווונטש צו האָבן אַן עלעקטרישע פלייש־מיל.

מר. פאָול, איך בין זיכער אַז איר ווייסט, אַז נאָר אַדאַנק דער קאָאָ־פּעראַציע און וואַרעמע הערצער פון אַזעלכע מענטשן ווי איר זענט, קאָן אַזאַ אינסטיטוציע ווי די ישיבה עקזיסטירן.

זאָל אייך און אייערע מיטמענטשן גאָט בענטשן מיט געזונט און גליק, אַז איר זאָלט ווייטער זיין בכוח צו פירן אייער גלאָרייכע אַרבעט פאַר צדקה.

מיט תורה־גרוסן, פאַרבלייב איך אייער

(—) ראַבאַי בערנאַרד ריבאַק,
עקזעקוטיוו־דירעקטאָר."

---

סינסינעטי, אָהאַיאָ.

12טער אַפּריל, 1957.

אַמעריקאַנער יידישער אַרכיוו.

„טייערער דזשאָ,

איך בעט אייך אָנצונעמען מיין דאַנק פאַר דער פריינטלעכקייט, וועלכע איר האָט מיר אַרויסגעוויזן בעת מיין זיין אין פילאַדעלפיע.

איך שעץ הויך אָפּ אַלץ וואָס איר האָט געטאָן לטובת די שייפער־קאָלעקציע פון יידישע צייטונגען און צייטשריפטן, וועלכע ווען איבער־געגעבן ווערן דעם „היברו יוניאָן קאָלעדזש לייברערי" (יידישער קאָלעדזש־ביבליאָטעק).

דער דאָזיקער בריוו דריקט אויס מיין פערזענלעכן דאַנק, אָבער איר וועט נאָך דערהאַלטן אַן אָפיציעלן בריוו מיט דאַנק־אויסדרוקן פאַר אייער אַרבעט ביים העלפן אויפצוהאַלטן איינס פון די רייכסטע קולטור־קוואַלן וועגן אַמעריקאַנער יידישן לעבן.

אייער,

(—) מעקסוויל וויטמאַן,

אַסיסטענט־דירעקטאָר פונעם אַרכיוו."

---

„פאָרווערטס" — ניו־יאָרק.

27סטער אויגוסט, 1957.

י. „ קייטעלמאַן שרייבט:

„מיט אַ פאָר טעג צוריק בין איך געווען אויף אַן איינטאָגיקן באַזוך אין פילאַדעלפיע. איך האָב דאָרט מיט דריי יאָר צוריק געוווינט, און מיר איז אין שטאָט פאַרבליבן אַ פריינט — אַ ייד אַ כלל־טוער, אַ מענטש וואָס האָט מער אויפגעטאָן אַריינצוברענגען אין אַמעריקע פליטים־קרבנות פון נאַציזם, ווי נישט איין אָרגאַניזאַציע האָט דאָס געטאָן. אַחוץ דעם איז איז עס אַ ייד, וואָס עס איז נישט פאַראַן איין פעלד פון כלל־טועריי, ווו זיין האַנט זאָל נישט זיין אין מיטן מיט הילף.

ער האָט אויך אַ שוואַכקייט צום יידישן וואָרט און יעדער יידישער שרייבער, וואָס גיט אַרויס אָדער האָט ווען אַרויסגעגעבן אַ יידיש בוך, קען אים און ווייסט, אַז דאָס בוך זיינס געפינט זיך ביי דעם מענטש אין שטוב. אין די תפיסות — די „פריזאָנס" פון פענסילווועניע — גייען אַרום וועגן אים לעגענדעס. זיינע זכרונות וועגן די פענסילווועינער תפיסות זע־נען ממש אַן אוצר און אַ שטיק יידישע געשיכטע אין אַמעריקע ווען אי־

מיגראַנטן, אָרעמע און נאַקעטע, פֿאַרצווייפֿלטע, געטריבן פֿון נויט, זענען אַריינגעפֿאַלן אין געפֿענגעניש און אָפֿט געבליבן דאָרט זייער גאַנץ לעבן.

...מען דאַרף זיין ביי דעם ייד אין שטוב, רעדן מיט אים, כדי צו באַנעמען וואָס ער האָט אַלץ אויפֿגעטאָן אין זיין לעבן — זיין נאָמען איז דזשאָ פֿאָול.״

---

ישיבה ד׳פילאַדעלפיע.

1957.

„טייערער מר. פֿאָול,

מיר ווילן אייך אויסדריקן אונדזער האַרציקסטן דאַנק פֿאַר אייער מתנה פֿון גמראס. מיר שאַצן אָפּ אייער אמתדיקע תורהדיקע פֿאַראינטערעסירונג מיט אונדזער ישיבה. זאָל דער אַלמעכטיקער גאָט אייך בענטשן און געבן די מעגלעכקייט ווייטער אָנצוגיין מיט אייער נאָבעלער אַרבעט.

אייער איבערגעגעבענער,

תלמוד־סעמינאַר.״

---

פילאַדעלפיע.

דראַפּסי־קאַלעדזש.

27סטער נאָוועמבער, 1957.

„טייערער מר. פֿאָול,

אין נאָמען פֿון באָרד אָוו גאָווערנערס און דעם פֿאַקולטעט פֿון „דראַפּסי־קאַלעדזש״ דריק איך אייך אויס אַ דאַנק פֿאַר די ביכער, וואָס איר האָט געגעבן אונדזער ביבליאָטעק. איך פֿאַרזיכער אייך, אַז די ביכער וועלן אונדז זייער צונוצקומען און אייער גרויסמוטיקע מתנה וועט זיין באַצייכנט מיט אייער נאָמען.

מיט פֿריינטשאַפֿט, אייער

(—) דזשאָזעף רעידער,

ביבליאָטעקאַר.״

---

קאָנסולאַט פון דער דאָמיניקאַנער רעפובליק.

פילאַדעלפיע, 7טער מאַי, 1954.

„טייערער דזשאָו,

איך קען נישט קיין מענטש, וואָס זאָל טאָן מער פאַר די אומגליק־לעכע אין פילאַדעלפיע, ווי איר. איך בין זיכער, אַז איר ווערט דערגרייכן דעם זעלביקן אָרט פון אומשטערבלעכקייט, ווי עס האָבן אין די פריערדי־קע יאָרן דערגרייכט בילל פּאָרטנער, אַל. לייט און אַנדערע פון דעם מין. איך האָף, אַז איר וועט ווייטער אָנגיין מיט אייער פיינער אַרבעט, וואָס איר טוט און איך פאַרזיכער אייך, אַז אייער אַרבעט ווערט זייער הויך אָפּגעשאַצט.

מיט די בעסטע גרוסן,

קאָנסול פון דער דאָמיניקאַנער רעפובליק.״

(—) ראָבערט ד. אייבראַהאַמס.

---

יוסטיץ־דעפּאַרטאַמענט, אויסבעסערונגס־ביוראָ

איסטערן סטייט פּעניטענטשערי (פילאַדעלפיער תפיסה)

3טער אַפּריל, 1957.

„טייערער דזשאָו,

ווי איר ווייסט האָט אַלפרעד וו. פליישער געדינט אַלס דער „טשער־מאַן אָוו דע באָרד״ פון דער אינסטיטוציע און געדינט אויסגעצייכנט. ער איז געווען באַקאַנט פאַר זיין וווּנדערבאַרער פילאַנטראָפּישער אַרבעט, פאַר זיין פאַרשטענדעניש פאַר די איינוווינער פון דער אינסטיטוציע, אָפּ־געבנדיק זיי אַ סך צייט און העלפנדיק פינאַנציעל.

אייער נישט־דורכשניטלעכע, גלענצנדיקע אַרבעט האָט אייך גע־בראַכט די אויסצייכענונג פון „מאַן פון חודש״ אין יאָר 1949. איר טוט אייער גוטע אַרבעט, נישט וואַרטנדיק אויף אויסצייכענונגען אָדער קאָמ־פּלימענטן; אייך זענען באַקאַנט אַנטוישונגען, דאָך האַלט איר אונטער דעם גלויבן אין מענטש, פילנדיק אַז אין יעדן מענטש איז פאַראַן עפּעס גוטס, אויב מען גיט אים אַ מעגלעכקייט דאָס צו באַווייזן.

ווייל איר האָט איבערגענומען מר. פליישערס פילאָזאָפיע אין משך

פון איבער 20 יאָר, און ווייל מיר פילן אַז איר האָט עס אַמבעסטן פאַר־דינט, פּרעזענטירן מיר אייך דעם אייל־פּאָרטרעט פון מר. פליישער.

איך גלייב, אַז איך לייען אַראָפּ דעם שמייכל פון צושטימונג פון דער מאָלעריי פון מר. פליישער.

אייער איבערגעגעבענער,

(—) ווילִיאַם באַנמיללער.״

---

אַ בריוו, וואָס דער וויים־פּרעזידענט פונעם אינטערנאַציאָנאַלן „בני ברית״ און ג. ראַטגעבער פון די פאַראייניקטע פעלקער־אָרגאַניזאַציע, וויליאַם ב. גוירבער, האָט קורץ פאַר זיין פּריצייטיקן טויט, געשריבן צו דזשאָו פאָול:

„טייערער דזשאָו,

איר זענט איינער פון גאָטס נאָבעלע מענטשן, וועלכע איך קען און עס איז פאַר מיר אַ גרויסע פּריווילעגיע צו זיין מיט אייך פאַרבונדן אַזוי פיל יאָרן אין דער אַרבעט, וואָס מיינט אַזויפיל פאַר אונדז ביידן.

גרויסע און קליינע, רייכע און אָרעמע מענער, פרויען און קינדער האָבן, אין פאַרשיידענע צייטן, זיך געניייטיקט אין הילף, וואָס נאָר דזשאָו פאָול קאָן געבן.

אויף דער גאַנצער גאָרער וועלט געפינען זיך מענטשן, וועמען איר האָט געשאָנקען אייער פריינטשאַפט.

און ווי שנעל איר האַנדלט. איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן ווי שנעל איר האָט אַרויסגענומען אַ קליין אַלט ווייבל, וואָס האָט געלעבט איינזאַם אין אַ שמוציקער, העסלעכער דירה פון אַ הויז, וואָס איז געווען אויסגעליידיקט און פאַרלאָזן. איר האָט געראַטעוועט דאָס נעבעכדיקע באַשעפעניש מיט אַלע דורך אייך אָרגאַניזירטע סאָציאַלע אַגענטורן. איר האָט עס געטאָן נישט נאָר מיטן וויסן פונעם „פעמילי סוירוויס״, נאָר אויף זייער ספּעציעלער בקשה.

אייערע אומצאָליקע באַווייזן פון גוטסקייט, וואָס איר האָט מיר אַרויסגעוויזן אין צייט פון מיין לאַנגער קראַנקייט, לאָזט מיך איבער אַן אייביקן בעל־חוב צו אייך.

אַ מאָדנע זאַך, דזשאָו, איך וואָס האָב קיינמאָל נישט ליב געהאַט צו בלייבן אַ בעל־חוב צו קיינעם, געפין די גייע דערפאַרונג מיט אייך סיי דערמוטנדיק און סיי דערפרישנדיק פאַר מיר.

מיר ביידע האָבן זיך קיינמאָל נישט געגייטיקט אין אַ בריוולעכן אויסטויש צווישן אונדז, אָבער איצט פיל איך אַ דראַנג שריפטלעך אויס־צודריקן עטלעכע געדאַנקען, וואָס זענען מיר געקומען אין זינען היינט בייטאָג, און צו דאַנקען אייך און אַנאַ פון דער טיפעניש פון מיין האַרץ. טייערסטע, זאָל גאָט אייך און אייערע נאָענטסטע בענטשן און שענקען געזונט און גליק. קלאַראַ, וואָס איז איצט מיין רעכטע האַנט, פאַראייניקט זיך מיט מיר אין אויסדרוק פון געפילן.

מיט פריינטשאַפט,

(—) בילל גוירבער.

פילאַדעלפיע, דעם 21סטן אויגוסט, 1954.״

---

## סערטיפיקאַט פאַר לויבנסווירדיקער דינסט פרעזענטירט צו דזשאָו פאָול

אין אָנערקענונג פאַר איבערגעגעבענער דינסט און אומדערמידלע־כער אָנשטרענגונג לטובת די אַלע, וועלכע האָבן געגאָסן פון גייסטיקער און מאַטעריעלער הילף פון דער „דזשואיש קאָמיוניטי טשאַפּלענסי סויר־וויס״ ביי דער פעדעראַציע פון דער יידישער אַגענטור אין פילאַדעלפיע.

אונטערגעשריבן:

(—) דוד ה. ווייס, טשערמאַן; (—) א. ל. פריד־מאַן, פרעזידענט; (—) מערווין נעיטן, טשאַפּ־לען; (—) דוד מ. וואַכטפאָגעל, פרעזידענט פון „באָרד אָוו ראַבאַיס״.

יוני, דעם 12טן, 1957.

---

„טיימז־זשורנאַל“, ווײַנלאַנד, נ״ו דזשוירסי, 2טער אַפּריל, 1958.

„אַ גרויסע צאָל פּריינט פון דזשאָו פּאָול, וועלכע געפינען זיך אין ווײַנלאַנד און אין דער אומגעגנט, האָבן זונטיק בייגאַכט איינגעאָרדנט, אין ווײַנלאַנדער צענטער, אַן אָוונט כדי צו באַערן דעם פּילאַדעלפיער הו־מאַניטאַר, דזשאָו פּאָול, לכבוד דעם 45יעריקן יובל פון זיין הילפס־ און פילאַנטראָפּישער אַרבעט.

דזשאָו פּאָול האָט, צווישן אַנדערע, געהאָלפן איינאָרדענען פיל ניי־געקומענע, וועלכע געפינען זיך אין ווײַנלאַנד און אין דער אומגעגנט.

די הויפּטרעדע האָט געהאַלטן פרוי העלען דאַלאָטאַ און זי האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף די גרויסע פאַרדינסטן פונעם ערן־גאַסט דזשאָו פּאָול. דער ווײַנלאַנדער באַנקעט איז אייגנטלעך געווען דער המשך פונעם „טעס־טימאָניעל־דינער“, וואָס מען האָט פאַר דזשאָו אַראַנזשירט אין פּילאַדעל־פיער בראָדוויוד־האָטעל.

צווישן די פיל געסט וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין באַנקעט זענען געווען אויך עליזאַבעט בלעקמאַן — די פּרעזידענטין פונעם „אַפּטאַון מושב זקנים“ אין פּילאַדעלפיע, סעסיל פראַנק — סעקרעטאַר פון דער „האָום“, די אַדוואָקאַטן פיליפּ ל. ליפּמאַן און האַרי לעווין; אשר העכט־קאָפּף און סאָל פינקעלשטיין — דער היינטיקער און געוועזענער פּרעזי־דענט פון דעם יידישן „עופות־פאַרם־פאַרבאַנד“; מאַלי לאַזאַר — וויצע־פּרעזידענטין פון יידישן פרויען הילפס־פאַראיין.

אין נאָמען פון די ווײַנלאַנדער פריינט האָט מוסיאַ דייכעס איבער־געגעבן דזשאָו פּאָול אַ שיינע מתנה.

דער באַנקעט איז געוואָרן צוגעגרייט פון אַ ספּעציעלן קאָמיטעט, בראש מיט פרוי אייב אַקערמאַן.“

---

סוף.

## פון יאָנאַס טורקאָוו ביז איצט דערשינען
## פאָלגנדיקע ביכער:

אַזוי איז עס געווען... (חורבן וואַרשע), בוענאָס־איירעס, 1948.

אין קאַמף פאַרן לעבן, בוענאָס־איירעס, 1949.

פאַרלאָשענע שטערן (צוויי בענד), בוענאָס־איירעס, 1953.
(פרעמירט דורך דער צבי קעסעל ליטעראַטור־פרעמיע, מעקסיקע 1954).

נאָך דער באַפרייאונג (זכרונות), בוענאָס־איירעס, 1959.

